# די וויכטיקסטע פיגורן און מאָמענטן אין דער אידישער געשיכטע

פון פאַנאַנדערפאַל פון דער פערסישער מלוכה
ביז צו דער צייט פון די מתייוונים

(עסייען, שטודיען און אַנאַליזן)

פון

## ש. צ. זעצער

פאַרלאַג „דאָס וואָרט" ביבליאָטעק
ניו-יאָרק
1954

## פון זעלבן מחבר:




S. H. SETZER

175 Broadway (Room 801), New York 2, N. Y.

Tel. ORchard 4-3163





Printed by Futuro Press, 476 Broadway, New York

200

## א

# דער פאַנאַנדערפאַל פון דער פערסישער אימפעריע

כורש מלך פרס און אלכסנדר מוקדון.. — דער טריאומפירנדער עראָבערונגס־מאַרש פון לעצטן. — דער טויט־קלאַפּ, וואָס ער האָט דעם לעצטן פערסישן קעניג, דעם לעצטן דריוש, געגעבן. — די אַלעגאָרישע זעאונגען, וואָס געפינען זיך אין ספר „דניאל" וועגן די מלחמות און נצחונות פון אלכסנדר מוקדון. — דער מחבר פון ספר באַצייכנט אים אַלס „מלך גבור ומשל ממשל רב כרצונו". — די גייסטיקע ענדערונגען, וואָס זיינען דעמאָלט צוזאַמען מיט די פּאָליטישע ענדערונגען געגאַנגען. — דער סינטעז צווישן מזרח און מערב. — די געשטאַלטונג פון דער היינטיקער גריכיש־רוימיש־אידישער ציוויליזאַציע האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן.

מיט פיל מער קראַפט, מיט פיל גרעסערן אימפעט, ווי עס איז דער טריאומף־צוג פון די פערסער געווען מיט עטלעכע צענדליק יאָר נאָכדעם, וואָס די אידן זיינען אין בבל פאַרטריבן געוואָרן, די דעמאָלט באַקאַנטע וועלט אונטער זייער הערשאַפט צו שטעלן, איז געווען איצט, אין דער עפּאָכע, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, אין דער עפּאָכע פון דעם פאַנאַנדערפאַלן פון פערסיע, דער טריאומף־צוג פון די גריכן אין זייערע וועלט־דעראָבערונגען.

גרויס, ווי עס איז ניט געווען כורש מלך פרס אַלס קריגס־העלד, האָט ער אָבער דאָך קיינמאָל ניט באַוויזן אָט יענעם גרויסן כח, וועלכן אלכסנדר מוקדון האָט אויף דעם שלאַכטפעלד באַוויזן.

גרויס, ווי עס זיינען ניט געווען זיינע אַמביציעס, ער זאָל אַ וועלט־הערשער ווערן, ער זאָל וואָס מער לענדער און פעלקער אונטער זיין הערשאַפט פאַראייניקן, האָבן זיי זיך דאָך אָבער ניט אויף אַזוינע מעכטיגע אָדלער פליגלען אין ווייטע הויכקייטן געטראָגן, ווי עס איז דער פאַל מיט די אימפעריאַליסטישע אַמביציעס פון אַלעקסאַנדער מוקדון געווען. עס איז זיין לעבנס־שטרעבונג געווען, ער זאָל איין

גרויסע וועלט מאָנאַרכיע באַשאַפן, איבער וועלכער ער זאָל דער קעניג און הערשער זיין.

און ער האָט אויך די אַלע אייגנשאַפטן געהאַט, וואָס זאָלן אים פעאיק מאַכן אַ וועלט־הערשער צו זיין.

זיין מוט, געוואַגטקייט, פאַרנעם גרויסער, זיינע געניאַלע פעאיקייטן אַלס קעמפער אויפן שלאַכטפעלד, אַלס פירער פון ריזיקע אַרמייען, זיינען ניט נאָר דער גורם געווען, ער זאָל גרויסע מלחמות אונטער־נעמען, ער זאָל זיך פאַרנעמען אויף אַ פאַרזוך די וועלט צו באַהערשן, נאָר זיינען אויך די גאַראַנטיע געווען, אַז ער וועט פון די דאָזיקע אַלע גרויסע מלחמות אַלס זיגער אַרויסקומען, אַז זיין פאַרזוך וועט זיך מיט דערפאָלג קרוינען.

און ווירקלעך, ווי גרויס עס זיינען די פעאיקייטן זיינע אַלס קריגס־העלד געווען, אַזוי גרויס איז אויך געווען דער דערפאָלג פון זיינע קריגערישע אונטערנעמונגען. ווי גרויס עס זיינען געווען זיינע אַמביציעס פון וועלט־באַהערשונג, אַזוי גרויס איז אויך געווען די מאָס, אין וועלכער זיי זיינען פון אים רעאַליזירט געוואָרן.

די אַלע מלחמות, וואָס ער האָט אָנגעפירט, זיינען אַלע אַן אומ־אונטערבראָכענע קייט געווען פון זיגרייכע דעראָבערונגען, אַ טריאומ־פירנדער מאַרש פון אַ זיגער, פאַר וועלכן עס פאַלן פאַנאַנדער די אַלע צאַמען, וואָס געפינען זיך אויף זיין וועג.

אויף די חורבות פון דער פערסישער וועלט־באַהערשונג איז אַ נייע וועלט־מאַכט אויפגעשטאַנען, אַ פיל גרעסערע, אַ פיל קרעפטי־קערע, די גריכיש־מאַקעדאָנישע, וועלכע האָט אַ נייע בלאַט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט אָנגעהויבן.

אין צוויי שלאַכטן האָט ער אַ טויט־קלאַפּ געגעבן דער באַרג אַראָפּ־גייענדיקער פערסישער מאָנאַרכיע. קליין אַזיע, סיריע און פעניציע, אַלע זיינען זיי צעטראָטענע פאַר זיינע פיס געלעגן. קעניגרייכן און פרינצן האָבן קניענדיק און בוקנדיק זיך פאַר אים זיין הערשאַפט איבער זיך אָנערקענט. און ווען עס האָבן זיך געפונען אייניקע פראָ־ווינצן, וואָס האָבן געפרואווט זיך אים אַנטקעגן שטעלן, אונטער זיין הערשאַפט זיך ניט אונטערצוואואַרפן, האָבן זיי גיך אויסגעפונען, אַז זיי זיינען דערמיט קעגן זיך אַ גרויסן פאַרברעכן באַגאַנגען, אַז זיי האָבן דורך דעם אויף זיך נאָר אומגליק גרויסן געבראַכט, אַז עס וואָלט געווען פאַר זיי פיל בעסער פריער מיט גוטן זיך אונטערגעבן, אויס־מיידנדיק דערביי אונטער אַ שווערער שטראָף אונטערגעוואָרפן צו זיין, איידער זיין געצוואונגען אונטערגעבן זיך נאָכדעם מיט בייזן און־

טער דעם דרוק פון דעם גרוילעכן שיקזאַל, וואָס האָט זיי געטראָפן פאַר זייער אַנטקעגנשטעלן זיך אלכסנדר מוקדון.

דער דאָזיקער שיקזאַל האָט אויך געטראָפן צור און עזה. זיי האָבן געפּרואווט אין אָנהייב אַ ווידערשטאַנד קעגן אלכסנדר מוקדון. דער דאָזיקער ווידערשטאַנד האָט זיי אָבער אויסער אומזיסטע צרות, אויסער אומזיסטן חורבן, וואָס וואָלט געוועזן געקענט אויסגעמיטן ווערן, גאָר ניט געבראַכט. ניט נאָר האָבן זיי ניט דעם צוועק, וואָס זיי האָבן פאַר זיך געהאַט מיט דעם ווידערשטאַנד זייערן, ניט דערגרייכט: זיי האָבן אויך קיין לאַנג־דויערנדן ווידערשטאַנד ניט געקענט געבן. נאָך אַ באַלאַגערונג פון זיבן מאָנאַטן אויף דער ערשטער און אַ באַלאַ־גערונג פון צוויי מאָנאַטן אויף דער צווייטער זיינען זיי ביידע געפאַלן, באַגעגענדיק דערביי אַ שווערע שטראָף פון אלכסנדר דעם גרויסן פאַר זייער האַרטנעקיקייט.

עס האָט אויך אים ניט לאַנג גענומען אויסצוקעמפן דעם קאַמף זיינעם מיט די מחנות פון דעם לעצטן פערסישן קעניג, דער לעצטער דריוש, וועלכער איז אים אַנטקעגן געקומען מיט ריזיקע מחנות, כדי צו געבן אים מיטאַמאָל אַ טויט־קלאַפּ, צו באַזייטיקן מיט אַמאָל די געפאַר, ער זאָל ניט גאַנץ אַזיע צונעמען. טראָץ דער מיינונג, ווי יאָזעפוס שרייבט, וואָס האָט געהערשט דאַן אין די פאַראינטערעסירטע פּראָווינצן, אַז אַלכסנדר מוקדון וועט ניט קענען אויסהאַלטן די אַטאַקע פון די פילצאָליקע מחנות פון דריושן, האָט ער דריושעס מחנות צו פולשטענדיקער פאַרניכטונג געבראַכט. דריוש אַליין האָט זיך קוים מיטן לעבן געראַטעוועט, אַנטלויפנדיק צוריק קיין פּערסיע, און זיין מוטער, ווייב און קינדער זיינען אַלע אין געפענגעניש גענומען געוואָרן.

וועגן דער דאָזיקער גרויסער מפּלה פון דריושן און דעם גרויסן זיג, וואָס אלכסנדר מוקדון האָט אָפּגעהאַלטן איבער אים געפינט זיך אַ זייער שיינע אַלעגאָרישע זעאונג אין ספר דניאל, וועלכע מיר ברענגען דאָ.

„און איך האָב געזען" — לייענט זיך די אַלעגאָרישע זעאונג פון דניאל וועגן די מלחמות און נצחונות פון אלכסנדר מוקדון — „אַ זעאונג".

„און עס איז פאָרגעקומען אין מיין זעאונג, אַז איך בין אין שושן הבירה, וואָס איז אין עילם דער מדינה.

„און איך האָב געזען אין דער זעאונג, אַז איך בין געווען ביים טייך אולי.

„און איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן און געזען, ווי אָט שטייט אַ ווידער פאַר דעם טייך, און ער האָט הערנער.

„און די הערנער זיינען הויכע געווען.

„און איין האָרן איז העכער געווען פון דעם צווייטן.

„און דער העכערער איז אַרויסגעקומען צום לעצטן.

„און איך האָב געזען דעם ווידער שטויסן אין מערב זייט און אין צפון זייט און אין דרום זייט, אַזוי, אַז די אַלע חיות האָבן זיך אים ניט געקענט אַנטקעגן שטעלן, און קיינער איז ניט געווען צו ראַטעווען זיי פון זיין האַנט.

„און ווי איך האָב זיך אַזוי איינגעקוקט, איז אַ ציגנבאק אָנגעקומען פון מערב. ער האָט זיך איבער דער גאַנצער ערד געטראָגן, לויפנדיק אַזוי געשווינד, אַז ער האָט ווי דעם באָדן ניט באַרירט.

„און דער ציגנבאָק האָט אַ גרויסן מערקבאַרן האָרן געהאַט צווישן זיינע אויגן.

„און ער איז צוגעקומען ביז צום ווידער מיט די הערנער, וואָס איך האָב געזען שטיין פאַר דעם טייך שטראָם.

„און ער איז אָנגעלאָפן אויף אים מיט זיין צאָרנדיקער קראַפט.

„און איך האָב אים געזען צוקומען צום ווידער.

„און ער האָט זיך פאַרביטערט געוואָרפן אויף אים.

„און ער האָט געשלאָגן דעם ווידער און צעבראָכן זיינע צוויי הערנער.

„און דער ווידער האָט קיין כוח ניט געהאַט צו שטעלן זיך אַנטקעגן אים.

„און ער האָט אים געוואָרפן צו דער ערד און געטראָטן אים.

„און קיינער איז ניט געווען צו ראַטעווען דעם ווידער פון זיין האַנט.” *)

און אין די ווייטערדיקע פסוקים קומט אויך די דערקלערונג פון דער דאָזיקער אַלעגאָרישער זעאונג.. אין דעם זעלבן קאַפיטל קומט אויך די אויסטייטשונג, אַז די דאָזיקע זעאונג גייט אויף פּרס און יון.

„און עס איז געווען” — לייענען זיך די ווייטערדיקע פסוקים —

„אַז איך, דניאל, האָב געזען די זעאונג און איך האָב געזוכט צו פאַרשטיין זי, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן מיר ווי דאָס געשטאַלט פון אַ מאַן.

„און איך האָב געהערט דאָס קול פון אַ מאַן צווישן די ברעגן

---

*) דניאל ח׳.

פון טייך־שטראָם אולי. און ער האָט גערופן און געזאָגט: „גבריאל: גיב אים צו פאַרשטיין אָט די זעאונג״.

„און ער איז צוגעקומען ביי דעם אָרט, וואו איך בין געשטאַנען.

„און אַז ער איז צוגעקומען, האָב איך מיך דערשראָקן און בין געפאַלן אויף מיין געזיכט..

„און ער האָט געזאָגט צו מיר: פאַרשטיי, מענטש, אַז די זעאונג איז אויף דער צייט, ווען דער סוף וועט קומען.

און ווי ער האָט גערעדט מיט מיר, בין איך אַנדרימלט געוואָרן, ליגנדיק מיט מיין געזיכט צו דער ערד.

„און ער האָט געזאָגט:

— איך וועל דיר לאָזן וויסן, וואָס עס וועט זיין צו ענדע פון דעם צאָרן, אין דער באַשטימטער צייט פון סוף.

„דער ווידער, וואָס דו האָסט געזען מיט די הערנער, דאָס זיינען די מלכי מדי ופרס*) און דער שווער־האָריקער ציגנבאָק, דאָס איז דער מלך יון, און דער גרויסער האָרן, וואָס צווישן זיינע אויגן, דאָס איז דער ערשטער קעניג.״ **)

און פון דאַן אָן, פון זינט ער, אלכסנדר, האָט אַ פולשטענדיקן זיג אָפּגעהאַלטען איבער די אַרמייען פון דריושן, האָט זיך זיין מאַכט אַלץ מער געשטאַרקט. ער האָט איין זיג נאָך דעם אַנדערן געהאַט. ער האָט איין דעראָבערונג נאָך דער צווייטער דערוואָרבן.

ער איז, ווירקלעך, דער „מלך גבור ומשל ממשל רב ועשה כרצונו״ געוואָרן, דער שטאַרקער מלך, וואָס האָט אַ ממשלה אַ גרויסע און פירט דורך דעם ווילן זיינעם, דער „טיגער מיט די אָדלער־פליגלען״ אויף זיך, וואָס האָט זיך איבער מלוכות און לענדער פילע פאַרשפּרייט. עס האָט זיך זיין הערשאַפט איבער אַזיע, אַפריקע און אייראָפּע פאַר־שפּרייט. עס האָט זיך זיין טריאומפירנדער קריגס־צוג אַזש ביז צו אינדיע און קאַווקאַז געצויגן.

---

און די דאָזיקע אַלע נצחונות זיינע זיינען ניט נאָר ריין פּאָליטישע געווען, זיי זיינען אויך גרויסע גייסטיקע נצחונות געווען. זיי האָבן ניט נאָר פּאָליטישע ענדערונגען אַריינגעטראָגן אין דער דאַמאָלסדיקער מענטשלעכער געזעלשאַפט, נאָר אויך ענדערונגען גרויסע אין די מוחות פון די מענטשן, אין זייער געדאַנקענגאַנג, אין זייער לעבנס שטייגער,

*) פריער איז געקומען מדי און פרס, די שטאַרקערע, צולעצט.
**) אלכסנדר.

אין זייער גייסטיקער פיזיאָנאָמיע. פאַקטיש הויבט זיך פון יענער צייט אָן די נייע געשיכטע פון דער מענטשהייט. די הויפט כוחות, וואָס ווירקן אין אונדזער היינטיקער ציוויליזירטער מענטשהייט, האָבן אָנגעהויבן צו פאָרמירן זיך אין יענער עפּאָכע. דער באַזיס, אויף וועלכן עס האַלט זיך אונדזער מענטשלעכע ציוויליזאַציע, איז דאַן געלייגט געוואָרן. עס האָט זיך דאַן דער מזרח מיט דעם מערב באַגעגנט, און פון דער באַגעגעניש זיינען אַרויסגעוואקסן די פּרינציפּן, וואָס זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרן אין דער פון דעמאָלסאָנענדיקער אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזירטער מענטשהייט. פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן די געשטאַלטונג פון דער היינטיקער גריכיש־רוימיש־אידישער ציוויליזאַציע, וואָס די קולטורעלע מענטשהייט פאַרמאָגט.

די ריזיקע אַרמייען פון אלכסנדר וואָס האָבן פאַרפלייצט אַפריקע און אַזיע, האָבן געבראַכט מיט זיך אומעטום, וואו זיי זיינען געקומען די גריכישע ציוויליזאַציע, די גריכישע בוי־קונסט, די גריכישע וויסנשאַפט און די גריכישע זיטן. די גריכישע קולטור איז געווען אַ דאָמינירנדער שאַפנדער כח אין דעם לעבן פון די באַהערשטע מזרח־פעלקער און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אויף אַן אופן ווי זיי וואָלטן אַ צווייג פון איין פאַראייניקטער מיט די מערב פעלקער משפחה געווען.

פון דער צווייטער זייט אָבער זיינען דאָך געבליבן נאָך ווירקן אין זיי די איינגעבוירענע מזרח־עלעמענטן, וואָס דאָס, ווידער, האָט געבראַכט ניט נאָר צו דעם אַז די גריכישע קולטור זאָל אויף דעם פון איר פאַרנומענעם פרעמדן באָדן אונטער אַ געוויסער מאָדיפיצירונג אונטערגעוואָרפן ווערן, דורך דער ווירקונג פון דעם „שארית הפליטה" פון די באַזיגטע פרעמדע קולטורן, נאָר אויך ביי זיך אין דער היים, אויך אין אירע אַלגעמיינע, אייגענע פאָרמען.

ב

# ארץ ישראל אונטער אלכסנדרס הערשאַפט און דער איינפלוס פון דער גריכישער קולטור אויף דעם אידנטום

די שווערע נסיונות, אין וועלכע דאָס אידישע פאָלק איז דעמאָלט געשטעלט געוואָרן. — צווישן פייער און וואַסער, וואָס דראָען ביידע מיט פאַרניכטונג. — אין אַ מאָמענט, וואָס זיי, די אידן, האָבן אַזוי נאָך רו געגאַרט, זיינען זיי אין נייע שטורמישע גרויסע פאַסירונגען איינגעפלאָנטערט געוואָרן. — די נייע בלאַט, וואָס די דאָזיקע פאַסירונגען האָבן אין דער אידישער געשיכטע געעפנט. — די גאָר ערשטע מאַניפעסטירונג פון פרעמדן איינפלוס אַלס סיסטעמאַטיש שטענדיק שאַפנדער פאַקטאָר אין אידישן לעבן. — „חכמת יוונית“ און „לשון יוונית“. — גריכישער איינפלוס אויף דער אידישער באַפעלקערונג אין ארץ ישראל און אויף די אידישע איינוואוינער פון אַנדערע גריכישע קאָלאָניעס. — באַאיינפלוסט אָבער ניט אַסימילירט. — די אידישע וועלט האָט דאַן ברייטע טירן אָפן געהאַלטן אין דער גריכישער וועלט אַריין. — צוזאַמען דערמיט האָט זי אָבער מיט זאָרג און מורא איבער די הייליגטימער פון איר אייגענעם פאַרמעגן געוואַכט.

אָט אַזוי איז דאָס קליין יהודה לאַנד, אין דעם מאָמענט, ווען עס האָט אָט ערשט אויף דעם וועג פון איינגעשטעלטן לעבן אָנגעהויבן צו גיין, ווען דאָס אידישע פאָלק איז אין ווידער־געבורט זיינעם צו דער מדרגה פון אַ היסטאָריש רייף פאָלק צוגעקומען, ווידער אַמאָל אין שווערע נסיונות געשטעלט געוואָרן, אין שווערע נסיונות פון געפינען זיך צווישן פייער און וואַסער, וואָס דראָען ביידע מיט פאַר־ניכטונג, אין דיזעלבע שווערע נסיונות מיט וועלכע זיי זיינען שוין ניט איינמאָל ביז דאַן אין דעם לויף פון זייער געשיכטע געשטעלט געוואָרן, אין די זעלבע שווערע נסיונות פון פיינלעכן זוכן די גינסטיקע אָריענטאַציע אין דעם זייער שיקזאַל ענטשיידענדן ריזן קאַמף צווישן

צוויי זיך באַקעמפענדע פּאָליטישע מאָנאַרכיען קאָנקורענטן, צו דעם ריכטיקן אורטייל צו קומען; מיט וואָס פאַר אַ צד עס לוינט זיך בעסער פאַר זיי צו האַלטן, וואָס פאַר אַ צד עס לוינט בעסער פאַר זיי צו העלפן באַקעמפן. אָט אַזוי זיינען די אידן קעגן זייער ווילן, ווארים זיי זיינען איצט, טריי־בלייבנדיק צו די טראַדיציעס, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אין זייער לעבן פון נאָך דעם חורבן בית ראשון אָן, געזנצלעך פריי געווען פון פּאָליטישן אַוואַנטוריזם, פון דראַנג אין אַ קאַמף זיך אַריינצולאָזן צוליב פּאָליטישע געווינסן ספּעקולאַציעס, פון שטרעבן צו מלוכה שטאַרקייט, צו באַפעסטיקטע פּאָליטישע פּאָזי־ציעס פון וועלכע עס זאָל זיי אַ טריאומפירנדער מאַרש צו דער באַ־פרידיקונג פון אימפּעראַליסטישע באַשטרעבונגען פירן; ווארים זייער איינציקע שטרעבונג איז איצט געווען, אַז זיי זאָלן קענען לעבן רואיק, אומגעשטערט, פריי פון געצוואונגען צו זיין אין פּאָליטישע קאַמף־פלאָנטערן איינגעפּלאָנטערט צו ווערן, אין די ניט ווייט זיך ציענדע ראַמען פון זייער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, אַבי זיי זאָלן נאָר קענען פולן אויסדרוק געבן דעם עטישן, נאַציאָנאַלן איך זייערן, אַבי זיי זאָלן נאָר קענען פולשטענדיקע באַפרידיקונג זייער שטרעבונג פון גאָטס וועגן ניט אַראָפּגעפירט צו ווערן, זייער שטרעבונג, זיין וואָרט אין זייער קאָלעקטיוון און אינדיווידועל לעבן צו רעאַליזירן: —

אָט אַזוי זיינען זיי קעגן זייער ווילן אין בייע שטורמיקע, גרויסע פּאַסירונגען איינגעפּלאָנטערט געוואָרן אין אַ מאָמענט, וואָס זיי האָבן אַזוי געגאַרט נאָך רו, וואָס זיי האָבן אַזוי נויטיק רואיקייט געהאַט.

די שלאָגנדע כוואַליעס פון ברויזנדן ים פון די דאַמאָלסדיקע גרויסע געשעענישן האָבן אויך זיי דערגרייכט און פאַראייניקט זייער שיקזאַל מיט דעם שיקזאַל פון די אַלע איבעריקע פעלקער, וואָס זיינען פון זיי אין קאָכיקן ים אַריינגעצויגן געוואָרן.

פיל שטאַרקערע פעלקער פון אידישן פאָלק האָבן ניט געקענט אויסמיידן דעם שיקזאַל פון געטראָפן צו ווערן פון די בייע גרויסע פּאָליטישע פּאַסירונגען, פיל שטאַרקערע טעריטאָריעל פּאָליטישע אָר־גאַניזמען, ווי יהודה, האָבן ניט געקענט אויסמיידן דעם שיקזאַל פון אונטערפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון אלכסנדר מוקדון. אַ דער־נידעריקטע, צעבראָכענע האָט זיך אויך די פאַרהעלטניסמעסיק שטאַרקע דאַן מצרים צו זיינע פיס געמוזט וואַרפן.

ניט אַזוי גיך, ווי איניקע אַנדערע פּראָווינצן, וואָס האָבן זיך ביז דאַן אונטער דער פּערסישער הערשאַפט געפונען: צולעצט איז אָבער אויך מיט דער פּראָווינץ יהודה געשען דאָס, וואָס האָט געמוזט מיט

איר געשעזן, דאָס, וואָס איז מיט פילע שטאַרקערע פאַר איר געשעזן. אויך זי איז אַ פּראָווינץ געוואָרן פון דער גריכיש־מאַקעדאָנישער הערשאַפט.

יענע עפּאָכע פון גרויסע פּאַסירונגען האָט אַזוי אַרום צוזאַמען דערמיט, וואָס זי האָט אַ ניי בלאַט אין דער אַלגעמיינער געשיכטע געעפנט, אויך געעפנט אַ ניי בלאַט אין דער אידישער געשיכטע.

ביז איצט איז דאָס אידישע פאָלק געקומען אין באַרירונג שטענדיק נאָר מיט מזרח פעלקער. נאָר מיט זיי האָט זיך עס ביז דאַן אין צוזאַמענלעבונג געפונען. איצט אָבער האָט זיך עס פּנים אל פּנים צוזאַמענגעטראָפן מיט דעם מערב און האָט פון דאַן אָן שוין אויף שטענדיק זיין אייגענעם שיקזאַל מיט דעם שיקזאַל פון די מערב פעל־קער פאַראייניקט. ביז דאַן איז די אינערלעכע אַנטוויקלונג פון אידישן פאָלק פאָרגעקומען אויף אייגענעם באָדן, די צעצווייגונג פון אידישן קולטורעלן אַקטיוו איז געווען ביז דאַן הויפּטזעכלעך אַ פון זיך צו זיך גייענדער פּראָצעס. איצט אָבער האָט די דאָזיקע אינער־לעכע אַנטוויקלונג פון אידישן פאָלק אָנגעהויבן פאָרצוקומען אויך — און צייטנווייז, הויפּטזעכלעך — אויף פרעמדן באָדן וואָס דאָס מיינט ווידער: אונטער דער ווירקונג פון פרעמדן איינפלוס. די געשיכטע פון אידישן פאָלק איז פון דאַן אָן געשטעלט געוואָרן אין פאַראיי־ניקונג מיט דער אַלגעמיינער געשיכטע, מיט דער געשיכטע פון דער ציוויליזירטער מענטשהייט, מיט דער געשיכטע פון די מערב פעל־קער. עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן דער פרעמדער איינפלוס אַלס סיסטעמאַטיש שטענדיק שאַפנדער פאַקטאָר אין אידישן לעבן. עס זיינען ניט מער, ווי נאָר אייניקע צענדליק יאָר אַוועקגעגאַנגען, פון זינט אָן די אידישע ישובים אין די פּראָווינצן, וואָס האָבן פריער באַלאַנגט צו פּערסיע, זיינען אונטער דער גריכישער הערשאַפט אונ־טערגעוואָרפן געוואָרן, האָבן שוין טיפע שפּורן געמערקט זיך פון גריכישער ווירקונג אין פילע פאַרשידענע ספערן פון אידישן לעבן, טיפע שפּורן, וואָס זיינען ווייטער אַלץ גרעסער אין צאָל געוואָרן. עס האָט לאַנג ניט גענומען, און דאָס אידנטום האָט זיך מיט אייגענעם ווילן אונטער דעם גריכישן איינפלוס געשטעלט. באַדייטנדע אין צאָל עלעמענטן פון אידישן פאָלק זיינען דאַן מיט דעם גייסט פון דער גריכישער קולטור דורכגעדרונגען געוואָרן. אויב ניט אַלע האָבן זיך דאַן מיט „חכמת יונית" אָפּגעגעבן, איז אָבער דער „לשון יונית" דאָך זייער שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן. די ברייטע מאַסע פון אידישן פאָלק אויסער ארץ ישראל, די, וואָס האָבן זיך געפונען אין די ניי־

געגרינדעטע גריכישע קאָלאָניעס, האָבן געמאַכט די גריכישע שפּראַך אַלס זייער מוטער שפּראַך. אויך אין ארץ־ישראל אָבער האָט זיך גאָר אין די פריסטע יאָרן פון איר געפינען זיך אונטער דער גריכישער הערשאַפט, דאָס וויסן פון דער גריכישער שפּראַך אָנגעהויבן צו פאַר־שפּרייטן. און רעדט מען וועגן די העכערע שיכטן פון אידישן פאָלק, וועגן דער אידישער יוגנט פון די העכערע קרייזן פון פאָלק, האָט זיך אַ באַדייטנדער טייל פון זיי ניט נאָר אויסער ארץ ישראל, נאָר אויך אין ארץ ישראל אַליין, כאָטש, אמת, ניט אין אַזאַ גרויסער מאָס, ווי אין די מיט אַ גרויסער אידיש־גריכישער באַפעלקערונג באַזעצטע קאָלאָניעס, מיט דעם שטודיום פון דער גריכישער ליטעראַטור, פון דער גריכישער פילאָזאָפיע באַשעפטיקט. אויב עס איז ניט פאָרגע־קומען קיין פּראָצעס פון אַסימילאַציע מצד די אידישע מאַסן מיט די גריכישע דאָרטן, וואו זיי האָבן צוזאַמען געלעבט, אין דעם זין פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט זיך אָפּזאָגן, די אידישע רעליגיע צו פאַרראַטן, צו שפּייזן זיך גייסטיק אויסשליסלעך פון אַ פרעמדן טיש; אויב עס האָט זיך אין אידישן לעבן, וואָס איז געשטאַנען אונטער דעם פּאָליטישן קאָנטראָל פון די גריכן, קיינמאָל ניט אַ טענדענץ פון אַזאַ אַסימילאַציאָנס פּראָצעס געמערקט ביז צו דער עפּאָכע פון די „פושעים", פון די „מרשיעי ברית"; אויב עס האָט ביז דאַן, פאַרקערט, דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אין באַצוג צו זיין אינערלעך רעליגיעזן לעבן די אַלע טראַדיציעס פון די פריערדיקע דורות, די דורות פון גרויסער רעליגיעזער התעוררות, פון עקזאַלטירטער באַקערונג צו גאָט פאָרט־געזעצט"; אויב דער שאַפנדער גייסט פון אידישן פאָלק אויף דעם געביט פון רעליגיעזער קולטור האָט זיך איצטער נאָך מער פּראָדוקטיוו, ווי אין די פריערדיקע דורות, אַרויסגעוויזן, אויב דאָס מקיים זיין פון די פאָרשריפטן פון דער תורה איז איצטער מיט נאָך מער פעדאַנטיזם, אין דער אַרומשטעלונג פון נאָך מער פאַרצווייגונגען, ווי אין די פריערדיקע דורות פאָרגעקומען; אויב, אַלזאָ, אין דעם אינערלעכן זין פון וואָרט האָבן זיך די אידן ניט אַסימילירט מיט די גריכן, נאָר פאַרקערט נאָך, עס איז דאַן צו פולן אויסדרוק געקומען זייער אַנט־וויקלונג אַלס שאַרף אויסגעשפּראָכענער באַזונדער נאַציאָנאַל־רעליגיע־זער אָרגאַניזם, האָבן זיי זיך אָבער מיט די גריכן יאָ אַסימילירט אין דעם זין, וואָס זיי זיינען ניט אָפּגעשלאָסן געבליבן פון דער גריכי־שער וועלט, אין דעם זין, וואָס זיי האָבן אַדאָפּטירט זייער שפּראַך, זייער קולטור, און אייניקע פון אידישן פאָלק, ספּעציעל אין די צענ־טערן, וואָס זיינען פון אַ באַדייטנדער אין צאָל גריכישער באַפעלקערונג

באַוואוינט געווען, האָבן אויך אַדאָפּטירט פילע פאָרמען פון גריכישן לעבנסשטייגער. עס האָט דאַן די אידישע וועלט ברייטע טירן אָפן געהאַלטן אין דער גריכישער וועלט אַריין. עס האָבן פרייע אָפענע וועגן פון דער אידישער וועלט אין דער גריכישער וועלט געפירט. די אידישע יוגנט איז מיט גרויס ענטוזיאַזם אין דעם גריכישן ספּאָרט, אין די גריכישע שפּילן, אין די גריכישע פאַרוויילונגען אַריינגעצויגן געוואָרן. אידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די גריכישע אַרמייען, זיינען ניט אַלע נאָר אַזוינע געווען, וואָס זיינען אַהין אַריינ־געטראָטן נאָר דערפאַר, ווייל מען האָט זיי געצוואונגען דערצו. עס זיינען צווישן זיי אויך פילע געווען, וואָס זיינען אָנגעקומען דינען דאָרטן מיט זייער אייגענעם ווילן, און נאָך מער ווי פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָל פון די אידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געפונען דאַן אין די גריכישע אַרמייען, איז די צאָל פון די אידישע קאָמאַנדירן, פון די אידישע קריגס־פירער אין זיי געווען.

ג

# דער אָנהויב פון אידישן איינפלוס אויף דער אויסערער וועלט און די ווירקונג פון דער גריכישער תורה איבערזעצונג

די נייגעריקייט צווישן פילע עלעמענטן פון דער גריכישער אינטעליגענץ פרייען צוטריט צו האָבן צו די אוצרות פון דער אידישער קולטור. — די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה — אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיקער נייגעריקייט. — די געבענטשטע ווירקונג פון דער דאָזיקער איבערזעצונג. — דער קאָלאָסאַלער כאַראַקטער פון דער ווירקונג פון יעדער תנ״ך איבערזעצונג אין אַ נייער אייראָפּעאישער שפּראַך. — די ווירקונג פון דער גריכישער תורה איבערזעצונג, באַלד נאָכדעם, ווי זי איז געמאַכט געוואָרן, און אין די שפּעטערע דורות. — דער אָנהויב פון דער היסטאָרישער דערשיינונג, וואָס ווערט אָנגערופן „ישראל בעמים“.

און פונקט ווי זיי, די אידן, זיינען גאָר פרי רייען אין רייען געשטאַנען מיט די גריכן אויף דעם סאָציאַל־פּאָליטישן פעלד, אַזוי זיינען זיי גאָר פרי רייען אין רייען מיט זיי געשטאַנען אויך אויף דעם פעלד פון אינטעלעקטועלער טעטיקייט. ניט אַזוי פיל, ווי אין די שפּעטערע דורות, שוין אויך אָבער אין די גאָר ערשטע דורות האָבן די אידן אַ באַטייליקונג אַרויסגעוויזן אין דעם באַארבעטן דאָס פעלד פון גריכישן קולטורעלן שאַפן.

די אידן האָבן זיך דאָן ניט נאַציאָנאַל און ניט רעליגיעז מיט די גריכן אַסימילירט. זיי האָבן זיך אָבער מיט זיי יאָ געמישט סאָציאַל און אינטעלעקטועל. און דאָן שוין האָט זיך אויך דער אידישער איינפלוס אויף דער אויסערלעכער וועלט אָנגעהויבן.

שוין אין אייניקע צענדליק יאָר נאָכדעם, וואָס דאָס אידנטום איז אונטער דער גריכישער הערשאַפט געשטעלט געוואָרן, שוין דאָן האָט זיך אויף אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט אין דער אויסערער וועלט אַרום דעם אידישן פאָלק, אויף אַזוי פיל דראַנג געפיל אין איר נאָענטער צוצוקומען צו אידן, אַזוי פיל באַגער פרייען צוטריט צו האָבן צו די אוצרות פון דער אידישער קולטור, אַז עס איז נויטיק געווען די תורה איבערצוזעצן אין גריכיש, כדי די גריכיש־שפּרעכנדע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געפונען אין די גריכישע

פּראָווינצן, זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו זיין באַקאַנט מיט דעם גאַנצן אינהאַלט אירן.

און האָט זיך די תורה שוין געפונען אין אַ גריכישער איבער־זעצונג, זיינען דורך דעם דערגרייכט געוואָרן ניט נאָר די צוועקן, וואָס זיינען באַאַבזיכט געוואָרן צו דערגרייכט ווערן דורך דער דאָזיקער איבערזעצונג, נאָר עס זיינען דורך איר אויך גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטן דערגרייכט געוואָרן. עס האָט זיך ניט איר פונקציע אויסגעשעפּט נאָר מיט דעם, זי זאָל די אינטעלעקטועלע נייגעריקייט פון די וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, באַפרידיקן, נאָר איר פונקציע איז אויך געגאַנגען איבער דער ליניע פון דערציאונג, דערציערישן איינפלוס אויסצואיבן אויף דער מענטשהייט פון יענעם דור און פון די קומענדע דורות. מיט דער נייגעריקייט־באַפרידיקונג, וואָס איז געבראַכט געוואָרן דורך דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה, איז אויך געבראַכט געוואָרן אַ ווייניקער אָדער מער מערקבאַרע ענדערונג אין די מוחות, אין די הערצער פון פילע פון די, וואָס האָבן זיך מיט דעם אינהאַלט פון דער אידישער תורה דורך דער גריכישער איבערזעצונג באַקאַנט.

מיט פילע, פילע יאָרהונדערטער שפּעטער, אין דער צייט פון דער רענעסאַנס עפּאָכע, איז די ווירקונג פון יעדער תנ״ך איבערזעצונג אין אַ נייער אייראָפּעאישער שפּראַך פון קאָלאָסאַלן כאַראַקטער געווען. די באַאיינפלוסונג, וואָס זי האָט אויסגעאיבט אויף דער מענטשלעכער געשיכטע, האָט זיך אין פאָרמען פון גראַנדיעזן מאַסשטאַב מאַניפעס־טירט. אויב מיר זאָלן אפילו ניט גיין אַזוי ווייט צו באַהויפּטן, אַז זי איז די אורזאַך געווען, דורך וועלכער עס זיינען גרויסע סאָציאַל־פּאָליטישע באַוועגונג צום לעבן געקומען, האָט זי אָבער, זיכער, איר שטעמפּל אַרויפגעלייגט אויף דעם כאַראַקטער פון די דאָזיקע באַוועגונגען, האָט זי אָבער פיל מיטגעהאָלפן צו דעם, ווי אַזוי די געשטאַלטונג זייערע זאָל זיך פאָרמירן. די תנ״ך איבערזעצונגען זיינען דער געבענטשטער קוואַל פון אַספּיראַציע פאַר די ברייטע פאָלקס־שיכטן געווען. זיי האָבן געשעפּט פון דאָרטן מוט, האָפענונג, טרייסט, גרייט־קייט צו קעמפן פאַר דעם אמת, ווי אויך גלויבן אין דעם זיג פון זייער קאַמף. קיין אַנדער פאַקטאָר פון גייסטיקן כאַראַקטער האָט ניט געשפּילט אַזאַ באַדייטנדע ראָלע אין פאַרשפּרייטן דעם פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיזם אויף דער וועלט, ווי די תנ״ך איבערזעצונגען.

און אומגעהויער איז זייער איינפלוס געווען אין דער ספערע פון רעליגיעזע אידייען און געדאַנקען.

יעדע תנ״ך איבערזעצונג אין אַ נייער אייראָפּעאישער שפּראַך האָט אַ רעוואָלוציאָניזירנדע ראָלע, מעג מען זאָגן געשפּילט אין באַצוג צו די רעליגיעזע אָנשויאונגען, צו דעם מאָראַלן לעבנס־שטייגער פון דעם פאָלק, וואָס האָט זיך מיט דעם אינהאַלט פון תנ״ך באַקענט, דורך דעם, וואָס ער איז אויף זיין מוטער־שפּראַך איבערגעזעצט געוואָרן.

און כאָטש, אמת, אין אַלע אַנדערע הינזיכטן קען מען קיין אי־דענטישקייט ניט געפינען — אַלנפאַלס, אויף וויפיל עס רעדט זיך וועגן שפּילן די ראָלע פון אַ דירעקטן, באַלדיקן גורם — צווישן דער באַדייטונג פון דער גריכישער איבערזעצונג פון תנ״ך און צווישן דער באַדייטונג פון די שפּעטערע איבערזעצונגען, וואָס זיינען פון תנ״ך געמאַכט געוואָרן, איז, וואָס אַמבאַלאַנגט אָבער צום לעצטן פּונקט, קען מען די דאָזיקע אידענטישקייט יאָ קאָנסטאַטירן.

אויך די גריכישע איבערזעצונג פון אונדזער תנ״ך האָט אַ רעוואָ־לוציאָניזירנדע ראָל געשפּילט — אין די ערשטע צייטן און אין איר דירעקטער ווירקונג ווייניקער און שוואַכער; און אין די שפּעטערדיקע דורות און אין אירע ווייטערע ווירקונגס־אַגענטורן שטאַרקער און גרעסער — אין איר ווירקונג אויף דעם פעלד פון רעליגיעזע באַגריפן און אָנשויאונגען פון דער גריכיש־שפּרעכנדער אינטעליגענץ.

---

שוין דאַן האָט זיך דער אידישער איינפלוס אויף דער אויסערלעכער וועלט אָנגעהויבן.

דער אידישער מאָנאָטעאיזם, ווען באַקאַנט געוואָרן דער אַלגע־מיינער וועלט, האָט די נשמות פון פילע גערייצט, געצויגן צו זיך. די רעליגיעזע אידייען־וועלט, אין וועלכער די גריכיש־שפּרעכנדע אינטע־ליגענץ האָט דאָס אידישע פאָלק לעבן געזען, די אידישע פּיעטעטפולע באַציאונג צום לעבן, די קרישטאַל ריינע פאָרמען, ריין פון יעדער ברוטאַלער זינלעכקייט, אין וועלכן עס האָט זיך דאָס עמאָציאָנעלע לעבן פון אידישן כלל, ווי אויך פון אידישן פרט געשטאַלטעט, דאָס אַלעס איז שוין דאַן דער צענטער פון אַלגעמיינער אויפמערקזאַמקייט, פון אַלגעמיינעם אינטערעס געווען. דאָס אַלעס האָט שוין דאַן אָנגע־הויבן שאַפן דעם באָדן, אויף וועלכן עס איז שפּעטער אויסגעבראָכן די גרויסע רעוואָלוציע אין די רעליגיעזע באַגריפן פון דער מענטשהייט, וואָס האָט אַזוי קאַרדינאַל געענדערט אויך די עטישע יסודות פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

אין אַ מיניאַטור פאָרם האָבן זיך שוין דאַן אָנגעהויבן צו מערקן די אַלע שפּעטער מער בולט אַרויסטרעטנדע כאַראַקטער־שטריכן פון

דער היסטאָרישער דערשיינונג וואָס ווערט אָנגערופן „ישראל בעמים". שוין דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן פאָרמירן די אַלע אייגנאַרטיקייטן, די אַלע זאָנדערבאַרקייטן וואָס ס'קומט אונדז אויס צו קאָנסטאַטירן אין אַלע צייטן אין דעם פאַרהאַלטן זיך פון דער אַרומיקער וועלט צו אידן. שוין דאַן האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן אָט יענע נערוועזיטעט, היסטע־רישקייט, אָט יענע אומבאַלאַנסירטקייט, וועלכע כאַראַקטעריזירט אַזוי שטאַרק די באַציאונגען פון די גויים צו די אידן: די באַציאונגען, וואָס וויסן ניט פון קיין מיטלפּונקט, וואָס וויסן נאָר פון אָדער באַ־וואונדערונג — אָפּטמאָל אויך זייער איבערטריבענער — פון פאַרגע־טערונג, אָדער פון — שטענדיק וואַנזיניק איבערטריבענער — פאָר־אורטיילונג, פאַרדאַמונג; אָדער פון אומבאַגרענעצטער, פולער אומ־אייגננוציקער ליבע, אָדער פון אומבאַגרענעצטער זאָאָלאָגישער אַריענ־טאַציע אין די אַלע פסיכישע פענאָמענען פון אונדזער אידישן לעבן. איידער עס איז אַ באַדייטנדער פעריאָד יאָרן אַוועקגעגאַנגען פון זינט אַן דאָס אידישע פאָלק איז אונטער דער גריכישער הערשאַפט געקומען, האָט מען שוין געקענט מערקן, אַז אָט באַלד ווערט אין דער גריכישער ליטעראַטור אַ נייער צווייג זיך פאָרמירן, אַ נייער צווייג, וואָס וועט זויגן זיין יניקה פון דעם פאַרשידענעם אופן פאַרהאַלטן זיך מצד די פאַרשידענע עלעמענטן פון דער גריכיש־שפּרעכנדער וועלט צום אי־דישן פאָלק, אַ נייער צווייג, אויף וועלכן עס וועלן אויסשליסלעך סניגוֹרשע און קטיגורשע ליטעראַטור שאַפונגען אויף אידן אָנגעהאַנגען ווערן.

די אַרויסגעבראַכטע קנאה־שנאה געפילן, קאָנקורענץ מאָטיוון דורך דעם באַגעגענען זיך פון דער גריכישער קולטור מיט דער אידישער, דורך דעם באַטייליקן זיך פון פילע אידישע עלעמענטן אין די פאַר־שידענע ספערן פון דער מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור פון דער אַרומיקער וועלט, צוזאַמען מיט דער באַוואונדערונג, וואָס די אידישע רעליגיע, די העכערע רעליגיעזע באַגריפן פון אידנטום, די הע־כערע עטישע פּרינציפּן, אויף וועלכע דאָס אידישע לעבן האָט באַזירט, האָבן ביי די ערלעכע מענטשן, ביי די פיינערע גייסטער פון דער גרי־כיש־שפּרעכנדער געזעלשאַפט אַרויסגערופן, האָבן געמוזט זיין דער גורם דערפון, עס זאָל אַזאַ נייער צווייג אין דער גריכישער ליטע־ראַטור געשאַפן ווערן, פּונקט ווי אייניקע פון די זעלבע אויבן אויסגע־רעכנטע מאָטיוון, צוזאַמען מיט אַנדערע ענלעכע צו זיי, זיינען עס געוועזן און זיינען עס דער גורם פון אַזאַ שטענדיקן צווייג אין די אַלע היינטיקע אייראָפּעאישע ליטעראַטורן.

ד

# די באַגעגעניש פון דעם כהן גדול ידוע מיט אלכסנדר מוקדון

די אידן בלייבן טריי דער פערסישער הערשאַפט. — פּאָליטישער קאָנסערוואַטיזם און די מורא פאַר די קאָנסעקווענצן פון אַן איבערגעאיילטן שריט. — די קאָמבינאַציע, וואָס אלכסנדר האָט געשיקט צום כהן גדול, נאָכדעם ווי ער האָט איינגענומען צידון, און דער ענטפער, וואָס דער לעצטער האָט אים געגעבן. — „כל זמן דריוש וועט זיין צווישן די לעבעדיקע אויף דער ערד" — האָט געלויטעט דער דאָזיקער ענטפער — „וועט ער ניט ברעכן די שבועה פון טרייהייט, וואָס ער האָט אים געגעבן". — נאָכדעם, וואָס אַלכסנדר האָט אויך עזה איינגענומען, האָט ער זיך אויף ירושלים געלאָזט גיין. — די שרעק, וואָס האָט דאַן דעם כהן גדול באַהערשט. — גאָט ווייזט אים אין חלום, וואָס ער האָט צו טאָן. — ווען דער קעניג איז שוין, לויט ווי עס האָט זיך ידוען געגלויבט, ניט ווייט פון שטאָט געווען, איז ער אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען מיט די כהנים, בראש פון אַ פּראָצעסיע, אין וועלכער עס האָבן זיך פיל מחנות פון פאָלק, אין ווייסע מאַנטלען אָנגעטאָן, באַטייליקט. — ווען דער קעניג האָט דערזען דעם הערלעכן קבלת פנים, וואָס דער כהן גדול האָט פאַר אים איינגעאָרדנט, איז ער אים אַנטקעגן געגאַנגען און גרויס כבוד אים אַרויסגעוויזן און גאָטס נאָמען געערט.

ארץ ישראל איז געווען פון די ווייניקע פּראָווינצן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער פערסישער הערשאַפט, וואָס האָבן זיך ניט געאיילט צו אָנערקענען איבער זיך די מאַקעדאָניש־גריכישע הערשאַפט.

די אידן זיינען געבליבן טריי די פערסער אַ לענגערע צייט. זייענדיק איינגאַנצן באַפרייט איצט פון אירגענד וועלכער נייגונג צו פּאָליטישן אַוואַנטוריזם, האָבן זיי ניט געפּרואווט צו מאַכן אַ פאַרזוך פולשטענדיקע פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט צו דערוווערבן דורך די פּאָליטישע מהומות, וואָס זיינען פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דעם קאַמף, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן צווישן מאַקעדאָניען און פערסיען, ווי עס האָבן עס געפּרואווט צו טאָן אַנדערע פעלקערשאַפטן, וואָס זיינען פּאָליטיש אונטער פערסיע אונטערגעוואָרפן געווען.

וואָס אַמבאַלאַנגט ווידער סתם פרעפערענץ צו געבן צו איינעם פון די צווישן זיך צוויי קעמפנדע צדדים, האָט ניט געקענט זיין דער אויסוואל מאַקעדאָניען ניט נאָר צוליב עטישע מאָטיוון, ווייל זיי האָבן געוואָלט בלייבן לאָיאַל צו דער מאַכט, צו וועלכער זיי האָבן טרייהייט

געשוואָרן, ניט נאָר צוליב פּסיכישע מאָטיוון, ווייל דער ערשטער אימפּולס אין זייער רעאַגירן אויף דעם פּאָליטישן שטורם, וואָס האָט פאַר זייערע אויגן אויסגעבראָכן, האָט באַדאַרפט זיין, אי צוליב דעם פּאָליטישן קאָנסערוואַטיזם, וואָס האָט זיך ביי זיי אַנטוויקלט, אי צוליב דעם, וואָס דער אייגדרוק, וואָס איז אין קאָלעקטיוון זכרון פון פאָלק איינגעקריצט געבליבן, וואָס די רעזולטאַטן פון דעם פאַרזוך פון אידישן פאָלק צוריק מיט קאַרגע דריי הונדערט יאָר, אין דער תקופה פון חורבן בית ראשון, אין אַן ענלעכער פּאָליטישער סיטואַציע, ווי די איצטיקע איז געווען, צו באַפרייען זיך פון דער אַלטער פּאָליטישער מאַכט, אונטער דער הערשאַפט פון וועלכער זיי האָבן זיך געפונען, צו באַפרייען זיך דורך פאַרבינדונגען מיט די אַרויסטרעטנדע נייע פּאָליטישע קרעפטן האָבן דאָרטן איינגעשטעמפּלט — האָט באַדאַרפט זיין אַזאַ, וואָס זאָל זיי אָפּהאַלטן פון נייגן זיך אין דער זייט פון די שונאים פון דער פּאָליטישער מאַכט, אונטער וועלכער זיי זיינען אונ־טערגעוואָרפן געווען: ניט נאָר, אַלזאָ, צוליב די דאָזיקע מאָטיוון אַליין, נאָר אויך צוליב קאָנקרעטע, פּאָליטישע אויסרעכענונגען. זייער פּאָ־ליטישע אָריענטאַציע איז געווען, אַז ניט נאָר וועלן זיי זיך ניט אין קיין געפאַר שטעלן, אויב זיי וועלן לאָיאַל בלייבן צו דער מאַכט, צו וועלכער זיי האָבן טרייהייט געשוואָרן, נאָר, פאַרקערט נאָך, אַ געפאַר קען פאַר זיי זיין אַ פאַרקערטע באַציאונג.. זיי האָבן, ווייזט אויס, געטיילט די מיינונג פון פילע אַנדערע, אַז די ריזיקע מחנות, מיט וועלכע דריוש דער לעצטער איז געגאַנגען באַגעגענען אלכסנדר מוקדון, כדי צו פאַרניכטן אים אויף איין מאָל, וועלן זיך דערפאָלגרייך אין זייער מיסיע אַרויסווייזן, און זיינען אַ לענגערע צייט אין זייער טריי־הייט צו דער פּערסישער מאַכט געבליבן.

אַזוי צי אַזוי: ארץ ישראל איז געווען פון די ווייניקע אונטער פּערסיע אונטערוואָרפענע פּראָווינצן, וואָס האָבן זיך ניט געאיילט טרייהייט צו אלכסנדר מוקדון שווערן.

„ווען אלכסנדר״, ווערט וועגן דעם ענין ביי יאָזעפוס דערציילט, „איז אַריינגעקומען אין סיריע און גענומען דמשק און נאָכדעם אויך צו־גענומען צידון און באַלאַגערט צור, האָט ער געשיקט דאַן אַ קאָמוני־קאַציע צום כהן גדול, ער זאָל אים שיקן הילף און מענטשן און פאַר־זאָרגן זיין אַרמיי מיט פּראָוויזיע, און אַז די אַלע מתנות, וואָס ער האָט פריער געשיקט צו דריוש, זאָל ער איצט שיקן צו אים און אָנהאַלטן שטענדיקע פריינטשאַפט מיט די מאַקעדאָניער. דער כהן גדול האָט אָבער געענטפערט דעם שליח, אַז ער האָט געגעבן זיין שבועה צו

דריוש, אַז ער זאָל ניט טראָגן קיין ארעמס אַנטקעגן אים. און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט ניט ברעכן די דאָזיקע שבועה, כל זמן דריוש געפינט זיך צווישן די לעבעדיקע אויף דער ערד.״

„און ווען אלכסנדר, — דערציילט וויטער יאָזעפוס, — האָט דעם דאָזיקן ענטפער געהערט, איז ער זייער אין בעס געוואָרן. און כאָטש ער האָט באַשלאָסן ניט צו פאַרלאָזן צור, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביי גענומען ווערן, באַלד אָבער, ווי ער האָט זי איינגענומען, האָט ער געדראָט, אַז ער וועט מאַכן אַן עקספּעדיציע אַנטקעגן דעם אידישן כהן גדול און דורך אים לערנען אַלעמען זיי זאָלן וויסן צו וועמען זיי באַדאַרפן טריי האַלטן זייערע שבועות. און אַט אַזוי, ווען ער האָט נאָכדעם, וואָס ער האָט גרויסע ליידן געהאַט אויסצושטיין פאַר דער צייט פון דער באַלאַגערונג, צור גענומען און איינגעאָרדנט דאָרטן אַלץ, איז ער געקומען צו דער שטאָט עזה און באַלאַגערטביידע, די שטאָט און דעם פאַרוואַלטער פון דעם גאַרניזאָן.

„און איצט, ווען אלכסנדר האָט גענומען עזה האָט ער זיך שנעל געלאָזט אויף ירושלים.*)

„„און אַז די ידיעה איז צוגעקומען צום כהן גדול האָט ער זיך אין גרויס אַנגסט געפונען און גרויס שרעק האָט אים באַהערשט״.

פון אַרויסוויייזן אַ ווידערשטאַנד האָט נאַטירלעך, קיין רייד ניט געקענט זיין. ניט זיי האָבן געקענט האָבן וועלכע עס איז האָפנונג, אַז זיי וועלן דערפאָלגרייך זיין אין דעם ווידערשטאַנד, וואָס זיי וועלן אַרויסווייזן, ניט, ווידער, האָבן זיי געהאַט צוליב וואָס אַזאַ ווידערשטאַנד אַרויסצואווייזן. דער מאָטיוו פון לאָיאַל בלייבן צו דער מאַכט צו וועלכער זיי האָבן טרייהייט געשוואָרן, איז שוין איצט מער ניט געווען. אַ צעפאַלענע האָבן זיי פאַר זיך די פּערסישע מאָנאַרכיע געזען. עס איז שוין קלאָר געווען צו זען דאַן, אַז איינע נאָך די אַנדערע וועלן די אַלע טיילן פון דער פּערסישער מאָנאַרכיע צו אלכסנדר מוקדון איבער־גיין. מאַכן, ווידער, דעם ווידערשטאַנד, כדי פאַר זיך אַליין די פּאָלי־טישע הערשאַפט איבער זייער אייגן לאַנד צו דערוואַרבן, — אַזאַ מאָטיוו האָבן זיי דאָך אויך פריער, ווען זיי האָבן געגלויבט, אַז עס איז מעגלעך, אַז די מיליטערישע שטאַרקייט פון אלכסנדר מוקדון זאָל גענצלעך געבראָכן ווערן, ניט געהאַט.

זיי וואָלטן צופרידן געווען איצט צו דערפילן די אַלע פאָדערונגען, וואָס ער וואָלט פאַרלאַנגט פון זיי, אַבי זיי וואָלטן נאָר געקענט געווען האָבן די זיכערקייט, אַז ער וועט ניט וועלן נעמען נקמה פון זיי דער־

*) אין יאָר 332 פאַר דער נייער צייטרעכענונג.

פאַר, וואָס זיי האָבן פריער זיינע פאָדערונגען אָפּגעזאָגט. זיי האָבן אָבער די דאָזיקע זיכערקייט ניט געהאַט. און דעריבער איז דער כהן גדול אַזוי שטאַרק באַזאָרגט געווען.

זייער שרעק איז אָבער אומזיסט געווען.

אלכסנדר מוקדון האָט אַרויסגעוויזן זייער פריינטלעכע באַציאונגען צו די אידן אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן אויסגעדריקט זייער גרייט־קייט זיין הערשאַפט איבער זיך צו אָנערקענען. ער האָט ניט געזוכט קיין נקמה פון זיי דערפאַר, וואָס זיי האָבן פריער זיינע פאַרלאַנגען ניט דערפילט, ווי ער האָט עס געטאָן מיט אַנדערע, וואָס האָבן איבער זיך באַלד זיין הערשאַפט ניט געוואָלט אָנערקענען.

און אָט דער פאַקט, צוזאַמען מיט דער פריינטשאַפט, מיט וועלכער ער האָט זיך שפּעטער די גאַנצע צייט פון זיין לעבן באַצויגן צו די אידן, וואָס האָבן זיך אין די אַלע טיילן פון זיין אימפּעריע געפונען, קענען אונדז מאַכן צו גלויבן, אַז דאָס אַלץ איז דער אויסדרוק געווען פון באַזונדער סימפּאַטיע, וואָס ער האָט געפילט צום אידישן פאָלק. דער יונגער, בראַווער, געבילדעטער קריגס־העלד, וואָס האָט זיך דער־צויגן אונטער אַריסטאָטעלס השגחה, וואָס האָט זיך געחברט מיט דער העכערער גייסטיקער גריכישער אַריסטאָקראַטיע, מיט די פאָרשטייער פון קונסט, ליטעראַטור און וויסנשאַפט, האָט געמוזט ביי אים — ניט געקוקט אויף דעם דעספּאָטישן כאַראַקטער זיינעם; ביי דעם גאַנצן קאָמפּלעקס זיינען פון פּאַטאָלאָגישע „אינסטינקטן" און פּירונגען; ביי דעם גאַנצן וואַנזיניקן גרויסוואַן זיינעם — אַ וואַרעם געפיל אַרויסגערופן ווערן צום אידישן פאָלק, ווען ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט זיי, ווען ער האָט זיך באַקענט מיט זייערע ריינע רעליגיעזע באַגריפן, מיט זייער מאָראַלן לעבנס שטייגער. עס איז איצט, ביים איבערגיין פון דעם אידישן פאָלק אונטער דער הערשאַפט פון אַ נייער פּאָליטישער מאַכט, ביים אַרונטערפאַלן פון ארץ ישראל אונטער אַ נייעם וועלט־הערשער, ביים אַרויספאַלן פון ארץ ישראל פון אונטער דער פּערסישער הערשאַפט, פאָרגעקומען, מעגלעך, אַן ענלעכע דערשיינונג צו דער, וואָס איז פאָרגעקומען מיט מער ווי צוויי הונדערט יאָר צוריק, ווען אויך דאַן איז ארץ ישראל אונטער אַ נייער פּאָליטישער מאַכט אונ־טערגעפאַלן, ווען ארץ ישראל איז אונטער דער פּערסישער הערשאַפט געקומען. פונקט ווי כורש האָט גרויסע סימפּאַטיען פאַרמאָגט צום אידישן פאָלק, ווען ער האָט זיך מיט דער אידישער אינערלעכער וועלט באַקענט, אַזוי האָט אויך אלכסנדר מוקדון אַזאַ סימפּאַטיע פאַרמאָגט, ווען ער האָט זיך מיט דעם אידישן פאָלק באַקענט.

און פונקט ווי ביי כורשן זיינען אָט די סימפּאַטיען די אורזאַכן געווען פון דער פריינטשאַפט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן צום אידישן פאָלק, וועלכע איז דער גורם געווען פון דער צוריקבויאונג פון ארץ ישראל, אַזוי זיינען זיי אויך געווען די אורזאַכן פון דער פריינטשאַפט, וואָס אלכסנדר מוקדון האָט צום אידישן פאָלק אַרויסגעוויזן.

איבריקנס, קיינע פּאָזיטיווע געשיכטלעכע באַשרייבונגען האָבן מיר ניט וועגן דעם, ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס איבערגיין פון ארץ ישראל צו אלכסנדר מוקדון. אַלץ, וואָס עס איז צו אונדז דערגאַנגען וועגן דעם איז נאָר אין דער פאָרם פון לעגענדן.

נאָך דעם ווי דער כהן גדול איז אַביסל געקומען צו זיך פון דער שרעק, וואָס די ידיעה וועגן אלכסנדר מוקדונס גיין אויף ירושלים האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן, האָט ער — דערציילט ווייטער די לעגענדע, ווי זי ווערט ביי יאָזעפוס איבערגעגעבן — אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק, זיי זאָלן מתפלל זיין צו גאָט און צוזאַמען מיט אים — מיט דעם כהן גדול — קרבנות מקריב זיין צו אים, צו באַקערן אים, ער זאָל זיי אונטער זיין שוץ נעמען און מציל זיין פון דעם אומגליק, וואָס האָט געהאַלטן אין קומען אויף זיי.

און דאַן האָט זיך גאָט צו אים באַוויזן אין חלום, וואָס האָט זיך אים געחלומט נאָכדעם, וואָס ער האָט מקריב געווען די קרבנות און געהייסן אים, ער זאָל זיך פאַסן מוט און באַצירן די שטאָט און עפענען די טויערן, אַז די איבעריקע זאָלן דערשיינען אין ווייסע מאַנטלען, אָבער ער און די כהנים זאָלן באַגעגענען דעם קעניג אין דער פּראַכט, וואָס איז פּאַסיק פאַר זיי לויט זייער ראַנג אָן שום מורא פאַר שלעכטע פאָלגן.

און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף האָט ער זיך זייער געפרייט און דערציילט אַלעמען די וואָרנונג, וואָס ער האָט פון גאָט באַקומען.

און אין איינקלאַנג מיט דעם דאָזיקן חלום האָט ער אויך געהאַנדלט, און ער האָט אַזוי געוואַרט אויף דעם אָנקומען פון דעם קעניג.

און אַז ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער קעניג איז שוין ניט ווייט פון דער שטאָט, איז ער אַרויסגעגאַנגען אין אַ פּראָצעסיע אַנטקעגן אים מיט די כהנים און פילע מחנות פון פאָלק. די פּראָצעסיע איז געווען הערלעך און איז געווען אַנדערש פון ענלעכע פּראָצעסיעס פון אַנדערע נאַציאָנען.

און די פּראָצעסיע איז צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן צפה, פון וואַנען מען האָט געקענט זען ירושלים און דעם בית המקדש.

און די פיניציער און די כאַלדעער, וואָס זיינען געגאַנגען מיט אלכסנדרן, האָבן געדענקט, אַז עס וועט זיי געגעבן ווערן פרייהייט צו פלינדערן די שטאָט און פאַרפייניקן צום טויט דעם כהן גדול. זיי האָבן זיך געריכט דערויף צוליב דעם כעס פון דעם קעניג אויף דעם כהן גדול. זיי האָבן אָבער באַלד געזען, ווי דאָס פאַרקערטע האָט געטראָפן.

וואָרים ווען אלכסנדר האָט געזען פון דערווייטנס די גרויסע מענ־נען פון מענטשן אין ווייסע מאַנטלען, בשעת די כהנים זיינען געשטאַ־נען אָנגעטאָן אין פיינע לייוונטענע מאַנטלען און דער כהן גדול אין פורפור און שאַרלאַך רויטע קליידער מיט זיין הויב אויפן קאָפּ, וואָס האָט געהאַט אויף זיך דעם ציץ הזהב, אויף וועלכן עס איז גאָטס נאָמען אויסגעקריצט געווען, איז ער דעם כהן גדול אַנטקעגן געגאַנגען און געערט דעם נאָמען פון גאָט און דער ערשטער באַגריסט דעם כהן גדול.

און די אידן האָבן אויך אַלע צוזאַמען מיט איין קול באַגריסט אלכסנדר מוקדון און האָבן געמאַכט אַ קרייז אַרום אים.

---

אין דער ווייטערדיקער באַשרייבונג וועגן דער באַגעגעניש פון אלכסנדר מוקדון מיט דעם כהן גדול דערציילט יאָזעפוס, אַז ווען די קעניגע פון סיריע און די איבעריקע האָבן געזען, וואָס פאַר אַ כבוד דער קעניג גיט אָפּ דעם אידישן כהן גדול, האָבן זיי זיך זייער געוואונ־דערט דערויף וואָס ער האָט געטאָן, און האָבן געדענקט, אַז ער איז פון זינען אַראָפּ.

איינער אָבער פון די, וואָס זיינען געגאַנגען מיט אים, פאַרימעניו, איז דאַך צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט אים, ווי אַזוי קומט עס, אַז ווען אַלע אַנדערע גיבן אים אָפּ כבוד, זאָל ער אָפּגעבן כבוד דעם כהן גדול פון די אידן?

און ער האָט געענטפערט:

— וואָרים איך האָב געזען די דאָזיקע פערזאָן אין חלום אָט פונקט אַזוי ווי איך זע אים איצט, ווען איך בין געווען אין טעמפּעל אין מאַקע־דאָניען. איך האָב אים דערזען פאַר זיך, ווען מיין געדאַנק איז געווען פאַרנומען מיט מחשבות וואָס פאַר אַ פּלענער איך זאָל אויסאַרבעטן, כדי עס זאָל פאַר מיר מעגלעך ווערן צו ברענגען אַזיע אונטער מיין הערשאַפט. ער האָט מיך אויפגעפאָדערט איך זאָל די זאַך ניט אָפּ־לייגן נאָר איך זאָל מוטיק דעם ים אַריבערגיין, וואָרים ער וועט אָנפירן מיט מיין אַרמיי און וועט איבערגעבן אין מיינע הענט די הערשאַפט איבער פּערסיע. און ביז איצט האָב איך קיין אַנדערן ניט געזען,

וואָס זאָל אויסזען ווי די פּערזאָן וואָס איך האָב דעמאָלט געזען אין חלום. דער איינציקער וואָס זעט אויס ווי יענע פּערזאָן, איז דער כהן גדול וואָס איך זע איצט פאַר זיך. און דערמאָנענדיק זיך אין דער זעאונג און אין דער אויפפאָדערונג, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין חלום. גלויב איך, אַז איך פיר מיינע אַרמייען אונטער דער געטלעכער השגחה, און איך וועל דעריבער באַזיגן דריושן און צעשטערן די מאַכט פון די פּערסער, און אַז אַלע זאַכן וועלן פאַרקומען פונקט ווי איך דענק.

און נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט צו פּאַרימעניו און געגעבן דעם כהן גדול זיין רעכטע האַנט, איז ער, אַרומגערינגלט פון די כהנים, אַריינגעקומען אין שטאָט.

און ווען ער איז אַריינגעקומען אין בית המקדש האָט ער מקריב געווען קרבנות צו גאָט לויט דעם כהן גדולס אָנווייזונגען און האָט מיט גרויס כבוד באַהאַנדלט ביידע, אי דעם כהן גדול און אי די כהנים.

און ווען מען האָט אים געוויזן דעם ספר דניאל, וואו דניאל דער־קלערט, אַז איינער פון די גריכן וועט חרוב מאַכן די פּערסישע מלוכה, האָט ער געגלויבט, אַז דאָס איז ער עס אַליין די פּערזאָן, וועגן וועל־כער עס ווערט דאָרטן אָנגעוויזן.

און אין אַ פריילעכן געמיט האָט ער פריי געלאָזן די צונויפגע־זאַמלטע מחנות. אויף מאָרגן אָבער האָט ער זיי גערופן צו זיך און געזאָגט צו זיי, זיי זאָלן בעטן פון אים וואָס פאַר אַ טובות זיי ווילן נאָר. האָט דאַן דער כהן גדול געזאָגט צו אים, אַז זיין פאַרלאַנג איז, אַז זיי זאָלן האָבן די מעגלעכקייטן אָפּצוהיטן די מצוות פון דער תורה, וואָס איז צו זייערע אור־עלטערן געגעבן געוואָרן און מעגן ניט צאָלן קיינע צינזן אין דעם יאָר פון שמיטה. ער האָט זיי צוגעזאָגט צו דער־פילן אַלע זייערע פאַרלאַנגען. דאַן האָבן זיי אים ווידער געבעטן, ער זאָל זיי דערלויבן, זיי זאָלן אויך קענען לעבן לויט זייערע אייגענע געזעצן. האָט ער זיי צוגעזאָגט אויך דעם דאָזיקן פאַרלאַנג זייערן צו דערפילן.

און אלכסנדר האָט געזאָגט צו די פאַרזאַמלטע, אַז יעדער איינער פון זיי, וואָס וויל זיך אָנשליסן אין זיין אַרמיי, וועט קענען זיך האַלטן דינענדיק אין זיין אַרמיי אין די מנהגים פון זיינע עלטערן און לעבן לויט זיי. האָבן זיך פילע אָפּגערופן אויף זיינע רייד. זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן זיין אַרמיי און באַגלייט אים אין אַלע זיינע מלחמות.

---

אַט אַזוי ווערט דערציילט ביי יאָזעפוסן וועגן דעם קומען פון יהודה אונטער דער פּאָליטישער הערשאַפט פון אלכסנדר מוקדון. און די

אייגענע לעגענדע ווערט אויך אין נאָך אַנדערע אידישע קוועלן איבער־געחזרט. מיט דעם אונטערשייד, וואָס ביי יאָזעפוס ווערט דער כהן גדול גערופן מיט דעם נאָמען ידוע, וואָס איז דער לעצטער כהן גדול אונטער דער פערסישער הערשאַפט געווען, און אין די אַנדערע מקורים ווערט דערציילט, אַז דער כהן גדול, וואָס האָט אלכסנדר מוקדון באַ־געגנט, איז געווען שמעון הצדיק, וועלכער איז געווען ידועס אַן איי־ניקל, וואָרים שמעון דער זון פון חוניו, וועלכער איז געווען אַ זון פון ידוע דעם כהן גדול, ווי אויך — לויט אַנדערע — דער צווייטער שמעון בן חוניו*) דעם ערשטן שמעונס אַן אייניקל, זיי זיינען ביידע מיט דעם דאָזיקן נאָמען — מיט דעם נאָמען צדיק — גערופן געוואָרן. און גרעץ מאַכט אַ פשרה, אַז דער כהן גדול, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן אלכסנדר מוקדון איז, וואַרשיינלעך, ניט ידוע, ווי יוסיפון גיט אָן, און ניט שמעון הצדיק, ווי דער תלמוד און די מדרשים גיבן אָן, געווען, נאָר חוניו דער ערשטער. דער גרויסער גאון אָבער רבי יצחה אייזיק הלוי האָט דאָס לעצטע וואָרט געזאָגט וועגן דעם דאָזיקן ענין. ער באַווייזט, אַז עס איז אָנגעמבאַר, אַז שמעון הצדיק זאָל געווען האָבן געגאַנגען צו אלכסנדר מוקדון, ווי עס ווערט אין די מדרשים דערציילט. ווייל ער איז אַ גרויסער בעל צורה געווען און שוין אין די גאָר יונגע יאָרן שטאַרק באַרימט געווען ביים אידישן פאָלק פאַר זיין תורה און חכמה, דערפאַר האָט אים דער זיידע מיט זיך מיטגע־נומען, ער זאָל זיין באַגלייטער זיין, ווען ער איז געגאַנגען באַגעגענען אלכסנדר מוקדון.

און אָט אַזוי אַרום איז שוין אויך קיין סתירה ניט פאַראַן צווישן יאָזעפוס און די אַנדערע מקורים. יאָזעפוס, דער היסטאָריקער, וואָס זיין אויפגאַבע איז איבערצוגעבן פּינקטלעך די היסטאָרישע פאַקטן, דערמאָנט ידוען, וואָרים ער איז דער פאָרשטייער פון אידישן פאָלק דאַן געווען, וואָרים ער איז דאָך פאַקטיש געגאַנגען באַגעגענען אלכסנדרן. די מדרשים אָבער, וואָס זייער אויפגאַבע איז שטענדיק מרבה בשבחם צו זיין פון די גדולי האומה, דערמאָנען נאָר שמעונען, ווייל ער איז אין צענטער פון דער פאַסירונג געשטאַנען, ווייל ער איז דער „ראש המדברים" געווען אין דער אידישער דעלעגאַציע צו אלכסנדר מוקדון.

איבעריקס וועגן דעם אַלעם וועט אונדז נאָך אויסקומען צו ריידן שפּעטער.

---

*) לויט דעם בעל „דורות הראשונים" איז נאָר דער ערשטער שמעון מיט דעם נאָמען צדיק גערופן געוואָרן און ניט דער צווייטער.

ה

# די אידן זאָגן זיך אָפּ צו בויען אַ געצנדינערישן טעמפּל

דער היסטאָרישער אמת אין דעם אַלגעמיינעם אינהאַלט פון דער פריער דערציילטער לעגענדע. — אלכסנדרס באַציאונגען צום אידישן ישוב אין ארץ ישראל. — די אידן זאָגן זיך אָפּ צו באַטייליקן אין דעם צוריק אויפבויען פון דעם צע־שטערטן טעמפּל פון באַבילאָנישן אָפּגאָט. — די דאָזיקע אַרבעט איז אונטער־גענומען געוואָרן אויף דעם באַפעל פון אלכסנדר מוקדון און האָט באַדאַרפט דורכגעפירט ווערן דורך די זעלנער פון די אָקופּירטע טעריטאָריעס, וואָס האָבן זיך אין זיינע אַרמייען געפונען. — די מיליטער באַאַמטע האָבן דערפאַר שווער באַשטראָפט די אידישע זעלנער. — ווען די זאַך איז צו אלכסנדרן דערגאַנגען, האָט ער געהייסן, מען זאָל פון זיי די שטראָף אַראָפּנעמען, ווי אויך, אַז מען זאָל זיי פון דער אַרויפגעלייגטער פליכט אויף זיי באַפרייען. — ווי קומט דער נאָמען אלכסנדר ביי אידן? — וואָס די טראַדיציע דערציילט וועגן דעם. — דער פולשטענדיקער ריס צווישן אידישן פאָלק און די שומרונים, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען.

אומקערנדיק זיך צו דער לעגענדע, וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט, קענען מיר פאָלגנדעס זאָגן:

מעגן די אַלע פּרטים, וואָס ווערן באַשריבן אין דער דאָזיקער לעגענדע וועגן דעם אַרונטערפאַלן פון יהודה אונטער דער גריכישער הערשאַפט טאַקי ניט מער, ווי נאָר פון לעגענדאַרן ווערט זיין, אַנטהאַלט זי אָבער דאָך אין זיך היסטאָרישן אמת, וואָס אַמבאַלאַנגט דעם אַלגע־מיינעם אינהאַלט וועגן דעם, אַז אלכסנדר האָט זיך מיט פריינטשאַפט און רעספּעקט באַצויגן צום אידישן ישוב אין ארץ ישראל, ווי עס באַשטעטיקן דאָס די פילע היסטאָרישע פאַקטן, וואָס עס זיינען אונדז איבערגעבליבן וועגן דעם ווי אַזוי ער האָט אין פאַרשידענע פעלע געהאַנדלט אַנטקעגן די אידן.

אלכסנדר, וועלכער איז באַזעלט געווען פון גרויסן געדאַנק, ער זאָל אַן אַלוועלטלעכע מאָנאַרכיע שאַפן, ער זאָל אַלע פעלקער אונטער זיין הערשאַפט פאַראייניקן, וועלכער איז ווידער אַלס קינד פון דער

צייט, פון דער סביבה, אין וועלכער ער איז אויסגעוואקסן, אין וועל־כער ער האָט זיך דערצויגן, זייער ווייט געווען פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם, פון צו וועלן האָבן די אַמביציע דעם לעבנסשטייגער, די טראַדיציאָנעלע פירונגען פון די פון אים באַזיגטע פעלקער צו ענדערן, לויט דעם, ווי עס וואָלט אים געוואונטשן געווען, האָט גרויס ברייטהאַרציקייט אַרויס־געוויזן אין זיין באַגיין זיך מיט די באַזיגטע פעלקער, וואָס אַמבאַלאַנגט זייער רעליגיעזן לעבן, וואָס אַמבאַלאַנגט זייערע טראַדיציאָנעלע לעבנס־פירונגען. ניט נאָר האָט ער זיי דערלויבט צו האַלטן זיך אין זייערע אַלטע מנהגים, צו וועלכע זיי זיינען פון דורות לאַנג צוגעוואוינט געוואָרן, נאָר ער האָט זיי נאָך דערמוטיקט, זיי זאָלן זייער לעבנס־שטייגער אָנהאַלטן.. ניט נאָר האָט ער זיי ניט געשטערט, זיי זאָלן ניט קענען זייער רעליגיע אָפּהיטן, נאָר אויך ער אַליין האָט פאַר זייערע אויגן גרויס רעספּעקט אַרויסגעוויזן צו זייערע רעליגיעס. אין יעדן לאַנד, וואָס ער איז געקומען, האָט ער דאָרט קרבנות געבראַכט צו די געטער, צו וועלכע די איינוואוינער פון לאַנד האָבן געדינט. ער האָט מיט דעם דאָזיקן טאַקטפולן, טאָלעראַנטן באַגיין זיך מיט די באַ־זיגטע פעלקער געוואָלט זייערע הערצער צוציען צו זיך, זיי זאָלן ניט זוכן בונטן צו מאַכן קעגן אים, זיין הערשאַפט איבער זיי פון זיך אַראָפּצוואַרפן.

און אָט אַזוי האָט ער אויך באַשלאָסן מען זאָל צוריק אויפבויען דעם טעמפּל פון דעם באַבילאָנישן אָפּגאָט בל, וועלכער איז צעשטערט געוואָרן דורך איינעם פון די פּערסישע קעניגע.

און גלייכצייטיק דערמיט, וואָס ער האָט דורך דעם דאָזיקן אַקט אַרויסגעוויזן זיין גרויסן רעספּעקט צו די רעליגיעזע הייליקטימער פון די באַבילאָניער, גלייכצייטיק דערמיט האָט ער דורך אים אויך געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצואווייזן זיין רעספּעקט צו די רעליגיעזע געפילן פון אידישן פאָלק.

אלכסנדר האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג צו זיינע סאָלדאַטן, זיי זאָלן אָפּרייניקן די חורבות פון דעם פּלאַץ, וואו דער טעמפּל איז געשטאַנען. די אַלע סאָלדאַטן האָבן, נאַטירלעך, דעם דאָזיקן באַפעל אויסגעפאָלגט. די אידישע סאָלדאַטן האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון צו באַטייליקן זיך אין דער דאָזיקער אַרבעט. זיי האָבן ניט געוואָלט העלפן בויען דעם · געצנדינערישן טעמפּל. דאָס האָט, נאַטירלעך, אַרויסגערופן אויף זיי דעם כעס פון די מיליטער־באַאמטע, וועלכע האָבן זיי דערפאַר שווער באַשטראָפט. די שטראָף האָט אָבער ניט געבראַכט די געווינשטע רעזולטאַטן. די אידן זיינען איינגעעקשנט

געבליבן. זיי זיינען גרייט געווען די גרעסטע יסורים אויסצושטיין, אַבי ניט צו טאָן אַ זאַך, וואָס איז פאַרבונדן מיט עובר זיין אויף איינעם פון די הויפּט עיקרים פון דער אידישער אמונה.

ווען די זאַך איז אָבער דערגאַנגען צו אלכסנדרן האָט ער געהייסן, מען זאָל פון זיי די שטראָף אַראָפּנעמען און ער האָט זיי באַפרייט פון דער פליכט, וואָס איז אויף זיי געלעגן צו באַטייליקן זיך אין דעם בויען פון דעם טעמפּל.

און אַזאַ פרייגיביקע פריינטשאַפט האָט ער אַרויסגעוויזן צו די אידן נאָך אין פילע אַנדערע פעלע.

און צי די פריינטשאַפט פון אלכסנדר צום אידישן פאָלק איז פון אַן אויסנאַם כאַראַקטער געווען; צי ער האָט צום אידישן פאָלק אין אַ פיל גרעסערער מאָס, ווי צו די אַנדערע פון אים באַזיגטע פעלקער זיין פריינטשאַפט אַרויסגעוויזן, צוליב דעם וואָרים געפיל, ווי מיר האָבן גאָר פריער אונדזער השערה אַרויסגעזאָגט, וואָס ער האָט, ווי עס זאָל הייסן פאַרמאָגט פאַר דעם אידישן פאָלק, אָדער זי איז פון דעם זעלבן כאַראַקטער געווען, ווי עס איז געווען די פריינטשאַפט זיינע, מיט וועלכע ער האָט זיך צו אַנדערע פעלקער באַצויגן; דער פאַקט איז, אַז נאָכדעם, ווי אלכסנדר האָט אַנגעשלאָסן יהודה אין זיין מלוכה, איז ער זיך די גאַנצע צייט פון זיין הערשאַפט זייער פריינטלעך מיט דעם אידישן פאָלק באַגאַנגען און ער האָט אויך גרויס כבוד צו דער אידישער אמונה אַרויסגעוויזן. שטרענג, גרויזאַם ווי ער איז געווען מיט די וואָס האָבן זיך קעגן זיין ווילן געשטעלט, איז ער אָבער אַ נאָבעלער, איידעלער הערשער געווען איבער די, וואָס האָבן זיין הערשאַפט אנערקענט, צו די, וואָס האָבן אים טריי געדינט.

און מיט ליבע און איבערגעבנקייט האָבן אויך די אידן צו אלכסנדרן זיך באַצויגן.

אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז זייער טריי בלייבן דער פּערסישער מאַכט וועט נאָר זיי אַליין גרויס שאָדן ברענגען, וועט נאָר שטעלן אין געפאַר זייער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, וועט אָבער כלל ניט אימשטאַנד זיין דעם פאַטאַלן שיקזאַל פון פּערסיע צו ענדערן — אין דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז דער ווילן פון דער השגחה, אַז פּערסיע זאָל אַלס גרויסע פּאָליטישע מאַכט פון דער געשיכטלעכער סצענע אַראָפּ, האָבן אויך זיי, ווי אַלע אַנדערע, זיך אונטערגעוואָרפן אונטער דער פּאָליטישער הערשאַפט פון אלכסנדרן, און מיט דער זעלבער לאָיאַליטעט, מיט וועלכער זיי האָבן זיך פריער

אַלס פּאָליטיש אונטערוואָרפענע נאַציע צום פּערסישן הויף פאַרטראָגן, האָבן זיי זיך איצט צו אלכסנדרן פאַרטראָגן.

און די דאָזיקע לאָיאַליטעט איז אויך אין ליבע, דאַנקבאַרקייט און פאַרערונג איבערגעגאַנגען, ווען זיי האָבן זיך באַקענט מיט זיין פּערזענלעכקייט אַלס גרויסמוטיקער, ליבעראַלער קריגס העלד, וואָס זוכט ניט קיין נקמה פון די פעלקערשאַפטן, וואָס ער באַזיגט, ווען זיי האָבן געזען די ספּעציעלע אַכטונג, דעם ספּעציעלן כבוד, די ספּעציעלע פריינטשאַפט, וואָס ער האָט אין זיינע באַציאונגען צו זיי אַרויסגעוויזן.

און אַלס אַ צייכן פון דער דאָזיקער ליבע צו אים, ווי די מסורה דערציילט, איז אויך דער נאָמען אלכסנדר, וואָס געפינט זיך ביי אידן.

ווען אלכסנדר — דערציילט די מסורה — איז אַריינגעקומען קיין ירושלים אַלס זיגער און ער איז צום בית המקדש צוגעקומען, האָט ער פאַרלאַנגט פון פאָלק, מען זאָל זיין בילד אין בית המקדש אַריינשטעלן, ווי מען פלעגט אַריינשטעלן זיין בילד אין אַלע אַנדערע טעמפּלען פון די באַזיגטע פעלקער. די אידן האָבן אים אָבער דערקלערט, אַז זייער רעליגיע פאַרבאָט זיי צו טאָן אַזאַ זאַך. מיר וועלן אָבער — האָבן זיי אים ווייטער געזאָגט — אַן אַנדער זאַך טאָן, וואָס וועט דיין נאָמען ביי אונדז פאַראייביקן. די אַלע אינגלעך, וואָס וועלן דאָס יאָר געבוירן ווערן ביי אונדז, וועלן מיר מיט דיין נאָמען רופן, וועלן מיר זיי אַ נאָמען געבן אלכסנדר. אלכסנדר איז צופרידן געבליבן, און די אידן האָבן זייער צוזאָג געהאַלטן. יעדער איינער פון דער אידישער באַפעלקערונג אין יהודה, וואָס עס איז ביי אים אין יענעם יאָר אַ אינגל געבוירן געוואָרן, האָט ער אים דעם נאָמען אלכסנדר געגעבן. און פון דאַן אָן, זאָל עס הייסן, איז דער נאָמען אלכסנדר ביי אידן געבליבן.

---

און אויך אין אינערלעכן לעבן פון אידישן פאָלק איז צו יענער צייט אַ וויכטיקע פאַסירונג פון גאָר גרויס באַדייטונג פאָרגעקומען. דער ריס צווישן דעם אידישן פאָלק און די שומרונים איז איצט אַ פולשטענדיקער געוואָרן. אין דער דאָזיקער עפּאָכע איז רעאַליזירט געוואָרן די אידייע, צו וועלכער סנבלט, דער שווער פון מנשה, וועמען זיין ברודער, ידוע דער כהן גדול, האָט פאַרטריבן פון ירושלים פאַר זיין הייראַטן מיט סנבלטס טאָכטער, האָט זיך דערטראַכט, אַז מען זאָל מאַכן אַ באַזונדער בית המקדש, אין וועלכן זיין איידעם זאָל דער כהן גדול זיין — פאַר די שומרונים, אַז אָנשטאָט זיי זאָלן זיך בעטן ביי די

אידן, זיי זאָלן לאָזן זיי אָנשליסן זיך אין זיי, זיי זאָלן זיי אַלס טייל פון אידישן פאָלק אַריינגעמען, זאָלן זיי גאָר זיך אַליין אַלס דאָס אמתע אידישע פאָלק דערקלערן, פאַרזאָרגנדיק זיך דערביי מיט אייגענע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, מיט אָט יענע אַלע נויטיקע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען שטענדיק אין אידישן לעבן איינגעפירט געוואָרן, כדי זיי זאָלן קענען אָן אייגן רעליגיעז אידיש לעבן פירן, כדי זיי זאָלן ניט צוליב דעם אַלעם דאַרפן אָפּהענגיק זיין פון אידישן פאָלק.

מיר האָבן אין איינעם פון די קאַפּיטלען פון פריערדיקן טייל דערציילט וועגן דעם, ווי אַזוי סנבלט האָט געזוכט צו באַקומען אַ דערלויבעניש — אַ טעמפל פאַר די שומרונים צו בויען פון דעם לעצטן פערסישן קעניג. צוליב די מלחמות אָבער מיט אלכסנדר מוקדון, אין וועלכע דריוש איז אַריינגעצויגן געוואָרן, איז אוממעגלעך געוואָרן פאַר סנבלטן צו רעאַליזירן זיין וואונטש מיט דער הילף פון דריושן. און איצט האָבן די דאָזיקע דערלויבעניש די שומרונים באַ־קומען פון אלכסנדרן.

ו

# דער טעמפּל פון די שומרונים

די שומרונים בויען פאַר זיך אַן אייגענעם טעמפּל. — האָבנדיק איצט זייער אייגענעם בית המקדש און זייערע אייגענע כהנים און לויים זיינען זיי אַזוי־אַרום אינגאַנצן אָפּגעטיילט געוואָרן פון אידישן פאָלק. — זיי באַרימען זיך איצט, אַז די אמתע אידן זיינען זיי גאָר. — צוזאַמען מיט דער דאָזיקער באַרימעריי אַנטוויקלט זיך ביי זיי אַ שטאַרקער האַס צום אידישן פאָלק. — וואָס יאָזעפוס דערציילט וועגן דעם, ווי די שומרונים האָבן באַקומען די דערלויבעניש פון אלכסנדרן צו בויען זייער טעמפּל אויפן הר גריזים. — דורך חניפה, שקרים און מסירות האָבן זיי די דאָזיקע דערלויבעניש געקראָגן. — די ענדערונג, וואָס עס איז געקומען אין אלכסנדרס באַציאונגען צו די שומרונים. — זיי ווערן אייפערזיכטיק אויף די אידן, הלמאי אלכסנדר ווייזט זיי ניט אַרויס אַזויפיל פריינדשאַפט, ווי ער ווייזט די לעצטע אַרויס. — אלכסנדרס וואַרימע פריינדשאַפט צום אידישן פאָלק פאַרפלאַנצט נאָך מער גיפטיקע שנאה צו אידן אין זייערע הערצער.

אויף דעם שפּיץ פון הר גריזים, הינטער דער שטאָט שכם, וואָס געפינט זיך אין סאַמע האַרץ פון ארץ ישראל, האָבן די שומרונים אויפגעשטעלט זייער טעמפּל.

זיי האָבן אויסגעקליבן דעם דאָזיקן פּלאַץ, ווייל זיי האָבן די מעג־לעכקייט געהאַט הייליקייט אים צוצושרייבן צוליב דעם, וואָס גאָט האָט געהייסן פּראָקלאַמירן פון אים ברכות פאַר די, וואָס וועלן מקיים זיין די מצוות פון דער תורה. זיי האָבן אים גערופן — און דער דאָזיקער נאָמען איז ביי זיי שוין אויף שטענדיק פאַר אים געבליבן — הר הברכה. זיי האָבן אָבער אים גערופן אַזוי, ניט דערפאַר, וואָס, ווי מיר האָבן פריער געשריבן, די תורה האָט געהייסן בענטשן פון אים די, וואָס וועלן מקיים זיין די מצוות פון דער תורה. זיי האָבן אַן אַנדער אינהאַלט אַריינגעלייגט אין די דאָזיקע ווערטער. זיי האָבן דערקלערט, אַז דער באַרג אַליין איז געבענטשט דערפאַר, וואָס ער איז אַ מקום ברכה. פון אים פליסט ברכה שפע אַרויס אויף דער וועלט. און ווייל ער איז אַזאַ — דעריבער האָט גאָט געהייסן בענטשן פון אים די, וואָס ווילן אין זיינע וועגן גיין. זיי האָבן געטענהט, אַז די אידן האָבן געפעלשט די תורה אין אָט אַלע יענע ערטער, וואו עס רעדט זיך אין איר וועגן „הר המוריה" אַלס הייליקן באַרג, אַלס

דער פּלאַץ, וואָס גאָט האָט אויסדערווײלט, ער זאָל דאָרטן זײן שכינה מאַכן רוען. אין אמתן — האָבן זײ געזאָגט — איז גאָר דער באַרג גריזים דער הײליקסטער פּלאַץ אויף דער וועלט, און נאָר ער איז ראוי, עס זאָל אויף אים אַ הויז פאַר גאָט שטײן.

און אָט אַזוי זײנען זײ — די שומרונים — איצט אינגאַנצן אָפּגעטײלט געוואָרן פון אידישן פאָלק. זײ האָבן געהאַט איצט זײער אײגענעם בית המקדש און אויך זײערע אײגענע כהנים און לוויים, וואָס זײנען טאַקי אויך אמתע כהנים און לוויים געווען, וואָס האָבן מזרע אהרן און מזרע לוי געשטאַמט, די כהנים און לוויים, וואָס האָבן פאַר־לאָזט יהודה צוליב די גוטע באַלוינונגען, וואָס סנבלט האָט זײ צוגע־זאָגט, אָדער צוליב דעם, וואָס זײ האָבן געהאַלטן מיט דעם אַרויס־געטריבענעם מנשה, דעם ברודער פון ידוע. אויסער די כהנים און לוויים, האָבן זײ ווידער געהאַט נאָך אַנדערע אידישע עלעמענטן בײ זיך, אָט יענע אַלע, וואָס האָבן זיך פאַראײניקט מיט די שומרונים, ווײל סנבלט האָט זײ צוגעזאָגט לאַנד און הײזער. זײ האָבן אַזוי אַרום געהאַט די אַלע מעגלעכקײטן צו מאַכן אַן אָנשטעל, צו באַרימען זיך, אַז זײ זײנען די אמתע אידן, וואָס זײ האָבן עס איצט טאַקע אויך געטאָן מיט דער זעלבער עקשנות, מיט וועלכער זײ האָבן פריער געריסן זיך דערצו, די אידן זאָלן זײ זיך לאָזן אָנשלעסן אין זײ.

און ווי גרויס עס איז פריער געווען די שטרעבונג זײערע, זײ זאָלן קענען אין אידישן אָרגאַניזם אָנגעהעפט ווערן, אַזוי גרויס איז איצט געוואָרן דער האַס, די שנאה, מיט וועלכער זײ האָבן זיך צום אידישן פאָלק באַצויגן. די גאַנצע ענערגיע, מיט וועלכער זײ האָבן זיך פריער געריסען, זײ זאָלען קענען אַ טײל ווערען פון אידישען פאָלק, איז איצט איבערגעבערענט געוואָרן אין אַ ביטערער שנאה צום זעלבן פאָלק, מיט וועלכן זײ האָבן אַזוי געגאַרט זיך צו פאַראײניקן.

די שומרונים זײנען איצט די בלוטיקסטע שונאים פון אידישן פאָלק געוואָרן. ווען עס וואָלט אין זײער מאַכט געווען, וואָלטן זײ ביז צום לעצטן דאָס גאַנצע פאָלק אויסגעראָטן: דאָס פאָלק, וואָס זײ האָבן מיט אַזאַ נײגעריקײט, מיט אַזאַ לײדנשאַפט קאָפּירט אין אַלץ, נאָך וועמענס הסכמה אויף קענען זיך רעכענען אַלס אידן זײ האָבן זיך אַזוי עקשנותדיק געיאָגט ביז איצט.

---

ווען דעם, ווי אַזוי די שומרונים האָבן באַקומען די דערלויבעניש פון אלכסנדר מוקדון צו בויען זײער טעמפּעל, לײענען מיר בײ יאָזעפוס דעם פאָלגנדן ספור המעשה:

אַז ער, סנבלט, האָט געדענקט, אַז ער האָט איצט — ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דריוש האָט ניט געקענט געבן אלכסנדר מוקדון דעם טויט־קלאַפּ, וואָס אַלע האָבן געדענקט, אַז ער וועט אים געבן, אין זיין שטורמדיקן אים אַנטקעגן גיין — גפונען אַ געהעריקע געלעגנהייט צו רעאַליזירן זיין וואונטש, ווען ער האָט געזען, אַז פון דריושן וועלן זיינע וואונטשן ניט קענען געבויט ווערן, האָט ער זיך באַלד צו אים מיט דעם נאַקן צוריקגעקערט און געזוכט זיך איינקויפן אין פריינטשאַפט ביי אַלכסנדרן.

ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דריוש, און נעמענדיק מיט זיך זיבן טויזנט פון זיינע אייגענע אונטערטאַנען, איז ער געקומען צו אלכסנדרן און געפינענדיק אים אָנהויבנדיק די באַלאַגערונג פון צור, האָט ער צו אים געזאָגט, אַז ער האָט צו אים געבראַכט די דאָזיקע לייט, וועלכע קומען פון פלעצער, וואָס געפינען זיך אונטער זיין, סנבלטס ממשלה, און ער נעמט גערן אָן אים, אלכסנדרן, אַלס זיין אויבערהאַר, אַנשטאָט דריושן: אַזוי, אַז ווען אלכסנדר האָט אים אויפגענומען פריינטלעך, האָט זיך נאָכדעם סנבלט אָנגענומען מיט מוט און גערעדט מיט אים וועגן זיינע קעגנוואַרטיקע אַפערן. ער האָט אים דערציילט, אַז ער האָט אַן איידעם מנשה, אַ ברודער פון דעם כהן גדול ידוע און אַז נאָך פילע אַנדערע פון זיין אייגענער נאַציע זיינען פאַראייניקט מיט אים אין וואונש צו האָבן אַ טעמפל אין די ערטער, וואָס זיינען אונטערוואָרפן אונטער אים, אַז עס וואָלט געווען פאַר דעם קעניגס טובה וועגן צו האָבן צעטיילט אין צוויי טיילן די שטאַרקייט פון די אידן, וואָרים, ווען די נאַציע איז אין איין געדאַנק און פאַראייניקט קעגן יעדן פאַרזוך פון נייע איינפירונגען, פאַרשאַפט דאָס אומאנגענעמ־לעכקייטן צו די קעניגע, ווי עס איז פריער דער פאַל געווען מיט די מלכי אשור.

און די דאָזיקע חנופה רייד און די מסירות האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף אלכסנדרן.

ער האָט געגעבן רשות צו סנבלט צו רעאַליזירן זיין פאַרלאַנג, און ער, סנבלט האָט זיך מיט אַ גרויס התמדה און פלייסיקייט גענומען פאַר דעם בויען פון טעמפל, און געמאַכט מנשהן פאַר דעם כהן גדול.

אלכסנדרס פריינטשאַפט צו די שומרונים האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. עס איז גיך אַן ענדערונג אַריינגעקומען אין זיינע באַ־ציאונגען צו זיי. די דאָזיקע ענדערונג איז געקומען נאָכדעם, ווי אויך די אידן האָבן זיך אונטער זיין הערשאַפט אונטערוואָרפן. אלכסנדר, וועלכער איז געווען אַ רעאַל־פּאָליטיקער, וועלכער האָט געזוכט צו

רעגולירן זיינע באַציאונגען מיט די וואָס זיינען אים אונטערוואָרפן אויף אַ וועג דורך וועלכן עס זאָל קענען זיין הערשאַפט געשטאַרקט ווערן, האָט פאַרשטאַנען אַז די לאָיאַליטעט און טריישאַפט פון די אידן, איז אים נאָך וויכטיקער צו האָבן ווי די לאָיאַליטעט און טריישאַפט פון די שומרונים. און אין אנקלאַנג מיט דער דאָזיקער איבערצייגונג זיינער, האָט ער זיך אויך געפירט אין די באַציאונגען זיינע צו די אידן און די שומרונים.

ער האָט זיך צו די ערשטע, נאָכדעם, וואָס אויך זיי זיינען אַרונ־טערגעקומען אונטער זיין הערשאַפט, מיט מער רעספּעקט און מיט מער פריינטשאַפט באַצויגן, ווי צו די לעצטע. ער האָט געמוזט מער רעספּעקט פאַרמאָגן צו די אידן אויך צוליב דעם וואָס אויך אים אַלס אָביעקטיווער ניט פאַראינטערעסירטער צד, האָבן געמוזט אויס־קוקן קאָמיש די פּרעטענזיעס פון די שומרונים, אַז נאָר זיי זאָלן אַלס די אמתע אידן באַטראַכט ווערן, אויף וויפיל ער האָט אין די אידן דעם אָריגינאַל פון אידישן פאָלק געמוזט זען און אין די שומרונים נאָר די נאָכאָמונג זיינע. אויך דאָס וואָס די אידן זיינען אויף אַן אַן ערך פיל העכערער שטופע פון מאָראַל און קולטור ווי די שומרונים געשטאַנען — אויך דאָס האָט געמוזט פיל בייטראָגן דערצו, אַז אלכסנדר מוקדון זאָל פיל מער פריינטשאַפט, פיל מער רעספּעקט אין זיינע באַציאונגען צו די אידן ווי אין זיינע באַציאונגען צו די שומרונים, אַרויסווייזן.

אַזוי צי אַזוי, אלכסנדר מוקדון האָט ווירקלעך אַ וואַרעם געפיל פאַרמאָגט פאַר די אידן און האָט זיך צו זיי מיט פיל מער פריינטשאַפט, ווי צו די שומרונים, באַצויגן.

און אָט די דאָזיקע ספּעציעלע פריינטשאַפט, וואָס אלכסנדר האָט צו די אידן אַרויסגעוויזן, האָט אַן אייפערזוכט געפיל אַרויסגערופן ביי די שומרונים און האָט איינגעפלאַנצט אין זייערע הערצער נאָך מער גיפטיקע שנאה, נאָך מער גיפטיקן האַס, צום אידישן פאָלק.

ז

# דער בונט פון די שומרונים

דערפאַר וואָס אלכסנדר האָט גרויס פריינדשאַפט אַרויסגעוויזן צו די אידן, זיינען זיי אויך אים דם שונאים געוואָרן. — זיי ברעכן זייער לאָיאַליטעט צו אים, מיט וועלכער זיי האָבן פריער געאיילט זיך צו קומען צו אים. — די שאַרפע פאָרם, וואָס די דאָזיקע אומלאָיאַליטעט האָט אָנגענומען. — זיי פאַנגען אלכסנדרס שטעל פאַרטרעטער, אנדראמאכאס, און פאַרברענען אים לעבעדיקערהייט. — אלכסנדר נעמט נקמה פון זיי פאַר דער דאָזיקער דערמאָרדונג. — ער נעמט ביי זיי אויך אַוועק אייניקע גרעניץ לענדערייען צווישן שומרון און יהודה און גיט זיי אַוועק צו די אידן. — כדי צו ערגערן די שומרונים, ווייזט ער נאָך מער פריינדשאַפט צו די אידן אַרויס און באַשענקט זיי מיט פריוויליעגעס פילע.

די דאָזיקע פאַרשטאַרקטע שנאה פון די שומרונים צום אידישן פאָלק דורך דער פריינטשאַפט פון אלכסנדר צו זיי, צו די אידן, האָט אויך שנאה אין זייער — פון די שומרונים — האַרץ צו אלכסנדרן געבוירן. זיי האָבן אויף אים אַ בייז האַרץ געהאַט דערפאַר, וואָס ער האָט זיי אין די באַציאונגען זיינע צו זיי אויף אַ נידעריקער מדרגה, ווי די אידן, געשטעלט. און צו געבן אויסדרוק צו זייער שנאה, צו זייער פראָטעסט געפיל אַנטקעגן אלכסנדרן דערפאַר, וואָס ער האָט זיי ניט, לויט ווי זיי האָבן געגלויבט, ווי געהעריק באַהאַנדלט, האָבן זיי געבראָכן זייער לאָיאַליטעט, מיט וועלכער זיי האָבן זיך אַזוי געאיילט פריער צו קומען צו אים, אין וועלכער זיי האָבן אַזוי געזוכט פריער די אידן צו איבערשטייגן.

און איינמאָל האָט די דאָזיקע אומלאָיאַליטעט אויך די פאָרם פון אַ שאַרפן רעוואָלט, פון אַ בונט אָנגענומען.

דער גאַנצער באַדן שטח, וואָס האָט זיך אין צפון געגרעניצט מיט דעם באַרג תבור און מיט דעם באַרג לבנון און אין דרום מיט עגיפטן, דער דאָזיקער גאַנצער שטח, וואָס האָט זיך גערופן קעלעסיריען, נידער סיריען, צו אונטערשיידן אים פון דעם אויבער סיריען, וואָס איז געלעגן אין דער נאַכבאַרשאַפט פון טייך פרת, דער דאָזיקער גאַנצער

שטח, וואָס איז ביז איצט געווען צעטיילט אויף באַזונדערע פּראָווינצן, באַזונדערע אומאָפּהענגיקע שטאָטן, איז איצט אין איין פּראָווינץ פאַראייניקט געווען, און דער פאַרוואַלטער פון דער דאָזיקער גרויסער פּראָווינץ האָט געוואוינט אין שומרון צוליב דעם, וואָס זי האָט זיך געפונען אין צענטער פון דער גאַנצער פּראָווינץ.

דער נאָמען פון דעם דאָזיקן שטעלפאַרטרעטער וואָס אלכסנדר האָט באַשטימט איבער קעלעסיריען, איז געווען אַנדראמאכאס. האָבן די שומרונים געמאַכט אַ בונט אַנטקעגן אים. זיי האָבן אים געפאַנגען גענומען און אַ לעבעדיקן אין די פלאַמען פון אַ שייטערהויפן פאַרברענט.

און אויב פריער האָט זיך די ניט פריינטלעכקייט פון אלכסנדרן אין זיינע באַציאונגען צו די שומרונים אויסגעדריקט נאָר אין דעם, וואָס ער האָט צו די אידן מער פריינטלעכקייט, ווי צו זיי, צו די שומרונים, אַרויסגעוויזן, איז איצט אַ, נאָכדעם ווי די שומרונים האָבן צו אים אָפענע שנאה אַרויסגעוויזן, נאָכדעם, וואָס ניט רעכענענדיק זיך מיט די קאָנסעקווענצן, וואָס דער דאָזיקער אכזריותדיקער טאָט קען ברענגען, זיינען זיי אויך אויף אַזוי וויט אין זייער פאַרראַט צו אים געגאַנגען, זיין פאַרטרעטער צו טויטן, איז איצט אַ זיינען געוואָרן די דאָזיקע באַציאונגען זיינע טאַקי אמת פיינטלעכע און עס איז אין זיי דער עלעמענט פון נקמה־זוכענדן און נקמה־נעמענדען טעראָר אַריינגעטראָטן.

מען קען זיך פאָרשטעלן, ווי געטראָפן עס האָט זיך געמוזט פילן דער שטאָלצער הערשער, וואָס קיינער האָט זיך ניט קעגן זיין מאַכט געשטעלט, וואָס זיין וואָרט איז פאַר די אַלע, וואָס האָבן זיך אונטער זיין הערשאַפט געפונען, אַ געזעץ געווען, וואָס האָט גאַנץ עגיפּטן אונטער זיין הערשאַפט געבראַכט, ווען עס איז צו אים די ידיעה געקומען וועגן דעם, אַז די שומרונים האָבן זיין שטעלפאַרטרעטער אין סיריע געטויטעט. אויף וויפיל אומדערוואַרטעט עס האָט געמוזט זיין דער בונט פון דעם קליינעם, אומבאַדייטנדן פאָלק פון די שומרונים פאַר אים, פאַר וועמען אויך די שטאָלצע פּריסטער פון עגיפּטן האָבן זיך ביז דער ערד געבויגן, אויף אַזוי פיל האָט אויך געמוזט שטאַרק זיין דער פאַרדרוס, וואָס דער בונט האָט אין אים אַרויסגערופן, אויף אַזוי פיל האָט ער אויך פון אַ שטאַרקן פאַרלאַנגס־געפיל געמוזט באַהערשט ווערן מיט אַ שווערער שטראָף די שומרונים צו באַצאָלן פאַר דעם רעוואָלט זייערן קעגן אים. ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון עגיפּטן, אײלנדיק זיך צו גיין איינצונעמען פערסיע, איז ער

גיך צוגעקומען קיין שומרון, ער זאָל דאָרטן פון די איינוואוינער נקמה נעמען פאַר דער דערמאָרדונג פון אַנדראָמאַכאָס. די אָנפירער פון מאָרד האָט מען נאָכדעם, וואָס מען האָט זיי פריער מיט גרויסע יסורים געפּייניקט, געהרגעט און פילע פון זיי האָט ער קיין עגיפּטן פאַרטריבן. אָן אַנדער פאַרוואַלטער מיט דעם נאָמען מעמנאָן איז איצט באַשטימט געוואָרן אויף דעם פּלאַץ פון דעם דערהרגעטן אַנדראָמאַכאָס און די גאַנצע שטאָט איז אָנגעפילט געוואָרן מיט מאַקעדאָניער.

און פון דאַן אָן האָט אלכסנדר מיט אָפענער שנאה זיך אָנגעהויבן צו באַציען צו די שומרונים. ער האָט נאָך אויך אויף פאַרשידענע אַנדערע אופנים זיין דרוק אויסגעאיבט אויף זיי. און ווייסנדיק, אַז זיי זיינען שונאים גרויסע פון די אידן, האָט ער צו די לעצטע נאָך מער פריינטשאַפט, ווי פריער, אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן, כדי דורך דעם קרענקונג די שומרונים צו פאַרשאַפן. אַט אַזוי האָט ער אויך אייניקע גרענעץ־לענדערייען, וואָס זיינען געלעגן צווישן שומרון און יהודה, צוליב וועלכע עס איז אָפט אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן די דאָזיקע צוויי פעלקער, אָוועקגעגעבן צו די אידן. ער האָט זיי אויך באַפרייט פון די מלוכה אָפּצאָלונגען אין משך פון די שמיטה יאָרן, ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, און, ווי קליין, ווי אומוויכטיק עס איז ניט געווען די דאָזיקע טובה אין די אויגן פון דעם, וואָס האָט זי געגעבן, איז זי אָבער פון גאָר גרויס וויכטיקייט געווען פאַר די, וואָס האָבן זי געקראָגן, איז זי אויך גרויס גענוג געווען, זי זאָל די אויגן פון די שומרונים שטעכן און זאָל ביי זיי קנאה און קרענקונג אַרויסרופן.

ווי אויל אויף פייער האָבן געדינט די אַלע פּריווילעגיעס, וואָס אלכסנדר האָט די אידן געגעבן, די אַלע פריינטשאַפטן, וואָס ער האָט זיי אַרויסגעוויזן, עס זאָל זיך נאָך שטאַרקער צעפלאַקערן די שנאה, וואָס האָט אין די הערצער פון די שומרונים צום אידישן פאָלק געלעבט. יעדע קלענסטע טובה איז שטאַרק גענוג געווען, צו פאַר־גרעסערן ביז גאָר די שנאה זייערע צום אידישן פאָלק, כל זמן אָבער אלכסנדר האָט געלעבט, האָבן זיי געמוזט דערשטיקן אין זיך זייער שנאה געפיל צום אידישן פאָלק. זיי האָבן עס ניט געקענט רעאַליזירן אין מעשים. זייער שנאה האָט אַ פרוכטבאַרע געקאָנט ווערן ערשט נאָך דעם טויט פון אלכסנדר, און ווי שטאַרק עס האָט געמוזט זיין פריער זייער אָנשטרענגונג זייער שנאה צו די אידן אויסצובאַהאַלטן, אַזוי שטאַרק איז געווען נאָכדעם דער אָפענער אויסברוך פון דער דאָזיקער פאַר אַ צייט אין צוים געהאַלטענער שנאה, ווען עס איז זיי דערויף די מעגלעכקייט געגעבן געוואָרן. זיי האָבן פון דאַן אָן אויס־

גענוצט יעדע געלעגנהייט, וואָס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו פּראַקטיצירן נקמה דאַרשטיקע בייזווילליקייט בנוגע די אידן. און ניט איין מאָל האָבן זיי דערנאָך דעם באָדן פון אונטער די פיס פון אידישן פאָלק מיט הייסע קוילן פאַרזייט.

און ביי יאָזעפוס ווערט אויף פאָלגנדן אופן דערציילט וועגן די באַציאונגען, וואָס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן צווישן אלכסנדרן און די שומרונים נאָכדעם ווי די אידן האָבן זיך אונטער זיין הערשאַפט אונטערגעוואָרפן:

ווען אלכסנדר — דערציילט יאָזעפוס — האָט איינגעאָרדנט אַלץ, ווי געהעריק אין ירושלים, האָט ער געפירט זיינע אַרמייען אין די שכנהשע שטעט: און ווען די אַלע איינוואוינער, צו וועלכע ער איז געקומען, האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס פריינטשאַפט, האָבן די שומרונים, וועלכע האָבן געהאַט דאַן שכם פאַר זייער הויפט שטאָט, זעענדיק אַז אלכסנדר האָט אַזוי פיל כבוד אַרויסגעוויזן צו די אידן, באַשלאָסן, זיי זאָלן זיך אויסגעבן פאַר אידן. ווארים אַזוי איז שוין געווען די הנהגה פון די שומרונים, ווי מיר האָבן עס שוין דערקלערט ערגעץ אַנדערש, אַז ווען די אידן געפינען זיך אין אַ שפּלדיקן מצב, לייקענען זיי, אַז זיי זיינען פאַרוואַנדט מיט זיי, און דאַן זאָגן זיי טאַקי אויס דעם אמת. ווען זיי זעען אָבער, אַז עס האָט אָנגעהויבן שיינען דאָס מזל פאַר די אידן, הויבן זיי באַלד אָן צו פּרעטענדירן אויף זיין פאַראייניקט מיט זיי, זאָגנדיק, אַז זיי באַלאַנגען צו זיי און אַז זיי ציען זייער גענעאַלאָגיע פון די נאָכקומער פון יוסף, אפרים און מנשה. מיט גרויס פּאָמפּ האָבן זיי אים זייער אַדרעס דערלאַנגט און האָבן אים מיט פיל פּראַכט באַגעגנט אויף אַ קליינעם דיסטאַנץ פון ירושלים. און ווען אלכסנדר האָט זיי קאָמאַנדירט, זיינען די שומרונים צוגעקומען צו אים, נעמענדיק מיט זיך דאָס חיל, וואָס סנבלט האָט געשיקט צו אים, און זיי האָבן פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל קומען צו זיי, צו זייער שטאָט, צו ערן אויך זייער טעמפּל. דערויף האָט ער זיי געענטפערט, אַז ווען ער וועט זיך צוריקקערן, וועט ער קומען צו זיי. און ווען זיי האָבן אים דערלאַנגט אַ פּעטיציע, אַז ער זאָל זיי באַפרייען פון דעם מלוכה אָפּצאָל אין שמיטה יאָר, ווארים זיי האָבן איצט ניט געזייט, האָט ער צו זיי געזאָגט: ווער זענט איר דען, וואָס איר מאַכט אַזאַ פּעטיציע? און ווען זיי האָבן אים געענטפערט, אַז זיי זיינען אידן, האָט ער צו זיי אין אַ איראָנישן טאָן ווידער אַמאָל געזאָגט: זענט איר טאַקי זיכער אַז איר זענט אידן? זיינען זיי צעטומלט געוואָרן, און האָבן אים שוין געזאָגט, אַז זיי זיינען ניט קיין אידן. האָט ער צו

זיי געזאָגט: דאָס זיינען געווען אידן, וואָס איך האָב זיי געגעבן די דאָזיקע פּריווילעגיעס. פון דעסטוועגן ווען איך וועל זיך אומקערן, און וועל האָבן פון אייך די פולע אינפאָרמאַציע וועגן דעם ענין, וועל איך טאָן דעמאָלט, ווי איך וועל עס האַלטן פאַר ריכטיק צו טאָן. און אויף דעם אופן האָט ער אָפּשיד גענומען פון די שומרונים. ער האָט אָבער באַפעלן, אַז דאָס חיל פון סנבלט זאָל גיין מיט אים קיין עגיפּטן, ווארים ער האָט זיי געוואָלט געבן דאָרטן לאַנד, וואָס ער האָט מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער טאַקי געטאָן אין טהעביס, ווען ער האָט זיי באַפעלן צו היטן דאָס לאַנד.

ח

# תלמי לאגוס און די צעטיילונג פון אלכסנדרס אימפעריע

די צעטיילונג פון אלכסנדרס אימפעריע נאָך דעם טויט זיינעם. — די קריגערייען און מלחמות צוליב דעם. — דער פאַראורזאַכטער דורך דעם כאַאָס אין די אַלע פּראָווינצן פון דער פריער פאַראייניקטער אימפעריע.—די פאָלגן פון דעם אויף דעם ישוב אין ארץ ישראל. — תלמי לאגוס, דער הערשער איבער מצרים, האָט אויך סיריען און יהודה אונטער זיין הערשאַפט געוואָלט פאַראייניקן. — די אידן האָבן זיך אים געגן געשטעלט. — ווען ירושלים פאַלט סוף כל סוף אין זיינע הענט אַריין, נעמט ער פון זיי אַ גרויסע צאָל געפאַנגענע און פירט זיי קיין עגיפּטן אַוועק.

די עקזיסטענץ פון דער גרויסער מלוכה וואָס אלכסנדר האָט אויפגעשטעלט, וועלכע איז געווען פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער דריי וועלטטיילן — אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע, האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. דער גרויסער קריגס־העלד, וואָס די אַמביציע זיינע איז געווען, צו שאַפן איין גרויסע, פאַראייניקטע וועלט־מאָנאַרכיע, איז געשטאָרבן אין מיטן דער טעטיקייט זיינער — 323 — וואָס ער האָט אָנגעפירט, פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער דאָזיקער אַמביציע זיינער, נאָכדעם וואָס ער האָט צוועלף יאָר רעגירט, ניט איבערלאָזנדיק קיין שום געזעצלעכן יורש פאַר זיין טראָן; קיין נאָכפאָלגער, וואָס זאָל געווען אין זיך פון די אייגנשאַפטן פון זיין גרויסן גייסט פאַרמאָגן. מעגלעך, אַז ווען די אויסגעפּרואווטע קריגס־העלדן פון אלכסנדרן וואָס האָבן אַזוי פיל דערפאַרונג דערוואָרבן אין די הונדערטער מלחמות, וואָס זיי האָבן געפירט אויף די שלאַכטפעלדער, וואָלטן געווען זיין פאַראייניקט צווישן זיך, און פאַראייניקטערהייט, וואָלטן זיי געווען פאַרטגעזעצט דעם מיליטערישן טריאומף־זיג פון זייער פאַרשטאָרבענעם פירער, מעגלעך, אַז דאַן וואָלט זיי זיך געווען איינגעגעבן רעאַליזירונג צו ברענגען צו דער אויבנדערמאָנטער אַמביציע פון אלכסנדר מוקדון. זיי זיינען אָבער צווישן זיך ניט פאַראייניקט געווען. עס האָט צווישן זיי מחלוקות און פרוד לבבות געהערשט.

עס איז דאָס האַרץ פון יעדן איינעם פון זיי מיט קנאה־שנאה געפילן צום צווייטן איבערפולט געווען. יעדער איינער פון זיי האָט געזאָרגט ניט וועגן דעם, די ירושה, וואָס אלכסנדר האָט געלאָזט פאַר דעם גאַנצן כלל צו פאַרגרעסערן, נאָר וועגן דעם, אַז זי זאָל איינגאַנצן נאָר צו אים אין די הענט אַריינפאַלן. די אינטערעסן פון זייערע פּער־זענלעכע אַמביציעס זיינען ביי זיי געשטאַנען העכער פון די אינטערעסן פון דער גאַנצער פאַראייניקטער אימפעריע.

און אַזוי אַרום איז ניט נאָר ניט פאַרענדיקט געוואָרן דורך זיי די רעאַליזירונג פון דער אַמביציע פון אלכסנדר מוקדון, איין גרויסע וועלט־מאָנאַרכיע צו גרינדן, נאָר עס איז דורך זיי אויך דער אָנהויב פון דער דאָזיקער רעאַליזירונג, וואָס איז פון אלכסנדרן אַליין געמאַכט געוואָרן, רואינירט געוואָרן. ניט נאָר האָבן זיי ניט פאַרגרעסערט די עקזיסטירנדע דאַן מאַקעדאָנישע מלוכה, צוגעבנדיק צו איר נייע דערוואָרבענע טיילן, נאָר די גאַנצע מאַקעדאָנישע מלוכה איז דורך דער מחלוקה, וואָס זיי האָבן געפירט צווישן זיך, צעפאַלן געוואָרן. דער פאַראייניקטער, גאַנצער מלוכה אָרגאַניזם איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקער און יעדע שטיק האָט איבער זיך איר אייגענעם באַזונדערן הערשער געהאַט, וועלכע האָבן צווישן זיך יאָרן דויערנדע מלחמות אָנגעפירט, און געזוכט איינער ביי דעם צווייטן דעם באַזיץ זיינעם פון אונטער זיינע הענט אַרויסצורייסן.

אין משך פון די דאָזיקע לאַנגע מלחמות זיינען פון די קעמפנדע צווישן זיך צדדים אויך די אַלע מיטגלידער פון אלכסנדרס פאַמיליע — זיין מוטער, זיינע צווי פרויען, און זיינע צווי זין, וועלכע זיינען געווען נאָך קליינע קינדער, ווען זייער פאָטער איז געשטאָרבן און די ברידער זיינע — אומגעבראַכט געוואָרן.

און דער דאָזיקער כאַאָס, וואָס איז אַנטשטאַנען אין די אַלע פּראָווינצן, וואָס זיינען אין אלכסנדרס מאָנאַרכיע פאַראייניקט געווען, האָט, נאַטירלעך, פאַר זיך פלאַץ געפונען אויך אין א״י. די דאָזיקע אַלע מלחמות, וואָס אלכסנדרס קריגספירער האָבן געפירט צווישן זיך נאָך זיין טויט איבער דער ירושה, וואָס ער האָט נאָך זיך געלאָזט, די דאָזיקע אַלע מהומות, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין די פּראָווינצן, וואָס האָבן געדינט אַלס שלאַכטפעלדער פאַר די צווישן זיך קעמפנדע קריגס־העלדן, האָבן זייערע שלעכטע פאָלגן געהאַט אויך פאַר דעם אידישן ישוב אין ארץ־ישראל. ארץ יהודה איז דער ציל־פונקט געוואָרן פאַר פאַרשידענע באַשטרעבונגען, איז אין אַ משך פון פילע יאָרן אָפטמאָל אין אַ שלאַכטפעלד פאַרוואַנדלט געוואָרן און איז אייניקע

מאָל פון איין האַנט אין אַ צווייטער איבערגעגאַנגען. און אויב די דאָזיקע מהומות און מלחמות זיינען דאָך ניט געווען פון אַזאַ כאַראַקטער, זיי זאָלן געווען קענען טראָגן אין זיך די געפאַר פון פאַרניכטונג פאַר דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל, האָבן זיי, די דאָזיקע מהומות, אָבער דאָך אין אייניקע מאָמענטן פון דעם פעריאָד, אין משך פון וועלכן זיי האָבן אָנגעהאַלטן, גרויס פאַרוויסטונג דעם לאַנד געבראַכט און אַ גרויסן פאַרלוסט פון מענטשן גורם געווען.

אָט אַזאַ מאָמענט האָט אויך דער אידישער ישוב אין יהודה איבערגעלעבט אַ דריי־פיר יאָר נאָך אלכסנדרס טויט.

תלמי — פּטאָלאָמעאוס — דער זון פון לאָגוס אָדער תלמי סאָטער, תלמי דער רעטער, ווי ער האָט זיך גערופן, וואָס ער איז הערשער געוואָרן איבער מצרים, האָט זיך, ניט באַנוגנדיק זיך מיט זיין הערשאַפט נאָר איבער מצרים אַליין, אַריינגעריטן מיט פּיל חיל קיין סיריע און יהודה. ער האָט געפאָדערט, אַז די אידן זאָלן אים איבערגעבן ירושלים. זיי האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט זיין פאָדערונג צו דערפילן. זיי האָבן זיך אויך איצט געהאַלטן אין די טראַדיציעס, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן ביים אידישן פאָלק פון גלות בבל אָן בנוגע זייער פּאָליטישער אָריענטאַציע, ניט צו זוכן קיינע פּאָליטישע אַוואַנטורן, לאָיאַל צו בלייבן צו דער פּאָליטישער מאַכט, אין רשות פון וועלכער זיי האָבן זיך געפונען. און פּונקט ווי זיי האָבן זיך ניט געאיילט זייער לאָיאַליטעט צום לעצטן פּערסישן דריוש צו ברעכן און אנערקענען איבער זיך די הערשאַפט פון אלכסנדר; פּונקט, ווי זיי האָבן זיך דאַן ניט געאיילט צו אָנערקענען איבער זיך די הערשאַפט פון אלכסנדר, ווי ער האָט עס געפאָדערט פון זיי צו טאָן, אַזוי האָבן זיי אויך איצט ניט געוואָלט זייער לאָיאַליטעט צו דעם מושל, אונטער דער הערשאַפט פון וועלכן זיי האָבן זיך געפונען, צו ברעכן.

פּונקט ווי דאַן אָבער איז טרייע לאָיאַליטעט צו דער מאַכט אין עקזיסטענץ קעגן זייערע אינטערעסן געווען, פּונקט, ווי זיי זיינען דאַן סוף כל סוף געצוואונגען געווען אונטערצוואַרפן זיך אונטער דער נייער פּאָליטישער מאַכט, אַזוי זיינען זיי אויך איצט געצוואונגען געווען אונטערצוואַרפן זיך אונטער דער נייער פּאָליטישער מאַכט, אַזוי איז אויך איצט זייער טרייע לאָיאַליטעט צו דער מאַכט אין עקזיסטענץ קעגן זייערע אינטערעסן געווען.

ירושלים איז סוף כל סוף אין די הענט פון תלמי לאגוס אַריינגעפאַלן — אין יאָר 320 — און אַלס שטראָף דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך אים אַנטקעגנגעשטעלט, האָט ער פון דער אידישער באַפעלקערונג

אין יהודה אַ גרויסע צאָל געפאַנגענע גענומען און געפירט קיין עגיפּטן.

לויט ווי יאָזעפוס דערציילט איז דאָס איינגעמען פון ירושלים דורך תלמי לאָגוס פאָרגעקומען אויף פאָלגנדן אופן:

תלמי לאָגוס — שרייבט יאָזעפוס — וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן סאָטער — דער רעטער — כאָטש אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען פונקט דער היפּוך דערפון, האָט איינגענומען ירושלים דורך שלויקייט און פאַרראַט. ווארים ווייל ער איז אַריינגעקומען אין שטאָט אין אַ שבת טאָג, גלייך ווי ער וואָלט וועלן מקריב זיין אַ קרבן אין בית המקדש, האָט ער גאָר אָן מי די שטאָט דערוואָרבן, ווערנד די אידן האָבן אים קיין ווידערשטאַנד ניט געגעבן, ווייל זיי האָבן ניט פאַר־דעכטיקט, ער זאָל זיין זייער שונא, און ווייל זיי האָבן זיך אין שטילקייט און רואיקייט געפונען.

און ביי אַריסטיאַס, וועלכער האָט געלעבט פאַר יאָזעפוס, ווערט אָנגעגעבן די צאָל פון די געפאַנגענע הונדערט טויזנט.

צוזאַמען מיט די אידן האָט תלמי לאָגוס אויך פילע פון די שומרונים פאַרטריבן קיין עגיפּטן. און אַזוי אַרום איז אויך אין די נייע פּלעצער, וואָס די אידן האָבן זיך באַזעצט, דער רעליגיעזער קאַמף צווישן זיי און די שומרונים איבערגעטראָגן געוואָרן.

עס זיינען פאָרגעקומען אומאָרדנונגען — שרייבט יאָזעפוס — אין נייעם אידישן ישוב אין עגיפּטן. די אידן מיט די שומרונים האָבן זיך אַרומגעקריגט צוליב דער אָנטשלאָסנקייט פון יעדן איינעם פון זיי צו לעבן ווי זייערע עלטערן האָבן געלעבט. די פון ירושלים האָבן געזאָגט, אַז זייער טעמפּל איז הייליק און האָבן באַשלאָסן צו שיקן זייערע קרבנות אַהין, די שומרונים אָבער האָבן געזאָגט, אַז זיי דאַרפן געשיקט ווערן צום טעמפּל אויף דעם באַרג גריזים.

---

אַרום צוואַנציק יאָר האָט דער אידישער ישוב אין ארץ ישראל נאָך אלכסנדרס טויט אין אומרואיקייט, אין אומאיינגעשטעלטקייט גע־לעבט. נאָכדעם וואָס ירושלים איז איבערגעגאַנגען צו תלמי, נאָכ־דעם, וואָס גאַנץ יהודה האָט זיך שוין אין זיין באַזיץ געפונען, וואָלטן, אמת, די אידן, ווי אויך די שומרונים, אונטער זיין הערשאַפט אַ רואיק, גליקלעך לעבן געקענט געווען פירן. ווארים תלמי איז ניט געווען פון די הערשער, וואָס קענען קיינמאָל ניט פאַרגעסן די קריוו־דעס, וואָס זיינען ווען קעגן זיי באַגאַנגען געוואָרן, ער איז ניט געווען אַ הערשער, וואָס זאָל אַ לאַנגן כעס אָנהאַלטן קעגן די פון די פעל־

קערשאַפטן, וואָס האָבן זיך אונטער זיין הערשאַפט געפונען, פאַר זייערע פריערדיקע זינד, דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך ניט געאיילט אים אַלס זייער הערשער צו אנערקענען. תלמי לאַגוס איז געווען דער איידל־סטער צווישן די אַלע קריגס העלדן, וואָס זיינען די נאָכפאָלגער פון אלכסנדר געווען. ער איז זיך מיט יושר און מיט רחמים באַגאַנגען מיט די אַלע, וואָס זיינען פון אים אָפּהענגיק געווען. ווען דאָס איז נאָר ניט קעגן זיינע אייגענע אינטערעסן געווען. דורך דער שווערער שטראָף, מיט וועלכער ער האָט אויף דער הייסער מינוט אָפּגעצאָלט דער אידישער באַפעלקערונג אין ארץ ישראל פאַר דער ווידערשפּע־ניקייט זייערער קעגן אים, האָט ער די חשבונות זיינע מיט זיי אויס־געגלייכט. דורך דער דאָזיקער שטראָף זיינען אין זיינע אויגן זייערע זינד אויסגעקויפט געוואָרן, און זיי זיינען ביי אים, ווי אַלע אַנדערע אונטערטאַנען זיינע אַלס פולבאַרעכטיקטע בירגער פאַררעכנט גע־וואָרן, און ווי די אַלע אַנדערע אונטערטאַנען תלמיס וואָלטן זיי אויך פון זייערע רעכטע אַלס פולבאַרעכטיקטע בירגער אין דער פולער מאָס אָן שטערונגען, אָן באַרעניצונגען, געקענט געווען געניסן.

די זאַך איז אָבער, אַז אויב תלמין האָט זיך געקענט לייכט איינ־געבן די קעגנערשאַפט צו זיך פון די אידן צו ברעכן, די לאָיאַליטעט זייערע צו זיך פון זיין קעגנער איבערפירן, איז אים אָבער דערפאַר אינגאַנצן אוממעגלעך געווען צו טאָן דאָס זעלבע מיט דער קעגנער־שאַפט פון די קאָנקורענטן זיינע, די הערשער איבער די אַנדערע טיילן פון דער אויפגעלייזטער אַמאָליקער מאַקעדאָנישער מאָנאַרכיע. זיין פאַרנעמען נידער סיריע האָט ביי זיי אַרויסגערופן קעגנערשאַפט, און זיין רעכט אויף דעם באַזיץ פון די אַלע פּראָווינצן וואָס זיינען מיט דעם נאָמען נידער סיריע באַצייכנט געוואָרן, איז ניט אַנערקענט געוואָרן.

## ט

# די מלחמות פאַר דער הערשאַפט איבער ארץ ישראל

צוואַנציק אומרואיקע יאָרן פאַר דעם ישוב אין ארץ ישראל. — די אַכט־יעריקע מלחמה צווישן תלמי סאטער און זיין הויפּט־קעגנער אנטיגנוס. — דער ענדגילטיקער זיג פון תלמי. — יהודה ווערט אַ טייל פון תלמיס מלוכה. — אַ צוואַנציק יאָר נאָך אלכסנדרס טויט זיינען פאַר אַ לענגערער צייט רואיקע יאָרן פאַר די אידן אין ארץ ישראל געקומען.

אין אַ משך פון גאַנצע אַכט יאָר איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע, פאַר־צווייגטע מלחמה, אמת, ניט אין קיין שאַרפער אויסגעשפּראָכענער פאָרם, צווישן תלמי און זיין פּאָליטישן הויפּט קעגנער אַנטיגנוס, וועל־כער איז דער הערשער איבער קליין אַזיע געווען. דער דאָזיקער אַנטיגנוס האָט געהאַט די אַמביציע צו שפּילן די זעלבע ראָל, וואָס אלכסנדר האָט געשפּילט, צו ווערן דער הערשער פון דער גאַנצער פריערדיקער מאַקעדאָנישער מלוכה. און אָט אַזוי האָט דער אידישער ישוב אין ארץ ישראל אין משך פון דער דאָזיקער גאַנצער צייט פון קיין פולשטענדיקע רו ניט געקענט געניסן און האָט געהאַט צו ליידן פון די אַלע קאָנסעקווענצן, וואָס אַ מלחמה צושטאַנד, ווען אַפילו ניט קיין פולשטענדיקער, ווען אַפילו ניט קיין שטרענגער, אין אַ לאַנד ברענגט מיט זיך.

און אויך נאָכדעם וואָס עס איז די אַנטשיידענע שלאַכט אויס־געפאָכטן געוואָרן צווישן תלמין און דעמיטריוס, דער זון פון אַנטיגנוס, מיט דעם רעזולטאַט פון אַ פולשטענדיקער מפּלה פאַר דעם לעצטן — אין יאָר 312 פאַר דער נייער ערע*) — אויך דאַן איז נאָך קיין באַרו־

*) אין דעם דאָזיקן יאָר האָבן די אידן אין בבל און סיריען, וועלכע זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטער סעלייקוס׳ הערשאַפט, איינגעפירט אַ נייע צייטרעכענונג, ווי די גריכן אין יענע ערטער האָבן דאָס געטאָן. זיי האָבן אָנגעהויבן די דאָזיקע נייע צייטרעכענונג מיט דעם דערמאָנטן יאָר, ווען עס איז פאָרגעקומען די מלחמה אין עזה, דורך וועלכער עס איז סעלייקוס דעם ערשטנס ממשלה פאַרפעסטיקט געוואָרן.

איקונג ניט געקומען פאַר דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל. אַלנפאַלס איז די דאָזיקע באַרואיקונג ניט אויף לאַנג געקומען. צוליב דער מפּלה וואָס דעמיטריוס האָט געהאַט ביי עזה איז ער אמת געצוואונגען געווען צוריקצוטרעטן צו צפון, לאָזנדיק דאָס גאַנצע לאַנד אין די הענט פון דעם זיגער. דער דאָזיקער צוריקטריט איז אָבער ניט אויף לאַנג געווען. אין אַ גאָר קורץ שטיקל צייט אַרום האָבן אַנטיגנוס און זיין זון דעמיטריוס, נאָכדעם וואָס זיי האָבן פאַרשטאַרקט זייערע מיליטערישע קרעפטן, געצוואונגען תלמין ער זאָל שוין גאָר אין גאַנצן פון נידער סיריען אָפּטרעטן ביז צו עגיפּטן.

און דאַן איז דאָס לאַנד יהודה געשטעלט געוואָרן אין נאָך אַן ערגערן מצב ווי פריער.

תלמי האָט געהייסן פאַרניכטן די אַלע באַפעסטונגען פון דעם ים ברעג און פון די אינווייניקסטע שטעט ווי עכו, יפו, עזה און ירושלים, כדי זיי זאָלן ניט דינען אַלס פלעצער פון פאַרטיידיקונג פאַר זיינע שונאים, און יהודה מיט די שטעט וואָס באַלאַנגען צו נידער סיריען האָבן זיך געפונען אין דעם דאָזיקן אומזיכערן צושטאַנד אַ זיבן־אַכט יאָר. נאָך דעם דאָזיקן פעריאָד יאָרן האָט אַנטיגנוס אין דער מלחמה וואָס ער האָט געפירט דאַן קעגן די פאַראייניקטע אַרמייען פון תלמי, ליזימאַש, קאַסאַנדער און סילייקוס — 301 — ניט נאָר די דעראָבע־רונגען זיינע, ניט נאָר דעם רוהם זיינעם אַלס קריגס־העלד פאַרלאָרן, נאָר אויך זיין לעבן. די פיר גענעראַלן האָבן צעטיילט צווישן זיך די מאַקעדאָנישע מלוכה. תלמי האָט געקראָגן עגיפּטן און די דערבייאיקע לענדער, און דער גרעסטער טייל פון אַזיען — צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען פּערסיע און בבל — איז אַריינגעפאַלן צו סילייקוס אין די הענט.*) יהודה איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ טייל פון דער תלמישער מלוכה, און איר שיקזאַל איז פאַראייניקט געוואָרן פאַר אַ לענגערן פעריאָד יאָרן מיט דעם שיקזאַל פון דער לעצטער.

און דאַן, אַרום אַ צוואַנציק יאָר נאָך אלכסנדרס טויט, זיינען פאַר אַ לענגערן צייט פעריאָד רואיקע יאָרן געקומען פאַר דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל. דער מצב פון ישוב דאַן איז ניט פיל אַנדערש געוואָרן, ווי ער איז געווען אין דער צייט, ווען די אידן האָבן זיך געפונען אונטער דער פּערסישער הערשאַפט. די אַלע אָפּצאָלונגען,

---

*) אין „דניאל" ווערט זיין מלוכה גערופן „ממלכות צפון" — די צפון־קעניגרייכן, און תלמים מלוכה — „ממלכות הנגב" — די דרום־קעניגרייכן. אונ־טער די נעמען זיינען די דאָזיקע מלוכות באַקאַנט געווען ביי די אידן אין דער עפּאָכע, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ.

וואָס זיי האָבן פריער באַדאַרפט צאָלן דעם פערסישן קעניג, האָבן זיי איצט געצאָלט דעם עגיפטאָ־מאַקעדאָנישן קעניג. זיי האָבן איצט ניט ווייניקער פרייהייט און אומאָפהענגיקייט געהאַט, ווי זיי האָבן פריער געהאַט. פאַרקערט נאָך, זיי האָבן פון דעם אַלעם איצט אפשר נאָך מער ווי פריער געגאָסן. תלמי איז געווען, ווי שוין אין אַ פריער־דיקן קאַפּיטל געזאָגט, אַ מאַן פון פיינע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן, האָט ער פאַר דער צופרידנהייט פון זיינע אונטערטאַנען געזאָרגט. און פונקט ווי ער האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז די אַלע אַנדערע אונטערטאַנען זיינע זאָלן צופרידן זיין מיט זיינע באַציאונגען צו זיי, אַזוי האָט ער געזאָרגט דערפאַר, אַז אויך זיינע אידישע אונטערטאַנען זאָלן צופרידן מיט אים זיין. ער האָט קיין אורזאַכע ניט געהאַט צו וועלן זיי אונ־טערדריקן, צו אויסטיילן זיי צום ערגערן פון די אַלע אַנדערע. ער האָט זיך צו זיי מיט גרויס רעספּעקט באַצויגן. דער כהן גדול, וואָס ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך צום קעניג פאַר די צינזן וואָס די אידן האָבן באַדאַרפט צאָלן, איז באַטראַכט געוואָרן אַלס דער פּאָלי־טישער הערשער פון פאָלק און איז פאַררעכנט געווען אַלס איינער פון די קעניגלעכע פּרינצן.

י

# די פאָרמירונג פון נייע אידישע ישובים אויסער ארץ ישראל

די פאָרמירונג פון נייע אידישע ישובים. — די פאַרצווייגונג פון אידישע ישובים אין דער אויסערער וועלט צווישן די מער ציוויליזירטע טיילן פון דער דאַמאָלס־דיקער מענטשהייט. — די ערשטע מאָמענטן אין דער גרינדונג פון דער נייער טעריטאָריע פון אידישן פאָלק. — די „גלות" טעריטאָריע. — די פאָרמירונג פון אידישן ישוב אין אלכסנדריא. — דער גרויסער מאַסשטאַב, אין וועלכן עס איז פאָרגעקומען דאָס באַזעצן זיך פון אידן אין עגיפטן, און די שנאה פון די עגיפטער צו זיי.

די עפּאָכע, ווען ארץ ישראל האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון תלמי לאגוס, פאַרצייכנט אין זיך גרעסערע אַנטוויקלונג פאַר דעם אָנהויב פון דעם קאַרדינאַלן ווענדונגס פונקט, וועלכער איז מיט דעם עראָבערן פון ארץ ישראל דורך אלכסנדר מוקדון געקו־מען אין דער אידישער געשיכטע, וועלכער האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ בולטער און אין אַלץ שאַרפערער פאָרם געזען; דער אָנהויב פון דעם ראַדיקאַלן ווענדונגס פונקט אין דער אידישער געשיכטע וועלכער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די שאַפונגס ספערע פון דער אידישער געשיכטע איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון אירע ענגע נאַציאָ־נאַלע ראַמען און איז איבערגעטראָגן געוואָרן אין מער ברייטערע, מער אוניווערסאַלע ראַמען, אין דעם אָנשליסן זיך פון אידישן פאָלק אין די אַרומיקע קולטורעלע פעלקער, זיי זאָלן דורך זייער איינפלוס געוויסע געשטאַלטונג געבן צו דער געשיכטע פון די לעצטע און זאָלן אויך די געשטאַלטונג פון זייער אייגענער געשיכטע אונטער מער דירעקטן אָרגאַנישן פרעמדן איינפלוס שטעלן. יענע עפּאָכע פאַרצייכנט אין זיך די ערשטע מאָמענטן אין דער גרינדונג פון דער נייער, שוין אומצושטערבאַרער, שוין אין שטענדיקער עקזיסטענץ בלייבנדער טערי־טאָריע פון אידישן פאָלק — דער „גלות", וועלכע איז ניט ווייניקער ווי ארץ ישראל אַליין אַ באַדייטנדער פאַקטאָר געוועזן, די עקזיסטענץ

פון אידישן פאָלק אייביק צו מאַכן, דאָס אידישע פאָלק אַלס באַזונדער נאַציע אײנצוהיטן.

אין דער דאַזיקער עפּאָכע האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרצווייגונג פון די אידישע ישובים אויך אין דער אויסערער וועלט צווישן די מער ציוויליזירטע טיילן פון דער דאַמאָלסטדיקער מענטשהייט.

עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן די פאַרמירונג פון אַ גרויסן אידישן ישוב אין עגיפּטן, באַזונדערס אין אַלעקסאַנדריע, וועלכע האָט זיך גאָר גיך אין אַ גרויסן קולטורעלן צענטער צעוואָקסן, וועלכער האָט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער אידישער געשיכטע געשפּילט, וועלכער האָט זיך אין געוויסע צייטן אויך פאַרמאָסטן מיט דעם אידישן קול־טורעלן צענטער אין ירושלים צו קאָנקורירן. דער פונדאַמענט פאַר דעם אידישן ישוב אין עגיפּטן איז נאָך אין דער צייט פון אלכסנדר געלייגט געוואָרן, ווען ער האָט איינגענומען מצרים, האָט ער אויף דעם ברעג פון מיטללענדישן ים די דאָזיקע באַרימטע האַנדלס־שטאָט געגרינדעט, וועלכע ער האָט אויף זיין נאָמען גערופן. און ווינשנדיק, זי זאָל פון גרויס אָנזען זיין, זי זאָל גרויס חשיבות האָבן, האָט ער געוואָלט, זי זאָל אַ גרויסע באַפעלקערונג פאַרמאָגן. און צו דעם צוועק האָט ער געבראַכט אַהין פילע פון זיינע אונטערטאַנען אין די אַרומיקע פון מצרים לענדער און האָט זיי באַזעצט דאָרטן. און צווישן די, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן אַהין, האָבן זיך אויך פילע פון די איינוואוינער פון יהודה געפונען.

אין דער צייט אָבער פון תלמי לאָגוס איז דאָס באַזעצן זיך פון אידן אין עגיפּטן אויף אַ גאָר גרויסן מאַסשטאַב פאָרגעקומען. עגיפּטן איז ווירקלעך דאַן צו דער מדרגה פון אַ באַדייטנדן אידישן ישוב אויסגעוואקסן. די אַלע געפאַנגענע — וועלכע זיינען אין אַ גרויסער צאָל געווען — וואָס ער האָט אַרויסגעפירט פון יהודה דאַמאָלט, ווי עס איז צו אים צום ערשטן מאָל גאַנץ יהודה אַריינגעפאַלן, האָט ער אין אַלעקסאַנדריע באַזעצט, און פון דאַן אָן האָט זיך אַהין אויך אַ פרייוויליקע אידישע עמיגראַציע אָנגעהויבן „צוליב דעם גוטן באָדן דאָרטן און צוליב דעם ליבעראַליזם פון תלמי״, ווי יאָזעפוס דריקט זיך אויס. וואָרים אויך מיט דער אידישער באַפעלקערונג אין עגיפּטן איז ער זיך אויף דעם זעלבן גוטן, ערלעכן אופן באַגאַנגען, ווי ער איז זיך מיט די איבעריקע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג אין עגיפּטן באַגאַנגען. די געפאַנגענע פון יהודה וואָס ער האָט באַזעצט אין אַלעקסאַנדריע האָט ער געגעבן אַלע בירגער־רעכט צוגלייך מיט די גריכן. די פעאיקע אידישע קריגער האָט ער געמאַכט פאַר הויפּט־

לייט פון זיין אַרמיי און פלעגט זיי פאַרטרויען די שמירה פון די פעסטונגען, „און וויל ער האָט געוואוסט — שרייבט יאָזעפוס — אַז דאָס פאָלק פון ירושלים איז זייער טריי אין אָפּהיטן שבועות און אָפּמאַכן — און דאָס האָט ער געוואוסט פון דעם ענטפער, וואָס זיי האָבן געגעבן צו אלכסנדרן, ווען ער האָט געשיקט אַן אַמבאַסאַדאָר צו זיי, נאָכדעם ווי ער האָט צעשלאָגן דריושן אויפן שלאַכטפעלד — האָט ער דעריבער פאַרשפּרייט פילע פון זיי אין גאַרניזאָן און ער האָט זיי געגעבן אין אַלעקסאַנדריען גלייכע בירגער פּריווילעגיעס מיט די מאַקעדאָניער אַליין".

אמת די עגיפּטער אַליין האָבן זיך פאַרהאַלטן צו די אידן מיט שנאה, וויל זיי האָבן געקוקט אויף זיי ווי אויף פרעמדע, וועלכע זיינען אַריינגעדרונגען אין לאַנד צוזאַמען מיט די באַזיגער פון עגיפּטן. דערצו נאָך האָבן זיי זיי ניט פאַרגונען די וויכטיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּאָזיציעס, וואָס זיי האָבן פאַרנומען. די מורא אָבער פאַר תלמי האָט געהאַלטן זייער שנאה אין צוים, זי זאָל זיך ניט רעאַליזירן אין רשעות טאָטן צו די אידן.

און נאָך מער האָט זיך פאַרגרעסערט דער ישוב אין עגיפּטן דורך עמיגראַנטן פון ארץ ישראל אין דער צייט פון די מהומות דאָרטן, וואָס זיינען פאַראורזאַכט געוואָרן דורך די מלחמות פון אַנטיגנוס קעגן תלמין. די דאָזיקע מלחמות האָבן פילע אידישע איינוואוינער פון ארץ ישראל געטריבן קיין עגיפּטן, זיי זאָלן דאָרטן קענען פון רו און אָרדענונג געניסן. און אויך אין נאָך אַנדערע ערטער פון זיינע פּראָווינצן האָבן זיך אידישע קאָלאָניעס פאַרמירט. זייענדיק זיכער אין דער טרייהייט און איבערגעבנקייט פון די אידן, האָט תלמי געוואָלט, זיי זאָלן צוזאַמענשטעלן אַ טייל פון דער באַפעלקערונג אין פילע ערטער פון די פּראָווינצן, וואָס זיינען אונטער זיין הערשאַפט געקומען.

און אויך אין די נייע שטעט וואָס סילייקוס, דער גרינדער פון דער סילייקייאישער מלוכה, דער צענטער פון וועלכער איז געווען אין פּערסיען, האָט געגרינדעט, האָבן זיך אידישע ישובים פאַרמירט. צו סילייקוסן האָט אויך צפון סיריע באַלאַנגט, וואו ער האָט געגרינדעט אַ נייע שטאָט אַנטיוכיא, וועלכע ער האָט פאַר זיין רעזידענץ געמאַכט. און כדי בעסער צו באַפעלקערן די דאָזיקע שטאָט, ווי אויך די אַלע אַנדערע נייע שטעט, וואָס ער האָט אויפגעבויט, האָט ער געמוזט ברענגען איינוואוינער אַהין פון אַנדערע פלעצער אין די פּראָווינצן, וואָס האָבן באַלאַנגט צו אים. און צווישן די דאָזיקע איינוואוינער

האָבן זיך אויך געפונען פילע אידן, צו וועלכע עס זיינען געגעבן געוואָרן די פולע רעכט פון מאַקעדאָניער בירגערשאַפט.

און פונקט ווי עס זיינען דאַן אויסגעוואַקסן אידישע ישובים אין די גריכיש־מאַקעדאָנישע לענדער, אַזוי האָבן זיך דאַן אויך פאַרמירט גריכישע קאָלאָניעס אויף דעם אידישן באָדן. עס זיינען נייע ים פאָרטן ביי דעם ברעג פון מיטללענדישן ים געבויט געוואָרן צו וועלכע עס זיינען גריכישע נעמען געגעבן געוואָרן און אַרום וועלכע עס האָבן זיך גריכישע ישובים קאָנצענטרירט. און אויך אין די ערטער פון יהודה, וואו עס האָט זיך נאָך פון פריער אַ גריכישע באַפעלקערונג געפונען, איז איצט די באַפעלקערונג נאָך מער פאַרגרעסערט געוואָרן.

און אַזוי אַרום האָט אין יענעם מאָמענט רעאַליזירונג אָנגעהויבן צוקומען פאַר דעם אורטייל וואָס די השגחה האָט אַרויסגעגעבן שוין אין דעם מאָמענט, ווען אלכסנדר איז צו זיין רוהם און מאַכט און וועלט־הערשאַפט געקומען, ווען ער האָט אויך ארץ ישראל מיט די איבעריקע טיילן פון זיין וועלט־מאָנאַרכיע פאַראייניקט, אַז דאָס אידישע פאָלק, וואָס איז דאַן, צו יענעם מאָמענט אַזוי קליין, שוואַך און אומבאַדייטנד פאַר דער אויסערער וועלט געווען, וואָס האָט דאַן אַ מאָמענט פון געפאַר דורכגעלעבט, די מעכטיקע האַנט פון דעם גרויסן דעראָבערער, וואָס דאָס גריכישע פאָלק האָט אַרויסגעבראַכט פון זיך, זאָל עס גאָר איינגאַנצן פון דער וועלט אָפווישן, זאָל צוזאַמען מיט דעם גריכישן פאָלק, זיין באַפעלער און באַהערשער דאַן, די פאָקל־טרעגער, יעדער אויף זיין באַזונדער אופן, פאַר דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהייט זיין, אַז זיי זאָלן צוזאַמען דעם גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע ריכטן און די געשטאַלטונג פון דעם לעבן פון די מאָדערנע פעלקער פאָרמירן.

י"א

# שמעון הצדיק

חוניו דער זון פון ידוע. — דער ממלא מקומו פון לעצטן — שמעון הצדיק. — „כתר כהונה" און „כתר תורה". — די אנשי כנסת הגדולה און די כהנים גדולים. — די פונקציעס, וואָס די ערשטע האָבן געהאַט אויסצופילן, און די פונקציעס פון די לעצטע. — פאַרזיכטיק און וואַכזאַם האָט שמעון הצדיק די שיף פון אידישן לעבן אין זיין צייט איבער די בייזע וואַסערן, אין וועלכע זי איז געשליידערט געוואָרן — געפירט. — ער איז פאַר דעם אידישן פאָלק פון זיין צייט אי אַן עזרא און אי אַ נחמיה געווען.

אין צענטער פון דער פירערשאַפט איבער דעם אידישן פאָלק אין משך פון דער גאַנצער תקופה, אין וועלכער דער אידישער ישוב אין ארץ ישראל האָט פילע שווערע צייטן דורכגעלעבט, אין משך פון דער גאַנצער תקופה, וואָס נעמט אַרום כמעט דעם גאַנצן פעריאָד יאָרן פון נאָך אלכסנדרס טויט, ביז נאָך דעם טויט פון תלמי לאַגוס, איז געשטאַנען שמעון הצדיק, דער זון פון חוניו, וועלכער איז געווען דער זון פון דעם לעצטן כהן גדול אונטער דער פערסישער הערשאַפט.

נאָך דעם טויט פון ידוע דעם כהן גדול, באַלד אין אָנהויב פון אלכסנדר מוקדונס הערשאַפט איבער ארץ ישראל, איז זיין זון חוניו אויף זיין אָרט כהן גדול געוואָרן. חוניו האָט זיך אָבער גאָר אַ קורצן פעריאָד יאָרן אין זיין אַמט געפונען, און נאָך זיין טויט איז דער ממלא מקומו זיינער אַלס דער אידישער כהן גדול שמעון הצדיק, זיין זון, געוואָרן. איידער אָבער ער — שמעון הצדיק — האָט נאָך דעם אַמט פון כהן גדול באַקליידעט, איז ער שוין אין דער ראָלע פון אַ פירער פאַר דעם פאָלק אַרויסגעטראָטן. ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען, איז ער שוין פון פאָלק אַלס איינער פון זיינע פירער געקרוינט געוואָרן. שוין פאַר דעם לעבן נאָך פון זיין זיידן, דעם כהן ידוע, האָט ער אַ גרויסן נאָמען געהאַט ביים פאָלק, און ער, דער זיידע זיינער, האָט אים, ווי מיר האָבן שוין געשריבן וועגן דעם, מיטגענומען מיט זיך, ווען ער איז געגאַנגען אלכסנדר מוקדון באַגעגענען, ער זאָל דער ראש המדברים זיין פון דער דעלעגאַציע. די וואונדערבאַרע מעלות,

מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכנט אויך דאַן שוין ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען, האָבן זיין קאָפּ מיט אַ קרוין פון אַ פאָלקס־פירער באַצירט, ווען ער האָט זיך נאָך אין זיין בליענדער יוגנט גע־פונען. זיין גרויסער יחוס, זיין מערקווירדיקער הדרת פנים, זיין שיינער גייסט און זיין גרויס געלערנטקייט האָבן אים באַליבט און אָנגעזען ביי די אַלע פאַרשיידענע עלעמענטן פון פאָלק געמאַכט, ווען ער איז נאָך אַ יונגערמאַן געווען, און האָבן אים שוין דאַן אין צענטער פון אידישער פירערשאַפט געשטעלט. אַפילו דאַן נאָך, ווען ער איז נאָך ניט דער אָפיציעלער פירער פון אידישן פאָלק געווען, איז ער דער פראַקטישער פירער זיינער געווען. מער ווי דאָס פאָלק האָט זיין פאָטער חוניו פאַר דער צייט וואָס ער איז כהן גדול געווען, אַלס זיין פירער אנערקענט, האָט ער אים, דעם זון זיינעם, שמעון הצדיק, אַלס זיין פירער באַטראַכט.

און נאָך מער האָט ער די גאַנצע פירערשאַפט פון פאָלק אויף זיינע אַקסלען אָנגעהויבן צו טראָגן, ווען ער האָט נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער, באַלד נאָך דעם טויט פון אלכסנדר, דעם אַמט פון כהן גדול איבערגענומען. עס האָבן דאַן זיין קאָפּ צוויי קרוינען באַצירט: די כהונה קרוין און די תורה קרוין. צוזאַמען דערמיט, וואָס ער איז כהן גדול געווען, איז ער אויך געווען דער העכסטער פאָרשטייער פון דער כנסת הגדולה, דער אב בית דין, דער מופלא שבסנהדרין, ווי עס האָט דער אב בית דין געהייסן אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען עס האָט ביינאַהע דער זעלבער כנסת הגדולה אינסטיטוט אונטער דער באַצייכענונג סנהדרין פיגורירט. ער האָט זוכה געווען צו אַזאַ זכיה, צו וועלכער עס האָט קיין אַנדער כהן גדול פאַר דער גאַנצער צייט פון בית שני ניט זוכה געווען. אויסער אים איז קיין אַנדער כהן גדול קיינמאָל ניט געווען פאַר דער דאָזיקער גאַנצער צייט, וואָס זאָל געווען דער אב בית דין, דער העכסטער פאָרשטייער פון דעם בית דין הגדול, דער מופלא שבסנהדרין זיין. נאָר ער איז דער איינ־ציקער געווען פאַר דער דאָזיקער צייט, וואָס צוזאַמען דערמיט וואָס ער איז כהן גדול געווען, איז ער אויך דער העכסטער פאָרשטייער פון די אַלע חכמי התורה פון זיין דור געווען. ביז אים זיינען די כהנים גדולים די העכסטע רעליגיעזע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק געווען נאָר אין דעם זין, וואָס דער גאַנצער ענין פון דער עבודה אין בית המקדש האָט זיך אונטער זייער פירערשאַפט געפונען, און פון נחמיהס טויט אָן, ווען דער אַמט פון פּחה איז בטל געוואָרן, זיינען זיי אויך פאַר אַ לענגערן פעריאָד יאָרן די פּאָליטישע פאָרשטייער פון

פאָלק געוואָרן. זיי האָבן באַדאַרפט אויספּילן די אַלע פונקציעס, וואָס די פּחות האָבן פריער אויסגעפילט. זיי זיינען געווען די מתווכים צווישן פאָלק און דער פּאָליטישער מאַכט, אונטער דער הערשאַפט פון וועלכער די אידן האָבן זיך געפונען און האָבן די אַלע סדרים און הנהגת המדינה אונטער זייער קאָנטראָל און פירונג געהאַלטן. ניט פאַר נחמיהן אָבער און ניט נאָך נחמיהן זיינען די כהנים גדולים געווען די רעליגיעזע פאָרשטייער פון פאָלק אין דעם זין, זיי זאָלן פון דעם פאָלק אַלס די אַנערקענטע אויטאָריטעטן באַטראַכט ווערן בנוגע דעם אויסטייטשן פון די דינים פאָרמולן פון דער תורה, בנוגע נייע תקנות מתקן זיין, אָדער אויך זיי אַליין זאָלן פּרעטענדירן אַלס אַזעלכע צו פיגורירן. די אַנערקענטע ביז שמעון הצדיק אויף דעם געביט פון די דאָזיקע אַלע ענינים זיינען די סופרים צוזאַמען מיט די אנשי כנסת הגדולה געווען. די כהנים גדולים זיינען די העכסטע פאָרשטייער געווען פון זייערע קאָלעגן. זיי זיינען אָבער ניט די העכסטע פאָרשטייער פון די חכמי התורה געווען. נאָר שמעון הצדיק האָט צום כתר פון כהונה גדולה און צום כתר פון ראש חכמי התורה זוכה געווען. ער איז דער פּאָליטישער, וועלטלעכער פאָרשטייער פון אידישן פאָלק געווען, און צוזאַמען דערמיט אויך זיין העכסטער רע־ליגיעזער אויטאָריטעט, אי אַלס כהן גדול, אי אַלס דער העכסטער פאָרשטייער פון בית דין הגדול.

---

מיר האָבן שוין געשריבן אַ פאָריקן מאָל וועגן דעם קריזיס, וואָס דער אידישער ישוב האָט דורכגעמאַכט אין די אַרום צוואַנציק יאָר, וואָס זיינען פאַרבייגעלאָפן פון אלכסנדר מוקדונס טויט ביז ארץ ישראל איז אין ענטגילטיקער פאָרם פאַרבליבן אַ טייל פון תלמי לאָגוס מלוכה. די פּאָליטישע מהומות, וואָס זיינען פאָרגעקומען דאַן אין די פאַר־אייניקטע פּראָווינצן פון אלכסנדרס אימפעריע, וועלכע זיינען איצט צווישן זיינע קאָמאַנדירן צעטיילט געווען, די קריגערייען און מלחמות, וואָס די דאָזיקע קאָמאַנדירן האָבן צווישן זיך געפירט פאַר דער ירושה, וואָס דער גרויסער פירער זייערער האָט זיי איבערגעלאָזט, האָבן ניט נאָר די ווייטערדיקע נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון אידישן ישוב אין ארץ ישראל געשטערט, נאָר האָבן אויך טיף די יסודות פון זיין עקזיסטענץ אונטערגעגראָבן. זיי האָבן אויך מיט געפאַר פון פאַר־ניכטונג דעם אידישן ישוב געדראָעט.

און אויב דאָס אידישע לעבן האָט דאָך געקענט ביישטיין די בייזע ווינטן, וואָס האָבן עס דאַן פון אַלע זייטן געשטורעמט, אויב

דער ישוב איז דאָן בשלום דעם קריזיס איבערגעקומען, איז דאָס אַלעס צום גרעסטן טייל פאָרגעקומען אַ דאַנק דעם, וואָס דער רודער פון דעם אידישן לעבן האָט זיך דאָן אין דער האַנט פון שמעון הצדיק געפונען, אַ דאַנק דעם, וואָס ער איז דאַן דער פירער און וועגווייזער פון אידישן פאָלק געווען. באַזאָרגט און באַקימערט איבער דעם טרויעריקן שיקזאַל, וואָס האָט זיין פאָלק געטראָפן, האָט ער פאַר־זיכטיק און וואַכזאַם די שיף פון אידישן לעבן געפירט איבער די בייזע וואַסערן, וואָס האָבן אויף איר זייערע דראָענדע כוואַליעס גע־שלאָגן. ער איז אַ קוואַל פון טרייסט און דערמוטיקונג פאַר דעם פאָלק געווען. אין די שווערע טעג פון נסיונות גרויסע האָט זיין רואיקער און באַרואיקנדער גייסט זייערע צעבראָכענע געמיטער גע־שטאַרקט און גלויבן און האָפענונג אין זייערע מידע הערצער געוועקט. ער און די חברים זיינע, די איבעריקע חכמי התורה, וואָס האָבן אין יענעם דור געלעבט, זיי זיינען עס דער וואונדערלעכער כח געווען, וואָס האָט אין פאַראייניקונג געהאַלטן דאָס גאַנצע קאָלעקטיווע נאַציאָ־נאַלע לעבן פון פאָלק, וואָס האָט אָפּגעווענדט די געפאַר, אַז דער פאַראייניקטער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזם פון אידישן פאָלק זאָל צעפאַלן ווערן אונטער דעם האַמער פון די שטורעמדיקע פאַסירונגען פון יענער צייט. מיט זייער אמונה און בטחון האָבן זיי אמונה און בטחון אויף בעסערע צייטן אין די הערצער פון פאָלק איינגעפלאַנצט. און מיט זייער אינטענסיווער טעטיקייט אַלס לערער און פון גאָטס תורה פאַרשפרייטער, האָבן זיי דאָס אידישע לעבן פון דער מאָראַלער הויך, אויף וועלכער עס איז ביז דעמאָלט געשטאַנען, ניט געלאָזט אַראָפּזינקען און פון זיין אייגנ־אַרטיקן נאַציאָנאַל קולטורעלן, נאַציאָנאַל אינטעלעקטועלן אינהאַלט ניט געלאָזט זיך אויסליידיקן.

און אויב מיר זעען אים — שמעון הצדיק — אין דער ערשטער העלפט פון זיין גענזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, פאַר דער צייט, וואָס ער איז כהן גדול געווען, אין דער ראָלע פון אַן עזרא, אויב ער איז דאַן, הויפּטזעכלעך, נאָר לערער און קולטור טרעגער פאַר דעם פאָלק געווען; אויב די טעטיקייט זיינע פאַר יענער צייט איז הויפּטזעכלעך געווען נאָר אויף דעם פעלד פון דערציאונג, נאָר אויף דעם פעלד פון מאָראַלער, פון אינטעלעקטועלער פירערשאַפט איז אין דער צווייי־טער העלפט פון זיין טעטיקייט, די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן, זעען מיר אים אויך אין דער ראָלע פון אַ נחמיה, אין דער ראָלע פון אַ גרויסן, פּאָליטישן, פּראַקטישן פירער. ווי נחמיה האָט ער אויך אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט אָנגעפירט באַלד, ווי עס איז

דערויף דער גינסטיקער מאָמענט געקומען, די חורבות פון ירושלים צו פאַרבויען, דעם גאַנצן ישוב אויף געזונטע סאָציאַל פּאָליטישע, סאָציאַל עקאָנאָמישע יסודות אַוועקצושטעלן, צו פאַרזאָרגן אים מיט די אַלע נויטיקע איינריכטונגען, כדי ער זאָל קענען אומגעשטערט וואַקסן און בליען און ביז צו פולקאָמענקייט דערגרייכן. עס איז דער גוטער ווילן פון דער השגחה געווען צו שטעלן דאָס אידישן לעבן פון אָט יענער גאַנצער עפּאָכע, אין דעם פּעריאָד יאָרן אין איר, ווען דער אידישער ישוב אין ארץ ישראל האָט פון פּאָליטישן כאָאָס און פון פּאָליטישן דרוק געליטן, אי דאַן, ווען עס איז פאַר אים באַרואיקונג געקומען, ווען עס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַר אים מעגלעכקייטן פאַר נאָרמאַלער עקזיסטענץ — אונטער דער פירערשאַפט פון שמעון הצדיק, וועלכער איז דער אידעאַלער פירער פון פאָלק געווען, ניט נאָר אין די פינצטערע צייטן, וואָס דאָס פאָלק האָט דורכגעמאַכט, נאָר אויך ווען עס זיינען די בעסערע צייטן געקומען, ווען מען האָט באַדאַרפט מיט אינטענסיווער, איילקער טעטיקייט אָנגעשטרענגטער די חרוב געוואָרענע אידישע וועלט צוריק אויפבויען. ווי פרוכטבאַר עס איז געווען זיין געבענטשטער איינפלוס און ווירקונג אויף דעם אידישן פאָלק אין די יאָרן פון שווערע נסיונות, וואָס זיי האָבן איבער־געלעבט, זיי זאָלן ניט אין פאַרצווייפלונג צוזאַמענברעכן, זיי זאָלן געדולדיק, מיט גלויבן און האָפענונג, דעם שווערן יאָך פון בייזן שיקזאַל טראָגן, אָט אַזוי האָט ער זיך אויך אויף דער העכסטער הויך פון פרוכטבאַרער ווירקונג געפונען אין באַצוג צו פּראַקטישע אויפגאַבן, וואָס ער האָט זיך געשטעלט, דאַן, ווען עס איז דערויף דער גינסטיקער מאָמענט געקומען, דאָס פּאָליטיש דיסאָרגאַניזירטע, סאָציאַל אַראָפּ־געזונקענע אידישע לעבן צו דערהויבן און אין נאָרמאַלע איינראַ־מונגען צו ברענגען. גרויס ווי ער איז געווען אַלס גייסטיקער פאַר־שטייער, וואָס איז מיט זיין גרויסער מאָראַלער פּערזענלעכקייט אַ קוואַל פון טרייסט און האָפענונג פאַר זיין פאָלק געווען, איז ער אויך ניט ווייניקער גרויס געווען אַלס ענערגישער, פּראַקטישער טוער, וואָס האָט געוואוסט, ווי אויסצונוצן די פּאַסיקע מאָמענטן, וואָס זיינען דע־רויף געקומען, היילונג דעם חרוב געוואָרענעם אידישן ישוב צו ברענגען.

ווען תלמי לאָגוס איז געצוואונגען געווען אָפּצוטרעטן פון נידער סיריען צוריק אין דרום ביז צו עגיפּטן האָט ער, ווי מיר האָבן שוין געשריבן איינמאָל, צעשטערט די פעסטונגען אַרום ירושלים. ער האָט זיך געריכט אָנצופאַלן נאָכאַמאָל אויף דעם שונא און אַוועקנעמען פון אים די אַלע דאָרטיקע פּראָווינצן, וואָס האָבן פריער באַלאַנגט צו אים.

האָט ער דעריבער ביי זיין צוריקציען זיך צו עגיפּטן צעשטערט די אַלע הויפּט פעסטונגען, וואָס האָבן זיך אין יענע פּראָווינצן געפונען, כדי זיי זאָלן ניט דינען אַלס שוץ פאַר זיינע שונאים, ווען ער וועט אויף זיי אָנפאַלן. איז איצט, ווען די פּאָליטישע מהומות האָבן זיך שוין געענדיקט, נאָכדעם, וואָס ארץ ישראל איז שוין אומבאַשטרייטבאַר אַלס אַ טייל פון תלמיס מלוכה געבליבן, האָט זיך שמעון הצדיק גענומען פאַר דער צוריק אויפבויאונג פון די צעשטערטע פעסטונגען.

ער האָט אויך דעם בית המקדש רעמאָנטירט.

אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט, פון זינט דער בית המקדש איז אויסגעבויט געוואָרן ביז איצט, איז ער קיינמאָל ניט רעמאָנטירט געוואָרן. ער איז דעריבער זייער אָפּגעלאָזן געווען. האָט איצט שמעון הצדיק געבראַכט אין אים אין אָרדענונג אַלצדינג, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין דעם. ער האָט אויך פאַרזאָרגט די שטאָט נאָך מיט פילע נויטיקע איינריכטונגען, וואָס זאָלן איר כבוד און אָנזען פאַרשטאַרקן און זיכער און באַקוועם זי מאַכן אין די צייטן פון שלום און מלחמה. ער האָט אַ גרויסן רעזערוואואַר פון וואַסער אויסגעבויט הינטער דעם טעמפּל. דאָס וואַסער איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַהין אין רערן, וואָס האָבן זיך געצויגן דורך פילע קאַנאַלן, וואָס זיינען אונטער דער ערד געגראָבן געוואָרן. די דאָזיקע רערן האָבן זיך געצויגן פון ווייט הינטער ירושלים פון דעם קוואַל עיטם און דעם קוואַל ריגל און פון השלוח. פון יענע קוואַלן איז דאָס וואַסער געצויגן געוואָרן און געבראַכט געוואָרן קיין ירושלים. דורך די דאָזיקע קאַנאַלן וואָס ער האָט געגראָבן, האָט ער פאַרזאָרגט די שטאָט, זי זאָל קענען האָבן וואַסער אַפילו אין אַ צייט פון באַלאַגערונג, און אויך פאַרזאָרגט דעם בית המקדש, ער זאָל שטענדיק קיין נויט אין וואַסער, וואָס ער האָט אַזוי פיל פאַרברויכט, ניט פילן.

און עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס זיין נאָמען — דער נאָמען פון שמעון הצדיק — איז אַזוי פאַרהייליקט און באַליבט געוואָרן ביים אידישן פאָלק. מיט אַנטציקונג גרויסער באַשרייבט יהושע בן סירא, וועלכער איז, כמעט ווי אַ צייט גענאָסע זיינער געווען, זיין לעבן. אין העלע פאַרבן רייכע מאָלט ער דאָס שטראַלנדע בילד פון שמעון הצדיק. מיט גרויס באַגייסטערונג שילדערט ער דאָס בילד זיינס אַלס כהן גדול, ווי וואונדערלעך ער האָט אויסגעזען, ווען ער האָט די עבודה אין בית המקדש אָפּגעריכט.

— שמעון בן חוניו, דער כהן גדול, — שרייבט ער אין לעצטן קאַ־פּיטל, וואָס איז געווידמעט אינגאַנצן, אויסער די לעצטע עטלעכע שורות

צו שמעון הצדיק, פון זיין ספר, — האָט שטאַרק געמאַכט אין זיינע טעג די צעשטערטע טיילן פון בית המקדש און דעם היכל פון גאָט. ווי שיין האָט ער אויסגעקוקט אין די אויגן פון פאָלק, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון הינטער דעם פּרוכת.

„ווי דער מאָרגנשטערן, וואָס קוקט פון דורך די וואָלקנס אַרויס.

„און ווי די לבנה אין איר פּרעכטיקער פולקייט.

„ווי די זון, וואָס שיינט איבער דעם היכל פון גאָט.

„און ווי דער רעגנבויגן מיט די פילע פּראַכטפולע קאָלירן זיינע אין הימל".

אַזוי האָט ער דאַן אויסגעזען.

ווען ער איז געגאַנגען צום מזבח אָנגעטאָן אין זיין כהן גדול מאַנטל און באַקרוינט אַרום מיט די כהנים פון בית המקדש, איז דאָס גאַנצע הויז מיט זיין פּראַכט איבערפולט געוואָרן".

ווען ער האָט גענומען די טיילן פון קרבן פון די הענט פון זיינע ברידער און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים פייער פון מזבח, האָבן אים די כהנים אַרומגערינגלט, ווי אַ צעדערבוים אין וואַלד לבנון איז אַרומגערינגלט מיט פּאַלמען בוימער. זיי אַלע, די בני אהרון, זיינען געווען פּרעכטיק אָנגעטאָן און די קרבנות פון גאָט זיינען געווען אין זייערע הענט פאַר די אויגן פון דער גאַנצער עדה אידן".

„און ביים ענדיקן די עבודה פון מזבח, ווען ער האָט מקריב געווען די קרבנות פון גאָט, האָט ער מיט זיינע הענט די עבודה פון נסך אָפּגעריכט, צו גיסן ווייַן פאַר אַ ריח ניחוח צו גאָט דער מלך איבער דער גאַנצער ערד".

„און די בני אהרון האָבן אויפגעהויבן זייער קול און האָבן געשאַלט פון זייערע טרומייטן פאַר אַ דערמאָנונג צו גאָט".

„און דאָס גאַנצע פאָלק איז געפאַלן אויף זייערע פּנימער און האָבן זיך צום אויבערשטן, צו גאָט געבוקט".

„די זינגער האָבן אויפגעעפנט מיט געזאַנג זייער מויל און דאָס הויז איז פול געוואָרן מיט זיסע געזאַנגען. און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געלויבט גאָט פאַר די חסדים און זיי האָבן געבעטן צו אים ביז די גאַנצע עבודה האָט זיך געענדיקט".

„און דער כהן, אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט אויפגעהויבן זיין האַנט צום גאַנצן קהל ישראל און ער האָט זיי געבענטשט מיט גאָטס ברכה".

„און דאָס פאָלק האָט זיך געבוקט אַ צווייטן מאָל פאַר גאָט און זיי האָבן געזאָגט:

„לויבט גאָט וואָרים ער איז גוט. וואָרים אויף אייביק איז דער חסד זיינער. גאָט האָט געגרויסט צו טאָן מיט אונדז פון אונדזער געבורט אָן ביז היינט און אַזוי זאָל ער מערן צו טאָן מיט אונדז, ווי זיין חסד איז. גיב אונדז, גאָט, אַ פריילעך האַרץ און באַניי אונדזערע טעג אין פרידן, ווי פריער. זאָל דיין חסד זיין אויף אונדז און זאָל אַן עת רצון זיין פאַר דיר, דו זאָלסט אונדז אויסלייזן. וואָרים עס איז שוין געקומען די צייט".

י״ב

# די לערן און אָנשויאונגען פון שמעון הצדיק

דער מאמר „על שלשה דברים העולם עומד״ פון שמעון הצדיק. — דער דאָזיקער מאמר שפּיגלט אָפּ דעם תמצית פון זיינע אָנשויאונגען וועגן די הויפּט יסודות פון אידנטום. — דער דאָזיקער מאמר האָט באַדאַרפט דינען ווי אַ וואָרנונג פאַר די אידן, זיי זאָלן ניט אַרונטערפאַלן אונטער דעם איינפלוס פון גריכישן לעבן, מיט וועלכן זיי האָבן זיך איצט צוזאַמענגעטראָפן. — זיין קעגנערשאַפט צו סגופים. — ער האָט אויף זיך עדות געזאָגט, אַז ער האָט קיינמאָל קיין „אשם נזירות״ ניט געגעסן, אויסער אין איין אויסנאַמספאַל. — דער טייטש פון וואָרט „מלאך״ אין פּסוק „ואל תאמר לפני המלאך״ אין „קהלת״. — די רעאַקציע, וואָס דאָס יאָגן זיך נאָך תענוגים האָט ביים אידישן פאָלק אַרויסגערופן.

**„על שלשה דברים העולם עומד: על התורה, על העבודה ועל גמילות חסדים״.**

אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט, די אידישע וועלט — אויף תורה לערנען, אויף דער עבודה אין בית המקדש, אויף דינען גאָט, ווי געהעריק, און אויף וואוילטעטיקייט, אויף טאָן גוטס.

דער דאָזיקער מאמר ווערט געבראַכט אין מסכת אבות אין נאָמען פון שמעון הצדיק, און ער ווערט אָנגעגעבן דאָרט אַלס דער שטענ־דיקער לאָזונג זיינער, אַלס זיין שטענדיקער דעוויז.

און ווירקלעך, דער דאָזיקער מאמר שפּיגלט אָפּ אין זיך דעם תמצית, דעם סך־הכל פון זיין אָנשויאונג וועגן די הויפּט יסודות פון אידישקייט, זיין אָנשויאונג וועגן דעם, אויף וואָס פאַר אַ וועג עס האָט געקענט מעגלעך זיין אין זיין צייט צו זיכערן נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פאַר דעם אידישן פאָלק, צו געבן דעם אַ מעמד אַלס באַזונדער פאָלק. מיר האָבן פאַר זיך דעם תמצית, די הויפּט יסודות פון זיין גאַנצער טעטיקייט אַלס פירער פון פאָלק.

אויב דאָס אידישע פאָלק איז אין משך פון די אַלע לעצטע דורות אַ חטיבה מיוחדת געווען; אויב זיי זיינען ביז איצט אין משך פון דער גאַנצער תקופה, וואָס האָט זיך פון נאָך נחמיה אָן געצויגן, אַזוי

אַנדערש געווען פון אַלע אַנדערע פעלקער; אויב זיי זיינען נאָך ניט קיינמאָל פריער ביז צו אַזאַ גרויסער מדרגה אַ באַזונדער פאָלק מיט אַזאַ שאַרף אויסגעשפּראָכענעם אייגענעם גייסטיקן אינהאַלט געווען, איז דאָס געווען אַ דאַנק דעם, וואָס קיינמאָל פריער איז די תורה אין אַזאַ מאָס געווען דער קנין פון גאַנצן פאָלק, דער אָביעקט פון זיין שטענדיקן שטודירן, פון זיין שטענדיקן פאַרטיפן זיך אין אים, ווי דאָס אַליך איז איצט געווען; אַ דאַנק דעם, וואָס די עבודה פון אידישן פאָלק צו גאָט איז קיינמאָל ניט פריער, אַזוי ריין פון יעדן עבודה זרה עלעמענט געווען, ווי זי איז איצט געווען; אַ דאַנק דעם, וואָס דאָס אידישע לעבן האָט קיינמאָל פריער אויף אַזוי פיל געלייטערטן געפיל פון רחמנות, פון מיטלייד, ווי איצט, באַזירט.

און דעריבער האָט ער געהאַלטן אין איין חזרן און דערמאָנען דעם פאָלק, ווען דאָס אידישע לעבן איז אין נייע אומשטענדן געשטעלט געוואָרן, אַז די דאָזיקע דריי זאַכן זיינען די הויפּט זיילן, אויף וועלכע דער קיום פון דער אידישער וועלט קען זיך האַלטן, אַז אין תורה, עבודה און גמילות חסדים איז די גאַראַנטיע פאַראַן פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פון אידישן פאָלק.

עס איז אין דעם „משום צורך השעה" געווען. מען האָט געקענט מורא האָבן, אַז די חכמת יון, מיט וועלכע די אידישע וועלט האָט זיך אָנגעהויבן אין יענער צייט נעענטער צו באַקענען, זאָל ניט אָפּציען דעם אינטערעס פון אידישן פאָלק פון דער תורה. מען האָט געקענט מורא האָבן, אַז די פאַרבנרייכע פאָרמען פון דער גריכישער געצנדינעריי, די שיינע קונסטפולע טעמפּלען זייערע, דער אימפּאָזאַנטער רעליגיעזער צערעמאָניאל זייערער, אויף וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט זיך איצט אָנגעשטויסן, זאָלן ניט אויסאיבן זייער ווירקונג אויף דעם אידישן פאָלק צו פאַרטונקלען אַביסל זייערע ריינע רעליגיעזע באַגריפן, צו פאַרקלענערן אַביסל זייער באַגייסטערונג פאַר דער עבודה אין בית המקדש. מען האָט געקענט מורא האָבן, אַז דאָס שטאַרק אַנטוויקלטע ביי די גריכן געפיל פון עגאָאיזם, אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון, זאָל ניט איבערגענומען ווערן פון די אידן, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן מיט די ערשטע צוזאַמענלעבן. ווארים אין אַליך האָבן די גריכן עולם הזה תכלית געזוכט, וואָס מער גענוס, פאַרגעניגן און גליק פאַר דעם כלל און פאַר דעם יחיד צו דערווערבן — איז זייער העכסטע שטרעבונג געווען. קיין אַקט פון מענטשלעכן טוגנט האָט ניט געקענט, לויט דער גריכישער אַנשויאונג, זיין ציל אין זיך אַליין טראָגן, נאָר ער האָט אים געמוזט זוכן אויסער זיך. יעדער

טאַט האָט געמוזט, לויט דער לעבנס־אנשויאונג פון די גריכן, זיין באַלוינונג ברענגען, האָט געמוזט זיין עקזיסטענץ האָבן ניט אין דעם אינהאַלט זיינעם פאַר זיך אַליין גענומען, נאָר אויף וויפיל ער קען פאַרגרעסערן די סומע פון גליק פאַר דעם פּרט אָדער פאַר דעם כלל, און דערפאַר זיינען ביי זיי אויך די העכסטע קאַטעגאָריען, אפילו פון מענטשלעכן טוגנט, ווי די מדה פון רחמנות, פון מיטלייד האָבן, ניט פון אַבסאָלוטן ווערט פאַר זיי געווען. אפילו צו זייערע אייגענע קינדער האָבן זיי געקענט ווילדע אכזרים זיין. זיי האָבן די פון זייערע קינדער, וואָס זיינען מיט אַ מום געבוירן געוואָרן, באַלד ביי זייער געבורט געטויטעט.

דעריבער איז שמעון הצדיק אויף דער וואַך געשטאַנען צו היטן דאָס פאָלק, זיי זאָלן ניט אונטער דעם גריכישן איינפלוס אַרונטערפאַלן. דעריבער האָט ער געהאַלטן אין איין אונטערשטרייכן שטענדיק, אַז דאָס באַשעפטיקן זיך מיט דעם שטודיום פון דער תורה, די עבודה אין בית המקדש, געלייטערטע, ריינע פאָרשטעלונג פון אידישן פאָלק וועגן גאָט, דאָס גומל חסד זיין מיט מענטשן, אָפּשפּיגלען די מדה פון רחמנות, פון מיטלייד אין די מעשים, ניט זוכנדיק דערביי קיינע אַנדערע צוועקן, ווי נאָר דעם צוועק צו העלפן די פּערזאָן, וואָס באַדאַרף די הילף האָבן, ניט יאָגן זיך נאָך גליק און פאַרגעניגן שטענדיק, אַז זיי זיינען די דריי זיילן וואָס אויף זיי האַלט זיך דער גאַנצער בנין היהדות, אַז דאָס אַלץ פאַרמירט דעם הויפּט אינהאַלט פון אידישקייט, אַז נאָר דורך דעם אַלעם ווערט בולט געצייכנט דער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער פון אידישן פאָלק אַלס באַזונדער פאָלק.

ווי גרויס אָבער עס איז דער וואונטש פון שמעון הצדיק געווען, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל ווי געעהריק פּרום די מצוות פון דער תורה אָפּהיטן, אַז עס זאָל געהאָרכזאַם גאָטס ווילן טאָן, האָט ער עס דאָך פאַר זיין אויפגאַבע געהאַלטן אָפּצוהיטן דאָס פאָלק, עס זאָל ניט אין איבערטריבענער פרומקייט אַריינפאַלן, דורך וועלכע עס זאָל געבראַכט ווערן צו פאַרלייקענען דאָס לעבן, צו אָפּזאָגן זיך פון פאַרגעניגן זוכן אין לעבן. ווארים פּונקט ווי ער האָט ניט געוואָלט, אַז דער גריכישער עגאָאיזם זאָל זיך אין אידישן לעבן אַנטוויקלען, אַזוי האָט ער אין דעם אויך אַסקעטישע שטרעבונגען ניט געוואָלט זען. פּונקט, ווי ער האָט ניט געוואָלט, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל אַ פאָלק פון מגושימדיקע עולם הזהניקעס ווערן, אַזוי האָט ער אויך ניט געוואָלט, אַז זיי זאָלן פון אַ קולט פון פּייניקן זיך, פון פאַרניינען דאָס לעבן באַהערשט ווערן. ער איז אַ קעגנער פון סגופים געווען. ער איז

געוועזן קעגן דעם, מען זאָל נזירות פּראַווען. ער האָט אין דעם פּייניקן זיך, אין דעם אָפּזאָגן זיך פון טרינקען וויין און עסן טרויבן אין אַ ניט צו גרויסער מאָס קיין שום נוצן ניט געזען ניט פאַר דעם כלל און ניט פאַר דעם פּרט. ער האָט דאָס דעריבער ניט פאַר קיין מדה טובה באַטראַכט און איז געוועזן קעגן דעם.

און כדי צוצוגעבן שטאַרקייט צו דער דאָזיקער אנשויאונג זיינער אויף סגופים, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו נהנה זיין פון די קרבנות, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן צו די כהנים אויף מקריב זיין אין בית המקדש, אין אַ פאַל, ווען זיי — די נזירים — האָבן זיך אין מיטן פון זייערע נזירות טעג צו אַ מת מטמא געווען און זיי האָבן דערפאַר באַדאַרפט אָנהויבן ציילן זייערע נזירות טעג פון דאָס ניי, נאָך זייער רייניקן זיך. „מימי לא אכלתי אשם נזירות" — האָט ער אויף זיך עדות געזאָגט. קיינמאָל אין מיין לעבן האָב איך קיין אשם נזירות ניט געגעסן, נאָר איין מאָל האָט ער יאָ געמאַכט אַן אויסנאַמע און האָט יאָ געגעסן פון דעם קרבן אשם, וואָס אַ נזיר האָט געבראַכט. ער האָט דאַן די אויסנאַמע געמאַכט, ווייל דער מאָטיוו פון יענער נזירות איז פון העכערן כאַראַקטער געווען. יענער נזיר האָט דורך דער נזירות, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, דעם יצר הרע געוואָלט פון זיך פאַרטרייבן, די זינדיקייט אין זיך באַקעמפן.

עס איז איינמאָל געקומען צו מיר איינער פון דרום — דערציילט די טראַדיציע וועגן דעם דאָזיקן פאַל אין נאָמען פון שמעון הצדיק — אַ בילד שיינער מאַן, מיט שיינע אויגן און געקרייזלטע האָר, און ער איז געווען אַ נזיר. האָב איך געזאָגט צו אים: זון מיינער, וואָס האָסטו דערזען אַזוינס, דו זאָלסט אַזוינע שיינע האָר פאַרדאַרבן? — האָט ער צו מיר געזאָגט: „איך בין אַ פּאַסטוך געווען ביי מיין פאָטער אין מיין שטאָט, בין איך געגאַנגען אָנשעפּן וואַסער פון קוואַל און איך האָב דערזען מיין געשטאַלט אָפּגעשפּיגלט אין וואַסער, האָט מיך איבערוועלטיקט דער יצר הרע און געוואָלט מיך אומברענגען פון דער וועלט. האָב איך געזאָגט צו אים: „רשע, וואָס זאָל איך זיך גרויסן מיט אַ וועלט, וואָס איז ניט מיינע, מיט דעם, וואָס וועט רמה ותולעה ווערן. איך שווער, אַז איך וועל אָפּגאָלן מיינע האָר צו גאָט". האָב איך זיך באַלד אויפגעשטעלט און אַ קוש געגעבן אים אין קאָפּ און געזאָגט צו אים: „אַזוינע נזירים, ווי דו זאָלן זיך מערן ביי אידן. אָט אַזעלכע, ווי דו, מיינט עס דער פּסוק „נזיר להזיר לה'", דער נזיר, וואָס נעמט אויף זיך נזירות, כדי ער זאָל פון גאָט ניט דער־ווייטערט ווערן.

און רבי אייזיק הירש וויס שרייבט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער לעגענדע, וואָס ווערט אויך ביי אים געבראַכט, אַז עס וועט ניט זיין קיין ווייטלויפיקע און אומוואַרשיינלעכע השערה, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז אין זיין צייט מסתמא איז עס איינגעפירט געוואָרן אָט דאָס, וואָס אַ געלערנטער האָט דאָס רעכט צו מתיר נדר זיין. וייל זיי האָבן געזען, אַז דער עולם האָט זיך צופיל אַריינגעלאָזן אין נדרים, וואָס דערפון קען קיין גוטס ניט אַרויסקומען, האָבן זיי געמאַכט אַזאַ רעפאָרם: ווען דער בעל הנדר האָט זיך אַרומגעזען אַז ער האָט אַ טעות געהאַט און ער האָט חרטה אויף זיין טאַט, קען אים אויף דעם סמך אַ געלערנטער פון דעם נדר באַפרייען.

און אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער השערה טייטש ער דאָס וואָרט מלאך אין דעם פסוק אין קהלת „אל תתן את פיך לחטוא את בשרך ולא תאמר לפני המלאך כי שגגה היא": פריידיקער, געלערנטער. קהלת זאָגט, לויט זיין אויסטייטשונג: „אַז אַ מענטש דאַרף ניט דערלויבן זיין מויל אויסצורידן אַזאַ זאַך, וואָס ער זאָל מוזן דורך דעם פאַרדאַרבן זיין לייב, פאַראורזאַכן זיך אַליין שמערצן און דערנאָך זאָל ער זיין געצוואונגען צו נעמען צוריק זיינע ווערטער, גיין צו דעם מלאך, צום פריידיקער און געלערנטן און דערקלערן, אַז דאָס איז געווען אַ טעות" ער האָט זיך ניט באַקלערטערהייט אויס־געדעדט אַזאַ נדר. ער האָט אויף דעם חרטה און ער וויל אַז דער געלערנטער זאָל זיין נדר מבטל זיין. וואָס אַנבאַלאַנגט אָבער זיין טייטשן דאָס וואָרט מלאך: פריידיקער, געלערנטער איז דאָס ניט זיין אָריגינעלער אויפטו, כאָטש ער גיט אָן די דאָזיקע אויסטייטשונג אַלס זיין אייגענע. רבנו עובדיה ספורנו האָט אים אין דעם מקדים געווען. אין זיין פרוש אויף קהלת שרייבט ער אויף דעם פסוק „ואל תאמר לפני המלאך", אַז מיט דעם וואָרט „מלאך" ווערט דאָ געמיינט דעם חכם, צו וועמען דער בעל הנדר וועט זיך ווענדן, ער זאָל אים דעם נדר זיינעם מתיר זיין. ואל תאמר לפני המלאך — לייענט זיך דער טעקסט דאָרטן — „לפני החכם שיבוא להתיר את הנדר"...

און די חז"ל האָבן געטייטשט דאָס וואָרט מלאך דעם שליח. לויט זייער אויסטייטשונג גייט דער גאַנצער פסוק אויף די, וואָס זיינען פוסקי צדקה ברבים, אויף די, וואָס זאָגן צו צדקה און ווילן ניט נאָכדעם זייער צדקה באַצאָלן, ווען דער שליח בית דין קומט זיי מאָנען. זיי ברענגען דורך דעם, זאָגט קהלת, אַ גרויסע זינד אויף זיך.

און אַזוי טייטשט אויך רש"י. „ואל תאמר לפני המלאך — לייענט זיך זיין פירוש אויף דעם דאָזיקן פסוק — לפני שליח הבא לתובעך

צדקה שפסקת ברבים, כי שגגה היא בשגגה פסקתיה, כי סבור הייתי שיהיה יכולת בידי ליתן".

און אינטערעסאַנט, אַז דווקא דער פרייער אבן עזרא טייטשט איין דעם דאָזיקן פסוק, אַז ער גייט אויף יענער וועלט.

ודע — שרייבט ער — כי נכתבים דרכי איש וכל מצעדיו יספור ומלאך ממשרתיו ממונה לכתוב בספר כל הדבורים היוצאים מפי האדם. ואל תאמר לפני המלאך, כי שגגה היה הנדר שנדרתי.

און זיי וויסן — הייסט עס אין דער אידישער איבערזעצונג — אַז זיי ווערן פאַרשריבן די וועגן פון מענטשן און אַלע זיינע טריט ציילט ער. און אַ מלאך פון זיינע באַדינער איז ממונה צו פאַרשרייבן אין אַ בוך די אַלע דבורים, וואָס גייען אַרויס פון מויל פון מענטשן, און דו זאָלסט ניט זאָגן פאַר דעם מלאך, אַז אַ טעות איז געווען דער נדר וואָס איך האָב מנדר געווען.

און נאָענט צו דער אויסטייטשונג איז אויך די אויסטייטשונג פון תרגום, וועלכע לייענט זיך ווי פאָלגט:

„לא תנבל ית מימרא דפומך למגרם דין גיהנום על בשרך וביומא דדינא רבא לא תוכל למימר קדם מלאכא אכזרא דרדי בך ארום שלותא היא".

זאָלסט ניט מנבל זיין דאָס וואָרט פון דיין מויל צו גורם זיין דעם דין פון גיהנום אויף דיין לייב און אין דעם טאָג פון גרויסן משפט וועסטו ניט קענען זאָגן פאַר דעם מלאך האכזר וואָס וועט האָבן די ממשלה איבער דיר דאַן: עס איז גאָר געווען אַ טעות.

ווי מיר זאָלן אָבער ניט דענקען וועגן דער דאָזיקער השערה פון ווייס, פון דעם אָבער, וואָס שמעון הצדיק האָט אין אַזאַ שאַרפער פאָרם אומצופרידנהייט מיט דעם ענין פון נזירות אַרויסגעוויזן, איז צו זען, אַז די נזירים דערשיינונג ביי אידן, וואָס האָט זיך מיט אַ דור און צוויי שפּעטער אַזוי שאַרף געמערקט אין אידישן לעבן האָבן — אירע ערשטע שפּראָצונגען שוין אין דער צייט פון שמעון הצדיק זיך באַוויזן. שוין די ערשטע באַקאַנטשאַפט פון אידישן פאָלק מיט די נאָך תענוגים יאָגענישן פון די גריכן האָט ביי אייניקע עלעמענטן זיינע אַ רעאַקציע אַרויסגערופן אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג, כדי צו פאַרזיכערן זיך פון אַרונטערצופאַלן אונטער פרעמדן, שענדלעכן איינפלוס.

דערצו באַדאַרף אָבער נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז אין הויפּט פּרינציפּ איז דער נזירות אינסטיטוט שוין אויך דאַן אַ גאָר אַלטער אינסטיטוט אין אידישן לעבן געווען, און ער איז גאָר ניט קיין קליינער פאַקטאָר

געווען אין דער פאָרמירונג פון דער אידישער פסיכיק, און דער פאָר־מירונג פון דער אייגנאַרטיקייט פון אידישן לעבן.

און צוזאַמען דערמיט באַדאַרף אויך אָנגעוויזן ווערן דערויף, אַז אַרום יענער צייט האָט זיך אויך ביי די גריכן אונטער דעם איינפלוס פון זיין איצטיקער מער נאָענטער באַקאַנטשאַפט, ווי פריער, מיט די אָנשויאונגען און פירונגען פון וויטן אָריענט, אַ געוויסע שטרעמונג, וואָס איז ענלעך אויף דער אידישער נזירות געווען, אָנגעהויבן צו באַווייזן. די דאָזיקע שטרעבונג האָט אין אַ משך פון פילע דורות אַ וויטערע, מער פאָלקאָמע אַנטוויקלונג דורכגעמאַכט ביז זי איז זיך אין גרעסערע באַוועגונגען צעוואקסן, וועלכע האָבן אין זיך מערערע געזעלשאַפטלעכע עלעמנטן איינגשלאָסן. מיט אייניקע דורות שפּע־טער זיינען ביי די גריכן אויף דעם באָדן פון דער דאָזיקער שטרעמונג געהיימע אָרגאַניזאַציעס אויסגעוואקסן, סאָציאַלע געזעלשאַפטן, וואָס דערמאָנען אַזוי שטאַרק די אידישע אָרגאַניזאַציעס פון די איסיים און די אַנדערע ענלעכע צו זיי אָרגאַניזאַציעס.

פּונקט אָבער, ווי דאָס אַנשטיין פון די אַלע פאַרשידענע געהיימע אָרגאַניזאַציעס אין אידישן לעבן מיט פילע דורות שפּעטער זיינען קיין פּראָדוקט פון גריכישן איינפלוס געווען, נאָר אַ וויטערע ענט־וויקלונג פון אַלטע אידישע אינסטיטוציעס, אַ פּראָדוקט פון די אייגנ־אַרטיקע אומשטענדן, אין וועלכע דאָס אידישע לעבן איז אין יענער צייט איינגעראַמט געווען, אַזוי איז אויך די נזירות דערשיינונג אין דער תקופה, וועגן וועלכער מירריידן דאָ, ניט דורך גריכישן איינפלוס צום לעבן אַרויסגערופן געוואָרן, נאָר אַ פאָרטזעצונג, ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, פון אַן אַלטער, איינגעבירגערטער דערשיינונג אין אידישן לעבן געווען.

ר״ג

# די לעגענדן וועגן שמעון הצדיק

די לעגענדע האָט אים די מדרגה פון נבואה און „גלוי שכינה״ צוגעשריבן. — ער האָט זיין טויט פאָראויסגעזאָגט. — אין זיין צייט — פאַרזיכערט די לעגנדע — זיינען אין אידישן לעבן וואונדערלעכע נסים פאָרגעקומען. — נאָך זיין טויט האָבן די כהנים אויפגעהערט דעם שם המפורש אַרויסצורייידן בשעת זיי האָבן דאָס פאָלק געבענטשט.

ווי דאָס לעבן און ווירקן פון פילע אַנדערע גרויסע אידישע פּערזענלעכקייטן איז אויך דאָס לעבן און ווירקן פון שמעון הצדיק מיט פילע שיינע לעגענדן באַצירט געוואָרן. די פאַנטאַזיע פון אידישן פאָלק האָט געזוכט וואָס מער פּערל שיינע איינצוזעצן אין דער קרוין פון שבחים, מיט וועלכע זי האָט זיין קאָפּ באַצירט. און אָט אַזוי האָט די אידישע פאַנטאַזיע צו די אַלע אַנדערע גרויסע מדרגות, וואָס זי האָט צו שמעון הצדיק*) צוגעשריבן, אים אויך צוגעשריבן די מדרגה פון נבואה און די מדרגה פון „גלוי שכינה״.

אַ יאָר פאַר זיין טויט — דערציילט אונדז די לעגענדע — האָט ער אויף זיך נבואות געזאָגט, אַז ער וועט אין יענעם יאָר שטאַרבן.

אין יענעם יאָר — דערציילט די לעגענדע וועגן דעם טויט פון שמעון הצדיק — וואָס שמעון הצדיק איז אין דעם געשטאָרבן, האָט ער געזאָגט צו זיי, צו די כהנים, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום אים, אַז אין דעם יאָר וועט ער שטאַרבן. האָבן זיי געזאָגט צו אים: פון וואַנען ווייסטו דאָס? האָט ער געזאָגט צו זיי: יעדן יום כפור ביז איצט פלעג איך טרעפן אַן אַלטן מאַן, וואָס פלעגט זיין אַנגעטאָן אין ווייסן און איינגעהילט אין ווייסן. ער פלעגט אַריינגיין מיט מיר און

*) לויט אַנדערע איז געווען אויסער דעם שמעון און זיין אייניקל, וואָס אויך זיין נאָמען איז שמעון געווען, נאָך אַ דריטער שמעון הצדיק. עס איז אויך אַ סברא, אַז די אַלע לעגענדן ביי די חז״ל, וואָס זיינען מספרים בשבחו של שמעון הצדיק, גייען אויף שמעון החשמונאי. וואָס אַנבאַלאַנגט די לעגענדן וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען נאָך שמעונס טויט — איז די מיינונג פון רבי אייזיק הירש ווייס, אַז זיי גייען אויף דעם שמעון, וואָס האָט געלעבט דרייסיק יאָר פאַר דעם חורבן, אין דער צייט פון קאַליגולאַ.

אַרויסגיין מיט מיר. און היינט האָב איך געטראָפן אַן אַלטן מאַן, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצן און איינגעהילט אין שוואַרצן. ער איז אַריינגעגאַנגען מיט מיר און איז ניט אַרויסגעגאַנגען מיט מיר — און נאָך יום טוב איז ער קראַנק געלעגן אַכט טעג און איז געשטאָרבן.

און לויט דער דערקלערונג פון אַן אַנדער לעגענדע איז דאָס די שכינה פון גאָט געווען, וואָס איז פאָראויס פון שמעון הצדיק אין קדשי קדשים געגאַנגען.

די כנסת ישראל, די שכינה האָט זיך אין שוואַרצע אָנגעטאָן אַלס צייכן פון טרויער אויף דעם פאָרשטייענדן טויט פון שמעון הצדיק.

גאָט אַליין האָט אויף דעם טויט פון גרויסן צדיק געטרויערט.

און אין אַן אַנדער לעגענדע ווערן אויסגערעכנט פילע ניסים, וואָס זיינען פאַר דער צייט, וואָס ער איז כהן גדול געווען, געשען: וואונ־דערלעכע ניסים, וואָס קיין כהן גדול פאַר אים און נאָך אים האָבן צו זיי ניט זוכה געווען.

די פערציק יאָר — דערציילט די לעגענדע — וואָס שמעון הצדיק האָט משמש בכהונה גדולה געווען, פלעגט דער גורל פון שעיר יום הכפורים, וואָס איז צו גאָט געווען, אויפגיין לימין*) שטענדיק, דער לשון של זהורית — די רויטע וואָל, וואָס פלעגט געמאַכט ווערן אין דער פאָרם פון אַ צונג און אָנגעקניפּט ווערן אין קאָפּ פון שעיר לעזאזל, פלעגט ווייס ווערן אַלס צייכן, אַז גאָט האָט פולשטענדיק פאַרגעבן די זינד פון די אידן, אָננעמענדיק די תפלה פון כהן גדול דעם צדיק, וואָס האָט מכפר געווען אויף זיין פאָלק. דער ׳נר המערבי״, וואָס פון אים פלעגט מען אָנהויבן אָנצינדן די ליכט אין אָוונט, פלעגט ברענען אין זיין צייט אויך נאָכדעם, וואָס די איבעריקע ליכט זיינען שוין אויסגע־לאָשן געוואָרן, כאָטש עס איז שוין אין אים מער קיין בוימל ניט געווען. דאָס האָט געדינט אַלס צייכן פאַר די אידן, אַז גאָטס כבוד רוט אויף זיי. דאָס פייער פון דער מערכה פלעגט זיך שטאַרקן און ברענען פון זיך אַליין, און די כהנים האָבן דעם גאַנצן טאָג ניט גע־דאַרפט ברענגען קיין האָלץ פאַר דער מערכה. עס איז אויך אַריין די ברכה אין עומר, אין שתי הלחם און אין לחם הפנים. און יעדער כהן, וואָס עס האָט זיך אים אָנגענומען אַ כזית — איז איינער פלעגט זיך מיט אים אָנעסן און זאַט ווערן, און אַן אַנדערער פלעגט זיך אָנעסן און נאָך איבערלאָזן.

---

*) ער פלעגט אַריינפאַלן אין דער רעכטער האַנט פון כהן גדול, ניט אין דער לינקער.

ווי ווייט גרויס עס איז געווען דער יראת הכבוד און די ליבע פון פאָלק און פון די חברים זיינע די כהנים צו שמעון הצדיק זעט מען אויך דערפון, וואָס פון נאָך זיין טויט אָן האָבן די כהנים אויפגעהערט אַרויסצוזאָגן דעם שם המפורש בשעת זיי בענטשן דאָס פאָלק.

נאָך גאָר די ערשטע סופרים — שרייבט ווייס — האָבן מתקן געווען, אַז מען זאָל ניט אַרויסריידן גאָטס נאָמען, ווי ער ווערט געשריבן מיט די אותיות. דאָס איז געווען איינער פון זייערע תקונים. זיי האָבן איינגעפירט, אַז מען זאָל גאָטס נאָמען לייענען אויף אַן אַנדער אופן, ווי עס ווייזן די אותיות, מיט וועלכע ער ווערט אין דער תורה געשריבן. דער דאָזיקער תקון האָט זיך אָבער ניט באַצויגן אויף ברכת כהנים. בשעת די כהנים פלעגן בענטשן דאָס פאָלק, פלעגן זיי גאָטס נאָמען אַרויסזאָגן, אַזוי ווי ער דאַרף זיך לייענען לויט די אותיות, מיט וועלכע ער איז אין דער תורה געשריבן. און ניט נאָר איז דאָס דערלויבט זיי געווען דאָס צו טאָן, נאָר עס איז אויף זיי אויך אַ חוב געווען צו טאָן אַזוי. זיי האָבן אין דעם זין אויסגעטייטשט דעם פסוק: „כה תברכו את בני ישראל”. זיי האָבן געלייענט דעם „כה” אַקצענטירט, דערקלערנדיק, אַז די תורה וויל, אַז די כהנים זאָלן אַרויסזאָגן די ווערטער פונקט ווי זיי זיינען געשריבן. זיי האָבן דאָס זעלבע אָפּגעלערנט נאָך פון אַן אַנדער פסוק, פון פסוק „ושמו את שמי על בני ישראל”.*) נאָך דעם טויט אָבער פון שמעון הצדיק האָבן אויך די כהנים אין ברכת כהנים אפילו אויפגעהערט גאָטס נאָמען אַרויסצורידן. זיי האָבן דאָס געטאָן, כדי אונטערצושטרייכן דורך דעם זייער הויכע מיינונג וועגן שמעון הצדיק. זיי האָבן געוואָלט דרוך דעם זאָגן, אַז דאָס, וואָס זיי האָבן זיך געפילט ווירדיק אַרויסצורידן דעם שם המפורש, איז דאָס געווען נאָר דערפאַר, וואָס דער זכות פון שמעון הצדיק האָט אויף זיי מגין געווען. איצט אָבער, ווען דער זכות פון גרויסן צדיק איז מער ניט מגין אויף זיי, באַטראַכטן זיי זיך ניט מער ראוי צו טאָן אַזוי. און פון דאַן אָן איז שוין אַזוי אויך לדורות געבליבן. אין איינקלאַנג מיט די טענדענצן, וואָס האָבן שוין אין יענער תקופה עקזיסטירט, צו פאַרבייטן דאָס דערמאָנען פון גאָט — ניט נאָר אין זין פון „ההוגה את השם באותיותיו” צו זיין — אויף אַלץ מער ווייטערע כנויים.

*) זיי זאָלן טאָן מיין נאָמען אויף די אידן. ווען זיי וועלן בענטשן די אידן, זאָלן זיי אַרויסריידן מיין נאָמען.

י״ד

# דער פעריאָד יאָרן פון שמעון הצדיקס טעטיקייט

ווען וועלכן שמעון רעדט זיך אין „פרקי אבות״, אַז ער איז פון די שיירי כנסת הגדולה געווען? — קראָכמאַלס מיינונג, אַז דאָרטן רעדט זיך וועגן זיין אייניקל, דעם צווייטן שמעון. — זיינע אַרגומענטן. — די צוויי פאַרשיידענע גירסות: די גירסא „קבלו ממנו״ און די צווייטע גירסא: „קבלו מהם״. — אנטיגנוס איש סוכו, שמעון הצדיקס תלמיד, און יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן, די תלמידים פון אנטיגנוס. — וואָסמען קען ענטפערן אויף קראָכמאַלס אַרגומענטן.

וועגן דעם, וואָס פאַר אַ שמעון די משנה אין „אבות״ מיינט עס אין דעם פּאַראַגראַף דאָרטן, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז שמעון הצדיק איז פון די „שיירי אנשי כנסת הגדולה״ געווען און אַז דער מאמר „על שלשה דברים העולם עומד: על התורה, על העבודה ועל גמילות חסדים״, פלעגט זיין באַליבטער מאמר זיין, און אין וואָס פאַר אַ צייט דער דאָזיקער שמעון האָט געלעבט, זיינען פאַרשידענע חלוקי דעות פאַראַן.

רבי נחמן קראָכמאַל וויל האָבן, אַז מיט דעם דאָזיקן שמעון, וועגן וועלכן די משנה רעדט, ווערט געמיינט דער צווייטער שמעון, וועלכער איז געווען דעם ערשטן שמעונס אייניקל.

און ער אָפּעריררט מיט פילע אַרגומענטן צו באַווייזן די ריכטיקייט פון דער דאָזיקער מיינונג זיינער.

דער הויפּט אַרגומענט אָבער זיינער איז פאָלגענדער: אין דער משנה אין „אבות״, פרק א׳, וואָס קומט נאָך דער משנה, אין וועלכער עס ווערט וועגן שמעון הצדיק גערעדט, ווערט געזאָגט, אַז אַנטיגנוס איש סוכו האָט פון שמעון הצדיק זיין תורה מקבל געווען, און אין משנה דל״ד ווערט ווידער געזאָגט, אַז יוסי בן יועזר און יוסי בן

יוחנן האָבן פון זיי מקבל געווען.*) און יוסי בן יועזר, וויסן מיר, איז אומגעקומען על קדושת השם אין קנ״א אָדער קנ״ב לשטרות. דאָס הייסט, אין יאָר 161 פאַר דער איצטיקער צייט רעכענונג. בנוגע ווידער דעם ערשטן שמעון דאַרפן מיר, לויט קראָכמאַל, קומען צו דער מיינונג, אַז ער איז געשטאָרבן אין יאָר עשרים לשטרות, דאָס הייסט, אין יאָר 292 פאַר דער איצטיקער צייטרעכענונג.**) היינט, ווי באַלד מיר וועלן זאָגן ,אַז די משנה מיינט דעם ערשטן שמעון, וועט, אַלזאָ, אויסקומען, אַז יוסי בן יועזר האָט, וויניקסטנס, אַזוינע 150 יאָר געלעבט. צוליב דעם אַלעם דענקט קראָכמאַל, אַז די משנה מיינט דעם צווייטן שמעון, וועלכער האָט געלעבט ביז אַרום דעם יאָר ק״ל לשטרות — אַרום דעם יאָר 182 פאַר דער איצטיקער צייטרעכענונג — און אין די צוואַנציק שפּעטערדיקע יאָרן, פון ק״ל ביז קנ״א לשטרוות, זיינען די פאָרשטייער פון די סנהדרין געווען: פריער אנטיגנוס איש סוכו און נאָכדעם יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן. די לעצטע צוויי זיינען די תלמידים מובהקים פון אנטיגנוס איש סוכו געווען. אין זייערע גאָר יונגע יאָרן אָבער האָבן זיי אויך פון מויל פון שמעון הצדיק תורה געלערנט.

און ווי עס זיינען אַלעמאָל די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פון דעם דאָזיקן גרויסן עמקן אָנגעמבאַר, ווען זיי זיינען אפילו ניט די ריכטיקע, אַזוי איז אויך דאָס מאָל. עס זיינען ניט פאַראַן אַזוינע גוואַלדיקע גרויסע אָפּוועגדונגען מצד דעם סדר הזמנים, מצד דעם סדר הדורות,

---

*) אין דער דאָזיקער משנה, וואו עס רעדט זיך וועגן דער קבלה פון יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן, איז אַ „חילופי גירסאות״ פאַראַן. איין גירסא איז: „יוסי בן יועזר איש צרידה ויוסי בן יוחנן איש ירושלים קבלו מהם״, דאָס הייסט פון שמעון הצדיק און אנטיגנוס, און רבי נחמן קראָכמאַל האַלט, אַז נאָר די גירסא איז די ריכטיקע. און די צווייטע גירסא איז: „יוסי בן יועזר איש צרידה ויוסי בן יוחנן קבלו ממנו״, דאָס הייסט פון אנטיגנוס. און עס זיינען דאָ אַלע גרינדע צו דענקען, אַז דוקא נאָר די גירסא איז די ריכטיקע. אין „תוספות יום טוב״ אויף דער באַשפּראָכענער משנה ווערט געזאָגט פאָלגנדעס: „ויש ספרים הגירסא ממנו. וכתב ׳המדרש שמואל׳ בשם הרשב״ץ שהיא הגירסא המדויקת אם הוחזקה.״

**) עס איז אָנגענומען צו רעכענען דעם חשבון לשטרות, דעם תאריך היוני, פון דעם יאָר 312 פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג; 380 יאָר פאַר דעם חורבן פון צווייטן בית׳ המקדש, 20 יאָר נאָך דעם אָנקומען פון אלכסנדר קיין ירושלים, און רבי עזריה מן האדומים באַווייזט, אַז דער עיקר חשבון שטרות איז ש״פ קודם חורבן הבית און פון אלכסנדרס אָנקומען קיין ירושלים ביז דעם חורבן הבית איז נאָר 395 יאָר. וואָרים פון זיין אָנקומען קיין ירושלים ביז דעם חשבון לשטרות איז נאָר 15 יאָר. און רש״ל ראַפּאָפּאָרט האָט אויסגערעכנט, אַז פון אלכסנדרס אָנקומען קיין ירושלים ביז דעם חורבן פון צווייטן בית המקדש איז 382 יאָר.

וואָס זאָלן מאַכן אוממעגלעך פאַר אונדז אָנצונעמען די מיינונג פון קראָכמאַל, אַז די משנה מיינט דעם צווייטן שמעון בן חוניו. די אָפּוועגדונג פון גאון רבי יצחק אייזיק הלוי, אַז אָננעמענדיק די דאָזיקע מיינונג, מוזן מיר איינשליסן די טעטיקייט פון צוויי גאַנצע דורות, אין נאָר צוואַנציק יאָר, זאָגט גאָר ניט. ווארים אליבא דקראכמאל, וואָס איז גורס „קבלו מהם", האָבן מיר דאָ נאָר איין דור. ווארים לויט זיין גירסא אין דער משנה איז אנטיגנוס אַ בן דורו, נאָר אַביסל אינגער פון אים, פון שמעון הצדיק געווען. עס קען דעריבער זייער גוט אָנגענומען ווערן, אַז נאָך דעם טויט פון שמעון הצדיק איז אַ קליינע צאָל יאָרן אַנטיגנוס איש סוכו דער ראש חכמי התורה געווען און די איבעריקע מערערע יאָרן זיינען זיינע תלמידים — וועלכע זיינען אַ שטיקל צייט אויך די תלמידים פון שמעון הצדיק געווען — די פאָרשטייער פון די חכמי התורה פון זייער דור געווען.

אָבער ווען מיר זאָלן זיך האַלטן אפילו אין דער גירסא פון „קבלו ממנו" איז די אָפּוועגדונג פון באַדייטונג ניט. אַ צייט פעריאָד פון צוואַנציק יאָר*) פאַר דער באַזונדערער טעטיקייט פון אַנטיגנוס איש סוכו און פאַר די קומענדע נאָך איר גלייכצייטיקער טעטיקייט פון יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן מוז ניט דורכאויס פאַר ניט גע־נוגנד באַטראַכט ווערן. פאַר וואָס איז עס שווער צו דערלאָזן, אַז אַנטיגנוס איז געשטאָרבן אידער ער איז לימי זקנה געקומען, און ער האָט נאָר אַ פינף יאָר דעם פאָסטן פון ראש חכמי התורה פאַרנומען, און די איבעריקע 15 יאָר פון זיבט זיין טויט אָן ביז דעם יאָר תקנ"א, ווען יוסי בן יועזר איז געהרגעט געוואָרן, האָבן זיינע תלמידים דעם דאָזיקן אַמט באַקליידט? אָדער, אַז ער איז גאַנצע 15 יאָר פון די דאָזיקע צוואַנציק יאָר דער ראש חכמי התורה געווען און די לעצטע פינף יאָר מיט דער טעטיקייט פון זיינע תלמידים אַלס די ראשי הדור אויספילן?

אָבער ווי געזאָגט, איז די דאָזיקע מיינונג טאַקע ניט מער ווי אָננעמבאַר. זי איז אָבער ניט די ריכטיקע, וואָרים ריכטיק וואָלט די דאָזיקע מיינונג נאָר געקענט זיין דאַן, ווען מיר זאָלן זי מוזן

---

*) אין אמתן קען מען אים פאַרברייטערן ביז דרייסיק לויט קראָכמאַל. קראָכ־מאַל איז ניט קובע מסמרות, אַז דוקא דאָס יאָר ק"ל זאָל אָנגענומען ווערן אַלס דאָס יאָר, אין וועלכן שמעון דער צווייטער איז געשטאָרבן. אין איין אָרט גיט ער אָן פאַר דעם דאָס יאָר ק"כ לשטרות. פון דעם אַלעם, וואָס ער שרייבט וועגן דעם ענין אין פאַרשידענע שטעלן איז צו זען, אַז ער האַלט, אַז שמעון דער צווייטער איז געשטאָרבן צווישן די יאָרן ק"כ און ק"ל.

אָנגעמען. אויך רבי נחמן קראָכמאַל האַלט זיך אין דער דאָזיקער מיינונג נאָר דערפאַר, וואָס ער דענקט, אַז צוליב די אַלע אַרגו־מענטן, וואָס ער גיט אָן, זיינען מיר געצוואונגען אין איר זיך צו האַלטן. אין אמתן אָבער, זיינען מיר כלל ניט געצוואונגען דאָס צו טאָן. עס קען אַלעס אויף דעם בעסטן אופן איינגעאָרדנט ווערן אַפילו ווען מיר זאָלן זאָגן ,אַז די משנה מיינט דעם ערשטן שמעון. מער ניט, אַנשטאָט וואָס מיר זאָלן זיך האַלטן אין דער באַהויפּטונג פון יאָזעפוס, לויט קראָכמאַל, אַז שמעון האָט זיך אין אמט פון כהן גדול געפונען נאָר אַזוינע צוואַנציק יאָר, זאָלן מיר בעסער זיך האַלטן אין דער באַהויפּטונג פון חז״ל, וואָס זאָגן ,אַז שמעון הצדיק האָט מ״ם שנה בכהונה גדולה משמש געווען. דאַן וועלן מיר שוין ניט זיין גע־צוואונגען צו באַשטימען דאָס יאָר עשרים לשטרות אַלס דאָס יאָר, ווען שמעון הצדיק איז געשטאָרבן, נאָר דאָס יאָר מ״ם לשטרות. אמת, מיר וועלן מוזן דאַן זאָגן, אַז אי אַנטיגנוס איש סוכו און אי יוסי בן יועזר זיינען מיט גרויס אריכת ימים געבענטשט געוואָרן, זיי זיינען — יעדער איינער פון זיי — די ראשי הסנהדרין געווען אין אַ משך פון גאַנצע 60־50 יאָר.*) אויב מיר זאָלן זיך האַלטן ווידער אין דער קבלה פון די חז״ל, אַז שמעון הצדיק האָט באַגעגנט אלכסנדר מוקדון, וועלן מיר ווידער אויך אים מוזן גרויס אריכות ימים צושרייבן. וואָרים דער סדר הדורות און דער סדר הזמנים ווערט דאַרפן דאַן אויף פאַל־גענדן אופן פאָרמולירט ווערן. פון זינט אַן אלכסנדר מוקדון איז אָנ־געקומען קיין ארץ ישראל ביז דעם יאָר מ״ם לשטרות, ווען שמעון הצדיק איז געשטאָרבן, איז פאַרבייגעגאַנגען אַזוינע 60 יאָר. הייגט, ווי איז ער — שמעון הצדיק — ניט אַלט געווען אַזוינע 30־25 יאָר אין אָנהויב פון דעם דאָזיקן פעריאָד יאָרן, ווערט אויסקומען, אַלזאָ, אַז ער האָט געלעבט אַזוינע 90־85 יאָר.

און איצט גייען מיר איבער פון שמעון הצדיק צו אַנטיגנוס איש סוכו און זאָגן אַזוי: אויב שמעון הצדיק איז געשטאָרבן אין יאָר מ״ם לשטרות און אַנטיגנוס איז געווען אַ תלמיד זייגער, מוזן מיר אויך דאָס געבורטס יאָר פון לעצטן, ווייניקסטנס, אויף אַזוינע 25 יאָר פריער באַשטימען: דאָס הייסט, אויף דעם יאָר ט״ו לשטרות. וואָרים ווי איז ער ניט אַלט געווען אַנטיגנוס אַזוינע 20 יאָר, ווען ער איז אַ תלמיד מובהק פון שמעון הצדיק געוואָרן, און ווי האָט ער ניט אַ פינף יאָר געלערנט ביי אים. און כדי מיר זאָלן ניט געצוואונגען

*) איינער אָרום פופציק און איינער אָרום זעכציק יאָר.

זיין צושרייבן אַן אויסערגעוויינלעכן אריכות ימים צו זיין תלמיד יוסי בן יועזר, וועלכער איז געשטאָרבן מיט אַ מאַרטירער טויט אין יאָר קנ״א לשטרות, מוזן מיר זאָגן, אַז ער, אַנטיגנוס, איז געשטאָרבן אין יאָר ק׳ — אָדער מיט צען יאָר פריער אָדער שפּעטער — לשטרות. האָט ער אויך, אַלזאָ, געלעבט אַזוינע 85 אָדער 75 אָדער 95 יאָר. און אַז מיר זאָלן אָננעמען דעם מיטלפּונקט און מיר זאָלן זאָגן, אַז אַנטיגנוס האָט געלעבט אַזוינע 85 יאָר, מוזן מיר אויך געבן יוסי בן יועזר, וויניקסטנס, אַזוינע 75 יאָר לעבן. וואָרים ווי איז ער ניט אַלט געווען אַזוינע 25 יאָר, ווען ער איז, אַלס תלמיד מובהק פון אַנטיגנוס, נאָך דעם טויט פון רבין זיינעם, אין יאָר ק׳ לשטרות, דער ראש פון די חכמי דורו געוואָרן. ער איז, אַלזאָ, געבוירן געוואָרן אין יאָר ע״ה לשטרות און געשטאָרבן איז ער ווי מיר ווייסן דאָס גענוי, אין יאָר קנ״א. ער האָט אַזוי אַרום געלעבט אַרום 75 יאָר. דאָס אַלץ איז אמת. עס איז ווירקלעך, אמת, אַז אָננעמענדיק די באַהויפּטונג, אַז מיט שמעון הצדיק, וועגן וועלכן די משנה רעדט, ווערט געמיינט שמעון בן חוניו דער ערשטער, מוזן מיר אַקצעפּטירן דעם גאַנצן חשבון הזמנים, וואָס מיר האָבן אָט ערשט פאָרגעלייגט. אָנצונעמען אָבער, אַז צוויי פון די דאָזיקע פּערזענלעכקייטן האָבן צו 85 און איינער 75, אָדער איינער 95 און איינער 85 און איינער 65 יאָר געלעבט, און אַז די פּירערשאַפט פון זיי אַלע דריי האָט זיך איבער אַ פּעריאָד צייט פון הונדערט מיט 50 יאָר געצויגן — שמעון הצדיק 40, אַנטיגנוס 60, יוסי בן יועזר 50 — הייסט כלל ניט אָנצונעמען אַזוינע זאַכן, וואָס באַלאַנגען צו דער קאַטעגאָריע פון אוממעגלעכקייטן אָדער אויסער־געוויינלעכקייטן אפילו. 85 יאָר און ווער שמועסט נאָך 75 יאָר לעבן — הייסט כלל ניט קיין אויסערגעוויינלעכער אריכת ימים. עס איז דעריבער כלל ניטאָ אין דעם דער עלעמענט פון אויסערגעוויינלעכעס צו דערלאָזן, ווען מיר נעמען אָן, אַז די פאַרשטייער פון צוויי דורות, איינער נאָך דעם אַנדערן, האָבן צו טיפן עלטער פון אַ יאָר 80 זוכה געווען. ווען אָבער אפילו מיר זאָלן אַזאַ צאָל יאָרן פון לעבן יאָ מוזן אַלס אויסערגעוויינלעך טיפן עלטער באַצייכענען, קען אויך דאַן דאָס אונדז ניט דינען אַלס אורזאַכע, מיר זאָלן דאַרפן צוליב דעם פאַר־וואַרפן די דאָזיקע מיינונג. וואָרים וואָס אַמבאַלאַנגט דעם דאָזיקן פּונקט, האַלט דאָס אויך מיט דער צווייטער באַהויפּטונג ניט בעסער. מיר וועלן מוזן מיט דעם ענין פון אריכות ימים זיך אַרויסהעלפן אויך דאַן, ווען מיר נעמען אָן, אַז די משנה אין „אבות״ מיינט שמעון בן חוניו דעם צווייטן. אַנדערש וועלן מיר אויך דאַרטן ניט קענען אין

גוטער אָרדענונג דעם סדר הדורות פּאַר יענע יאָרן ברענגען. דער אונטערשייד קען אפשר נאָר זיין אין דער צאָל פון די פּערזענלעכקייטן בנוגע וועלכע מיר וועלן מוזן מיט דעם ענין פון אריכות ימים אָפּערירן. דאָס אַקצעפּטירן פון איינער פון די צוויי באַהויפּטונגען, וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן גערעדט, קען אונדז פירן דערצו, מיר זאָלן מוזן אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע צאָל פון פּערזענלעכקייטן אריכות ימים צושרייבן: אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע פון דער צאָל, בנוגע וועל־כער מיר וואָלטן מוזן מיט דעם ענין פון אריכות ימים אָפּערירן, ווען מיר וואָלטן אָננעמען די קעגן באַהויפּטונג.

אָט אַזוי דאַרפן מיר, למשל, אויך אַ טיפן עלטער צושרייבן צו אליעזרן,*) שמעונס ברודער, וועלכער איז געוואָרן כהן גדול נאָך דעם טויט פון דעם ערשטן, און ער האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט אַ פּאָר צענדליק יאָר. אַ נאָך מער טיפן עלטער**) דאַרפן מיר דאַן צושרייבן צו מנשהן, שמעונס פעטער, חוניו דעם ערשטנס ברודער, וועלכער איז געוואָרן כהן גדול נאָך אליעזרס טויט, און ער האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט ביז אַרום דעם יאָר 240 לויט דעם הלוי. וואָרים ווי שפּעט מיר זאָלן ניט זוכן אָנגעבן זיין געבורטס יאָר, קען דאָס ניט זיין שפּעטער ווי דאָס יאָר 340. וואָרים ידוע דער כהן גדול זיין פאָטער איז געשטאָרבן אַרום דעם יאָר 330.

און אַרום דעם זעלבן אריכות ימים וועלן מיר אויך באַדאַרפן צו־שרייבן צו חוניו דעם צווייטן, סיי אין ערשטן פאַל, סיי אין צווייטן פאַל.

אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז די משנה אין „אבות" מיינט שמעון בן חוניו דעם צווייטן, וועלן מיר דאַן, לויט קראָכמאַל, דאַרפן זאָגן, אַז חוניו דער צווייטער, דער זון פון שמעון דעם ערשטן, האָט געלעבט אַזוינע הונדערט אָדער ניינציק יאָר.

וואָרים שמעון דער ערשטער איז דאָך געשטאָרבן אין כ' לשטרות,

*) און דער הלוי שרייבט, אַז מען באַדאַרף געדענקען, אַז אליעזר איז געווען שמעונס ברודער מצד האב ולא מצד האם.

**) וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פּונקט, מוז דאָ זיין אַ פּלאָנטער ביי יאָזעפוס. מעגלעך ווידער, אַז די איבערשרייבער האָבן דאָ געמאַכט אַ טעות, און אָנשטאָט צו שרייבן, ווי עס איז, אפשר, געשטאַנען אין אָריגינאַל, אַז אליעזר איז געווען שמעונס פעטער און מנשה זיין ברודער, האָבן זיי געשריבן פאַרקערט. און זע „דרכי המשנה", עמוד 23, הערה 32.

גענויערע דיוקי חשבון וועגן אליעזר און מנשה און וועגן די מסקנות, צו וועלכע מען דאַרף קומען דורך די דאָזיקע דיוקי חשבון — אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל.

דאָס קייסט, אין יאָר 292 פאַר דער אַלגעמיינער צייטרעכענונג. היינט ווי אַזוי איז חוניו, וועלכן ער האָט איבערגעלאָזט אַלס קינד נאָך זיך, ניט אַלט געווען דאַן אַזוינע 10 יאָר. איז ער, אַלזאָ, געבוירן געוואָרן אין יאָר 302. קומט אַזויערנאָך אויס, אַז ער האָט געלעבט הונדערט אָדער ניינציק יאָר. פון דעם יאָר 302 ביז דעם יאָר 202 אָדער 212, ווען שמעון דער צווייטער, דער זון פון חוניו דעם צווייטן, איז אַריינגעטראָטן אין זיין אַמט אַלס כהן גדול, לויט קראָכמאל, זיינען אַזוינע ניינציק אָדער הונדערט יאָר פאַראַן.

און אַז מיר זאָלן אָננעמען, אַז די משנה מיינט דעם ערשטן שמעון, און אויף צו פאַרענטפערן די קשיות, וואָס קראָכמאל פרעגט, זאָלן מיר זאָגן, אַז ער — שמעון דער ערשטער — איז געשטאָרבן ניט אין יאָר כ׳ לשטרות, נאָר אין יאָר מ״ם לשטרות, וועלן מיר דאַן אים מוזן געבן אַן אריכות ימים פון זיבעציק אָדער זעכציק יאָר, ווען מיר זאָלן זיך האַלטן אין קראָכמאלס מיינונג, אַז שמעון איז געוואָרן כהן גדול אין די יאָרן ק׳־ק״י לשטרות. עס איז מעגלעך אָבער, אַז מיר קענען זיך אין דער דאָזיקער מיינונג ניט האַלטן. ווארים ווי רבי יצחק אייזיק הלוי באַווייזט פון יאָזעפוס, קומט אויס אַז חוניו איז געשטאָרבן ניט וויניקער ווי מיט אַ יאָר 15 שפּעטער. איז, אַלזאָ, אויך לשיטתו מוזן מיר אים געבן אַן אריכות ימים פון 75 יאָר.. און אויף וויפיל די באַווייזע פון הלוי קענען אומוואַרפן די באַהויפּטונג פון קראָכמאל, אַז שמעון דער צווייטער איז שוין אין יאָר 202 אָדער אין יאָר 212 כהן גדול געוואָרן, מוז מען דאַן געבן חוניו דעם צווייטן, אויך לשיטתו של קראָכמאל, אַז די משנה מיינט שמעון דעם צווייטן, און שמעון דער ערשטער איז געשטאָרבן אין יאָר כ׳ לשטרות, אַן אריכות ימים פון 115 יאָר.

אַזוי אַרום וועט אויסקומען, אַז דווקא לויט קראָכמאַל, וואָס האַלט זיך אין דער מיינונג, אַז די משנה מיינט דעם צווייטן שמעון, הויפּטזעכלעך דערפאַר, מיר זאָלן ניט זיין געצוואונגען צו געבן דער אָדער יענער פּערזאָן אַ צו טיפן עלטער, וועלן מיר זיין געצוואונגען צו געבן חוניו דעם צווייטן אַ פיל מער אויסערגיוויינלעכן טיפן עלטער פון דעם טיפן עלטער, וואָס מיר דאַרפן אים צושרייבן, האַטלנדיק זיך ביי דער מיינונג אַז די משנה מיינט דעם ערשטן שמעון.

און אין דעם פאַל וועט מען אויך אליעזרן און מנשהן שוין אויך אליבא דקראָכמאל גאָר גרויסן אריכות ימים מוזן צושרייבן.

ט״ו

# וואָסער שמעון ווערט מיט דעם נאָמען שמעון הצדיק גערופן?

אורזאַכן פון נאָך טיפערן כאַראַקטער. — ניט די חז״ל, ניט יאָזעפוס ריידן וועגן צוויי פּערזאָנען מיט דעם נאָמען שמעון הצדיק. — קלאָרקייט, זיכערקייט איבער דעם היסטאָרישן וועג, וואָס ציט זיך איבער אַ משך פון מער ווי הונדערט יאָר.—היסטאָריש מעגלעכער אמת; פּסיכאָלאָגיש אָנגעמבאַרער אמת. — אַ גאַנצע תקופה ווערט מיט קאָנקרעטן אינהאַלט אָנגעפילט. — אַפּאָריזמען, וואָס טראָגן דעם כאַראַקטער פון לאָזונגען, פון פּראָגראַם טעטיקייטן.

דער היוצא לנו מזה פון אַלעם דעם, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, איז, אַלזאָ, אַז סיי ווי סיי איז דאָ מער גרונט אָנצונעמען, אַז די משנה אין אבות מיינט דווקא שמעון בן חוניו דעם ערשטן. דערצו דאַרפן נאָך גרויס געוויכט געלייגט ווערן דערויף, וואָס מיר געווינען דורך דעם, מיר זאָלן ניט דאַרפן מאַכן אַ באַהויפּטונג, וואָס ניט נאָר איז אויף איר קיין רמז ניטאָ אין די אַלע אַלטע אידישע קוועלן, נאָר פאַרקערט נאָך, זי איז אין קעגנזאַץ צו דעם, וואָס עס ווערט דאָרטן געזאָגט אין שייכות מיט דער דאָזיקער באַהויפּטונג.. באַהויפּטן, אַז ביידע, אי שמעון בן חוניו דער ערשטער, אי שמעון בן חוניו דער צווייטער, זיינען מיט דעם נאָמען שמעון הצדיק גערופן געוואָרן, הייסט אין פאַל, ווען עס איז דערויף קיין נויטווענדיקייט ניט פאַראַן, אויס־טראַכטן אַזאַ זאַך, וואָס האָט ניט עקזיסטירט. וואָרים די חז״ל ריידן אין ערגעץ ניט וועגן צוויי פּערזאָנען מיט דעם נאָמען שמעון הצדיק. און יאָזעפוס רופט נאָר דעם ערשטן שמעון מיט דעם נאָמען צדיק, און דעם צווייטן רופט ער שמעון סתם און טיטולירט אים ניט מיט דעם נאָמען צדיק, ווען ער רעדט וועגן אים.

---

און אַ גרונט פון נאָך טיפערן כאַראַקטער, פון נאָך גרעסערער באַדייטונג אָנצונעמען די מיינונג, אַז די משנה אין אבות מיינט דווקא שמעון בן חוניו דעם ערשטן איז פאָלגנדער:

ווען מיר האַלטן זיך אין דער דאָזיקער מיינונג, האָבן מיר דאַן אַ מער אָדער ווייניקער פולשטענדיק בילד וועגן דער גייסטיקער ענט־וויקלונג פון אידישן פאָלק פאַר דער צייט פון שמעון דעם ערשטן ביז שמעון דעם צווייטן, אַ פולשטענדיק בילד וועגן דער אַנטוויקלונג,

וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט פאַר דער דאָזיקער צייט אויף דעם געביט פון זייער רעליגיעזער קולטור. אין די אַפאָריזמען, לערן, וואָס ווערן די מקבלי התורה פון שמעון הצדיק אָן צוגעשריבן, האָבן מיר קאָנ־קרעטן אינהאַלט פאַר דער גייסטיקער טעטיקייט, וואָס איז אין יענע דורות אָנגעפירט געוואָרן. מיר האָבן דאָן פאַר זיך אַ גאַנצע רייע פון פאָלקס־לערער, אַ גאַנצע רייע פון פערזאָנען, וואָס ווערן ביי זייערע נעמען אָנגערופן. און אויב דער היסטאָרישער וועג, אויף וועלכן דאָס אידישע פאָלק איז פאַר דעם משך פון די הונדערט יאָר, וואָס איז פאַראַן פון נחמיהס צייט אָן ביז אלכסנדרס קומען קיין ירושלים, איז פאַר אונדז אין אַ נעפּל איינגעהילט, אויב וועגן יענער עפּאָכע קענען מיר נאָר אין אַלגעמיינע שטריכן ריידן, מיר קענען זיך אָבער ניט קיין אויספירלעך בילד שאַפן וועגן דעם, ווי אַזוי די גייס־טיקע אַנטוויקלונג פון אידישן פאָלק איז דאָן פאָרגעקומען, וועגן דעם אַלעם, וואָס איז דאָן אויפגעטאָן געוואָרן, וואָרים עס זיינען פאַר אונדז בנוגע צו דעם אַלעם קיינע ידיעות ניט פאַרבליבן; וואָרים עס זיינען צו אונדז ניט דערגאַנגען די נעמען פון די פערזאָנען, וואָס זאָלן האָבן געוועזן זיין די גייסטיקע פירער פון אידישן פאָלק פאַר יענער צייט; וואָרים עס איז אונדז גאָר ניט אַזוינס פאַרבליבן פון די גייסטיקע פאָרשטייער אין יענע דורות, וואָס זאָל קענען וואַרפן ליכט אויף זייער טעטיקייט, אויף זייער ווירקונג, אין וועלכן עס זאָלן זיך אָפּשפּיגלען זייערע לערן, ווי אויך דער אופן פון זייער לערנען; אויב וועגן יענער עפּאָכע קענען מיר נאָר ספּעקולאַטיוו, נאָר אין אַלגע־מיינע שטריכן ריידן, האָבן מיר שוין דערפאַר אַזוי אַרום, ווען מיר האַלטן זיך ביי דער מיינונג, אַז די משנה מיינט דעם ערשטן שמעון הצדיק, קלאָרקייט, זעבאַרקייט איבער דעם היסטאָרישן וועג פון אי־דישן פאָלק, וואָס ציט זיך פון אלכסנדר מוקדונס אָנקומען קיין ארץ ישראל.

דאַגעגן אָבער, ווען מיר נעמען אָן, אַז די משנה מיינט דעם צווייטן שמעון, בלייבט פאַר אונדז אין פינצטערניש ניט נאָר דאָס קאַפּיטל געשיכטע פון דער צייט, פון די ערשטע הונדערט יאָר, פון נחמיהס צייט ביז דעם מאָמענט ווען אלכסנדר מוקדון איז געקומען קיין ירושלים, נאָר אויך דאָס צווייטע קאַפּיטל, די הונדערט יאָר פון אלכסנדרס אָנקומען קיין ארץ ישראל ביז דער עפּאָכע פון שמעון דעם צווייטן. דאָס וועט הייסן, אַז פאַר אַ משך פון גאַנצע צוויי הונ־דערט יאָר איז אונדז קיין רמז ניט געבליבן וועגן דעם, ווי אַזוי דאָס גייסטיקע לעבן פון אידישן פאָלק האָט אויסגעזען דאָן, קיין איין

נאָמען ניט פאַרבליבן פון די אַלע גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס זיינען די פירער פון אידישן פאָלק געווען פאַר יענע צוויי הונדערט יאָר, אַז עס איז אונדז פון די אַלע, וואָס זיינען די לערער פון פאָלק געווען פאַר יענער צייט קיין איין מאמר, קיין איין זאַץ אַפילו ניט געבליבן. דאָס וועט הייסן, אַז פונקט ווי וועגן די ערשטע הונדערט יאָר אין אָנהויב פון דער נייער אידישער געשיכטע קענען מיר זיך קיין קלאָר בילד ניט שאַפן, קענען מיר גאָר ניט באַשטימטעס זאָגן וועגן דעם, וואָס פאַר אַ פאָרמען דאָס גייסטיקע אידישע לעבן האָט דאַן אָנגענומען, אַזוי קענען מיר זיך ניט אויך וועגן די צווייטע הונדערט יאָר קיין קלאָר בילד שאַפן, אַזוי קענען מיר אויך וועגן זיי גאָר ניט זאָגן באַשטימט, וואָס פאַר אַן אויסדרוק דאָס גייסטיקע אידישע לעבן האָט דאַן אָנגענומען.

און עס האַנדלט זיך דאָ ניט נאָר אין ווינטשנסווערטקייט, נאָר אין באַקוועמלעכקייט, נאָר אין דעם, וואָס פאַר אונדז וואָלט באַקוועם געווען מיר זאָלן קענען די דאָזיקע תקופה אָנגעפילט מיט קאָנקרעטן אינהאַלט זען, וואָס אונדז וואָלט ווינטשנסווערט געווען צו זען אין איר די גייסטיקע פירערשאַפט פון באַרימטע היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן, די לערער, די ווירקונג פון וועלכע עס איז אין אונדזערע אַנאַלן פאַר־צייכנט געוואָרן. עס האַנדלט זיך דאָ אין היסטאָריש וואַרשיינלעכן אמת, אין פּסיכאָלאָגיש אָננעמבאַרן אמת. ווען מיר נעמען אָן די מיינונג, אַז די משנה אין אבות מיינט דעם ערשטן שמעון הצדיק, זיינען מיר אויפן פיל מער ריכטיקן וועג פון וואַרשיינלעכער היסטאָ־רישער געשעענקייט, ווי מיר וואָלטן געקענט זיין, ווען מיר זאָלן אָנ־נעמען די מיינונג, אַז זי מיינט דעם צווייטן שמעון בן חוניו.

אויף וויפיל עס מוז בלייבן פאַר אונדז אַ רעטעניש אויך דאָס, וואָס עס איז אונדז קיין נאָמען ניט געבליבן פון די אַלע גרויסע פּער־זענלעכקייטן, פון די אַלע סופרים, פון די אַלע מיטגלידער פון די אנשי כנסת הגדולה, וואָס האָבן געלעבט איבער דעם גאַנצן משך פון די ערשטע הונדערט יאָר פון זינט אָן דער כנסת הגדולה אינסטיטוט איז נאָך דעם קומען פון נחמיה קיין ארץ ישראל געגרינדעט געוואָרן, וואָס עס זיינען אונדז קיין אינדיווידואַליזירטע מאמרים אָדער אויפ־טואונגען פאַר דער דאָזיקער גאַנצער צייט פון זיי ניט געבליבן, אויף וויפיל מיר קענען נאָר מיט גרויס שווערקייט דאָס אַלעס דערקלערן, זיינען מיר במילא געצוואונגען אויסצומיידן דאָס פאַרלענגערן פון דעם דאָזיקן פּעריאָד צייט אויף נאָך הונדערט יאָר, זיינען מיר במילא געצוואונגען צו אַקצעפּטירן אַזאַ באַהויפּטונג, וואָס קען אונדז צו דער

דאָזיקער אויסמיידונג פירן. אויב מען קען דערקלערן דאָס, וואָס די טעטיקייט פון די גייסטיקע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק פאַר דעם ערשטן פעריאָד יאָרן פון דעם סופרים אינסטיטוט, פון דעם כנסת הגדולה אינסטיטוט, איז פאַר אונדז אַ ניט דעטאַליזירטע, אַ ניט אינדיווידואַליזירטע געבליבן. דערמיט, וואָס מיר זאָגן, אַז אין דער ערשטער עפּאָכע פון דער פאַנאַנדערבליהונג פון דער ריטואַל־רעליגיעזער קולטור ביי אידן, אין דער עפּאָכע פון פאָרבארייטונגען, אין דער עפּאָכע פון דעם פונדאַמענט לייגן, איז די דאָזיקע טעטיקייט ווירקלעך נאָר פון קאָלעקטיוון כאַראַקטער געווען; מער ווי די מיטגלידער פון די רעליגיאָנס קולטורעלע אינסטיטוציעס האָבן באַזונדער, אין אַ פאָרם צוליב וועלכער זיי זאָלן זיך קענען רעכענען אַלס איניציאַטאָרן, אַלס די אָריגינעלע אויפטוער, האָבן דאָס די אינסטיטוטן אַליין געטאָן; מער, ווי די פּרטים פון דעם כלל האָבן דאָס געטאָן, האָט עס דער כלל אַליין געטאָן; אַלץ, וואָס איז דאָ אויפגעטאָן געוואָרן אין גייסטיקן לעבן פון אידישן פאָלק, איז געטאָן געוואָרן אויף דער איניציאַטיווע און מיט דער צושטימונג פון דעם גאַנצן קאָלעקטיוו; אויב מען קען די דאָזיקע דערקלערונג געבן דאַן, ווען מיר באַשטימען פאַר די ערשטע מאָמענטן, פאַר דער פאָרבארייטונגס עפּאָכע אין דעם אויף די נייע יסודות דורך נחמיהן אויפגעבויטן אידישן לעבן אַ פעריאָד צייט פון העכסטנס הונדערט יאָר, קען מען זי שוין אָבער ניט געבן, ווען מיר באַשטימען אַ פעריאָד צייט פון צוויי הונדערט יאָר. נאָכדעם, וואָס עס זיינען שוין אַ הונדערט יאָר פאָריבער פון זינט אָן די טעטיקייט פון די סופרים האָט זיך אָנגעהויבן, נאָכדעם, וואָס דער כנסת הגדולה אינסטיטוט האָט שוין אַ הונדערט יאָר פון אַנטוויקלונג דורכגעמאַכט, נאָכדעם, וואָס ער איז שוין אין דעם סנהדרין אינסטיטוט איבערגעגאַנגען, איז אוממעגלעך צו דערלאָזן, אַז עס זאָלן נאָך אַזוינע הונדערט יאָר אַוועק און מיר זאָלן נאָך אַלץ ניט האָבן אָנגערופן ביים נאָמען איינעם פון די גדולי הדור, וואָס זיינען די גייסטיקע פירער פון אידישן פאָלק דאַן געווען, און עס זאָל נאָך אַלץ ניט בלייבן קיין איין מאמר, קיין איין אויפטו, קיין איין תקנה אפילו, וואָס זאָל טראָגן דעם נאָמען פון אַן איניציאַטאָר.

צוליב דעם אַלעם, וואָס איז דאָ ביז איצט געזאָגט געוואָרן, מוזן מיר, אַלזאָ אָננעמען, אַז מיט דעם שמעון, וועגן וועלכן עס ווערט גערעדט אין דער משנה אין אבות, ווערט עס טאַקע געמיינט שמעון בן חוניו דער ערשטער. ווען מיר טוען עס, דערשיינט פאַר אונדז די צווייטע הונדערט יאָר געשיכטע פון נחמיהס צייטן אָן אין דער

פאָרם, אין וועלכער זי דאַרף פאַר אונדז דערשיינען, אין וועלכער עס איז דערלאָזבאַר, אָננעמבאַר, זי זאָל פאַר אונדז דערשיינען. מיר פאַרמאָגן דאָ פילע נעמען פון די, וואָס זיינען מנהיגי הדורות געווען פאַר יענער צייט. עס בלייבן אונדז דאָן פילע מאמרים פון די, וואָס זיינען די גייסטיקע פאַרשטייער, די לערער פון פאָלק געווען פאַר יענער צייט. מיר פאַרמאָגן דאָן וויכטיקן מאַטעריאל וועגן דעם כאַראַקטער פון זייער טעטיקייט, וועגן דעם אינהאַלט פון זייער ווירקן, פון זייערע לערן. און אויף וויפיל מיר געפינען דאָס אַלעס אין דעם דאָזיקן מאַטעריאַל, דינט ער אונדז אויך אַלס אָפשפיגלונג פון דעם פני הדור אין יענער עפּאָכע, אָן אָפשפיגלונג פון די סאָציאַלע שטרע־מונגען, וואָס האָבן מאַנכע עלעמענטן פון אידישן ישוב דאָן אין ארץ ישראל פאַרכאַפּט, פון נייע סאָציאַלע זיטן, פירונגען, וואָס זיינען דאָן געוויסע טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ארץ ישראל געאייניגט געוואָרן. מיר זעען דאָן פאַר זיך די דאָזיקע עפּאָכע אָנגע־פילט מיט קאָנקרעטן אינהאַלט, מיר זעען זי דאָן דורכגעצייכנט מיט די אַלע פאַרשידענע פאַזן פון אַנטוויקלונג, וואָס די אידישע געשיכטע האָט אין יענער עפּאָכע דורכגעמאַכט. וואָרים די דאָזיקע אַלע מאמרים, וואָס ווערן אונדז איבערגעגעבן אין דער משנה אין אבות אין נאָמען פון די מקבלי התורה פון שמעון הצדיק אָן, זיינען כלל ניט, לויט דעם כאַראַקטער זייערן, לויט דעם אופן, ווי זיי ווערן אונדז איבערגעגעבן, קיין צופעליקע מאמרים, קיין צופעליקע אַפאָריזמען, נאָר זיי האָבן דעם כאַראַקטער פון אַ לאָזונג, פון אַ דעוויז, פון אַ פּראָגראַם טעטיקייט. ווען מיר שטעלן זיי אונטער דעם ליכט פון די פּאַסירונגען, וואָס זיינען דאָן פאָרגעקומען אין אידישן לעבן, זעען מיר, אַז זיי אַנטשפּרעכן די פאָדערונגען, וואָס יענע צייטן האָבן אַרויסגעשטעלט, אַז עס ליגט אויף זיי דער שטעמפּל פון די פּראָ־בלעמען פון יענע צייטן. דאַגעגן אָבער, ווען מיר נעמען אָן די צווייטע מיינונג, אַז די משנה מיינט דעם צווייטן שמעון בן חוניו דערשיינט דאָן ניט פאַר אונדז די געשיכטע פאַר דעם דאָזיקן פּעריאָד צייט פון די לעצטע צווייטע הונדערט יאָר פון נחמיהס צייטן אָן אין דער פאָרם, אין וועלכער זי וואָלט באַדאַרפט פאַר אונדז דערשיינען. וואָס אַמבאַלאַנגט אונדזער וויסן, ווער עס זיינען די מנהיגי הדור געווען אין יענער תקופה, ווי האָט מען זיי גערופן, וואָס זיינען זייערע לערן געווען — בנוגע צו דעם אַלעם געפינען מיר זיך, ווי אין אַ מדבר. עס דערטראָגט זיך צו אונדז ניט קיין מענטשלעך קול פאַר דער דאָזיקער גאַנצער צייט.

ט״ז

# פראַנקל און ווייס וועגן דער משנה אין „אבות״

דאָס וואָרט „קבל״ ביי „אנטיגנוס איש סוכו״ האָט לויט פראַנקעל נאָך די באַדייטונג פון אינדירעקטער איבערנעמונג. — אנטיגנוס איז אַ תלמיד פון שמעונס תלמידי תלמידים געוועז. — פון די שוועריקייטן אַרויס דורך דער דאָזיקער אויסטייטשונג און אין אַנדערע אַריין. — ווי די פראַגע פון אריכות ימים ווערט נאָך אַלץ ניט פאַרענטפערט דורך דעם. — דר. ש. צייטלינס מיינונג וועגן דעם דאָזיקן ענין.

און רבי זכריה פראנקעל אין זיין „דרכי המשנה״ גייט אויף אַן אַנדער וועג צו פאַרענטפערן די שוועריקייטן אויף וועלכע מיר שטויסן זיך אָן צוליב דעם, וואָס די משנה אין אבות זאָגט, אַז אַנטיגנוס איש סוכו האָט מקבל געוועזן די תורה פון שמעון הצדיק, וואָס אַמבאַלאַנגט דעם, מיר זאָלן קענען אַ ריכטיקע צייטרעכענונג איינשטעלן בנוגע די אַלע ביז איצט באַשפּראָכענע ענינים. ער זאָגט, אַז דאָס וואָרט „קבל״, וואָס געפינט זיך אין דעם זאַץ „אַנטיגנוס איש סוכו קבל ממנו״ דאַרף מען ניט פאַרשטיין אין דעם זין פון דירעקטער איבערנעמונג ,אַז ער איז זיינער אַ תלמיד געוועזן, אין דעם זין, ער זאָל האָבן אַ לומד תורה מפיו ממש געוועזן זיין. ער וויל האָבן, אַז דאָס וואָרט קבל האָט דאָ די באַדייטונג פון אומדירעקטער איבערנעמונג, אַז דאָס, וואָס די משנה זאָגט: „אַנטיגנוס איש סוכו קבל ממנו״ מיינט צו זאָגן, אַז ער איז דער ווירדיקער פאַרטזעצער געוועזן פון דער טעטיקייט פון שמעון הצדיק, אַז ביז אַנטיגנוס איש סוכו האָט שמעון הצדיק און די אַלע ראשי הדור, וואָס זיינען געקומען נאָך אים, קיין ווירדיקן חליפין ניט געהאַט. לויט דער אויסטייטשונג, אַז אַנטיגנוס איז ניט געוועזן קיין תלמיד פון שמעון הצדיק, נאָר אַ תלמיד פון זיינע תלמידים אָדער תלמידימס תלמידים קענען מיר זאָגן, אַז צווישן שמעון הצדיק און אַנטיגנוס איש סוכו זיינען אפילו פילע צענדליקער יאָרן פאַרבייגעגאַנגען, אַז אַנטיגנוס האָט אַפילו קיינמאָל ניט אין זיין לעבן שמעון הצדיק געזען. עס טרעט דעריבער

שוין מער ניט אַרויס פאַר אונדז אַלס רעטעניש דאָס, וואָס מיר זעען, אַז יוסי בן יועזר, דער תלמיד פון אַנטיגנוס איש סוכו איז אומגעקומען על קדוש השם אין יאָר קנ"א.

אויב אָבער מיר געפינען שוין מער ניט צוליב דער דאָזיקער אויסטייטשונג קיינע שוועריקייטן אין דעם, מיר זאָלן מיט אַ ריכ־טיקער צייטרעכענונג קענען אָפּערירן, מצד דעם טויט פון יוסי בן יועזר, געפינען מיר דערויף שוועריקייטן מצד אַנדערע פּרטים, וואָס זיינען מיט דער דאָזיקער עפּאָכע פאַרבונדן. רבי זכריה פראַנקעל וויל האָבן, אַז שמעון הצדיק איז געשטאָרבן אין יאָר ה' לשטרות. און היות מיר זאָגן, אַז אַנטיגנוס האָט ניט דירעקט פון אים תורה גע־לערנט, אַז ער האָט געלעבט מיט פילע יאָרן שפּעטער איז שוין באַ־גרינדעט די מעגלעכקייט, עס זאָל אַזאַ לאַנגער פעריאָד יאָרן פאַר־בייגיין פון דעם טויט פון שמעון הצדיק ביז דעם טויט פון יוסי בן יועזר. אויב אָבער שמעון הצדיק איז געשטאָרבן אין יאָר ה' לשטרות האָט זיין זון חוניו דער צווייטער, געמוזט געבוירן ווערן, ווען מיר זאָלן זיך האַלטן אין דעם, וואָס יאָזעפוס שרייבט, אַז ווען שמעון הצדיק איז געשטאָרבן איז חוניו דער צווייטער נאָך אַ קינד געווען, מיט אַ צען יאָר פריער, דאָס הייסט אין יאָר ה' קודם לשטרות. הייַנט ווי איז עס מעגלעך, עס זאָל אַזאַ לאַנגער פעריאָד יאָרן פאַרבייגיין פון דעם טויט פון שמעון הצדיק ביז דעם טויט פון זיין זון, חוניו דעם צווייטן, וואָס דאָס יאָר פון זיין טויט האָט ניט געקענט זיין פאַר פ"ז לשטרות? און אויב מיר זאָלן זיך האַלטן אין דער מיינונג פון הלוי, אַז חוניו דער צווייטער איז געשטאָרבן נאָך שפּעטער, וועט אויסקומען, אַז ער, חוניו דער צווייטער, האָט אַרום אַזוינע 130 יאָר געלעבט.

און מיט אריכת ימים פון גאָר אַ גרויסן מאַסשטאַב וועט מען דאַרפן דאָ אויך מנשהן, ידועס זון, באַשענקען ווי אויך אליעזרן, וואָרים, ווען מיר זאָלן אַפילו געבן פאַר דעם געפינען זיך אין אַמט פון כהן גדול פנו ביידן, אי פון שמעון הצדיק, אי פון חוניו דעם ערשטן, צוזאַמען נאָר 15 יאָר, ווען מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אַז ידוע איז עס געווען דער כהן גדול, וואָס האָט באַגעגנט אלכסנדר מוקדון, האָט מנשה חוניו דעם ערשטנס ברודער געמוזט, ווען מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אַז ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן, איז ער נאָך אַ קינד געווען, געבוירן ווערן אין יאָר למ"ד קודם לשטרות. מיר זיינען דאָ אַזוי אַרום געצוואונגען אויך אים אַזוינע 100 יאָר לעבן צו געבן אויב מיר זאָלן ניט פאַרוואַרפן דאָס, וואָס יאָזעפוס גיט אונדז איבער,

אַז נאָך אליעזרן, וועלכער האָט דעם אַמט פון כהן גדול געטראָגן נאָך דעם טויט פון שמעון הצדיק, איז מנשה ידועס זון, דער כהן גדול אויף זיין אָרט געוואָרן. ווען מיר זאָלן אָקצעפּטירן הלויס מיינונג האָט מנשה דעם אַמט פון כהן גדול פאַרנומען אין די ערשטע פּאָר יאָר פון תלמי אייערגעטעס אין די יאָרן — ע״ע״ו לשטרות. מיר מוזן דעריבער, ווירקלעך, אַזוינע הונדערט יאָר לעבן, וויניקסטנס, מנשהן געבן.

און אַפילו מיר זאָלן פאַרוואַרפן איינגאַנצן דאָס וואָס יאזעפוס זאָגט אונדז וועגן אליעזרן און מנשהן אַלס כהנים גדולים, ווי פראַנ־קעל — ווי עס זעט אויס פון זיינע רייד — טוט עס טאַקע, מוזן מיר אָבער דאַן נאָך אַלץ, וואָס אַמבאַלאַנגט חוניון, מיט דעם ענין פון אומגלויבלעכן אריכות ימים אפּעריררן, ווען אַפילו מיר זאָלן דאָס יאָר פון זיין טויט אַ סך פריער, ווי אין דעם יאָר קכ״ה לשטרות באַ־שטימען. ווארים אויב אליעזר און מנשה זיינען ניט רינגען אין דער קייט פון דער כהונה גדולה פאַר יענעם פעריאָד יאָרן געווען, נאָר חוניו האָט דירעקט די כהונה גדולה פון זיין פאָטער איבערגענומען הייסט דאָס דאָך, אַז ער האָט געמוזט נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער שוין אַזוינע 30־25 יאָר אַלט זיין. ער האָט אַלזאָ געמוזט געבוירן ווערן אַרום דעם יאָר כ״ה קודם לשטרות. און היות, ווי דאָס יאָר פון זיין טויט קענען מיר ניט באַשטימען פריער ווי אַרום די יאָרן פון פ״ה לשטרות אין וועלכע עס איז דער סכסוך צווישן אים און תלמי אויערגעטעס פאָרגעקומען, מוזן מיר סיי ווי סיי אַן אריכות ימים פון אַזוינע 110 יאָר אים געבן.

דערצו קומען נאָך צו די אַלע אָפּוועדונגען, וואָס איך האָב אין לעצטן קאַפּיטל אָנגעגעבן קעגן דער מיינונג פון קראָכמאַל, אַז די משנה מיינט דעם צווייטן שמעון בן חוניו. די דאָזיקע אַלע אָפּוועדונגען קענען אויך גילטן קעגן דער מיינונג פון פראַנקעל. און ועל כולם פון דער משנה איז קלאָר, אַז זי רעדט פון דירעקטע פון רבי צו תלמיד איבערליפערונגען. ווען זי זאָגט, אַז אַנטיגנוס קבל משמעון הצדיק, מוז זי עס מיינען אויף דעם זעלבן אופן, ווי זי מיינט עס אין די פריערדיקע אַלע פעלע.

---

און מער פאַר אַלעמען פלאָנטערט דאָ רבי אייזיק הירש ווייס.

לויט אים נאָך קומט אויס, אַז דאָס, וואָס די משנה זאָגט, אַז שמעון הצדיק איז געווען פון די שיירי אנשי כנסת הגדולה, גייט עס אויף דעם ערשטן שמעון בן חוניו. דאָס אָבער, וואָס זי זאָגט באַלד

אין דער צווייטער משנה, „אַנטיגנוס איש סוכו קבל משמעון הצדיק" גייט עס אויף דעם צווייטן שמעון בן חוניו. דער שווי השמות פון די ביידע פערזאָנען האָט לויט אים נאָך גורם געווען, אַז די בעלי המשנה זאָלן צונויפמישן די ביידע פּערזאָנען. מען באַדאַרף זיך אָבער ניט אַריינלאָזן אין אַ סך אַרגומענטן צו באַווייזן, ווי ווייט קרום און פאַלש די דאָזיקע באַהויפּטונג איז. דער גאַנצער סדר ההשתלשלות פון דער קבלת התורה, וואָס ווערט אונדז איבערגעגעבן אין די ערשטע משנות פון ערשטן פרק אין אבות איז דאָך ניט אַ זאַך, וואָס די בעלי המשנה האָבן מחדש געווען, נאָר אַן אַלטע טראַדיציע, וואָס איז איש מפּי איש איבערגעגאַנגען. עס קען דעריבער קיין אַנדער אופן ניט זיין, ווי אויסצוטייטשן די צוויי משנות: „שמעון הצדיק היה משיירי אנשי כנסת הגדולה; אַנטיגנוס איש סוכו קבל משמעון הצדיק", ווי נאָר אויף דעם אופן, אַז זי מיינט אָדער דעם ערשטן שמעון אָדער דעם צווייטן שמעון. דאַן קומט די הויפּט אויסזעצונג: ווי אַזוי קומט עס, וואָס אין דער דאָזיקער טראַדיציע וועגן דעם סדר ההשתלשלות פון דער קבלת התורה ווערן ניט גערעכנט די אַלע מקבלי התורה, וואָס זיינען צווישן דעם ערשטן שמעון הצדיק און דעם צווייטן שמעון הצדיק געווען? פאַר וואָס איז אויסגעלאָזט געוואָרן דער סדר השתלשלות התורה פאַר דעם פעריאָד צייט וואָס צווישן די דאָזיקע שמעונס? דערצו נאָך דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז אויסער די אָט ערשט דער־מאָנטע אויסזעצונגען דאַרפן אויך דאָ אנגעווענדט ווערן די אַלע אויס־זעצונגען, וואָס זיינען פריער דערמאָנט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַהויפּטונג, אַז אַנטיגנוס איש סוכו איז דער תלמיד פון שמעון דעם צווייטן געווען.

---

און נאָכדעם, וואָס איך בין שוין אינגאַנצן פאַרטיק געווען מיט דער אַרבעט מיינער וועגן שמעון הצדיק*) איז דערשינען דער זאַמל־בוך „נר המערבי", אין וועלכן עס געפינט זיך אַן אַרטיקל שמעון הצדיק וזמנו פון דר. ש. צייטלין. לענגער וועל איך זיך אויף דעם דאָזיקן אַרטיקל אָפּשטעלן אין מיין גרעסערער, אויספירלעכער העברעאישער באַאַרבעטונג פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב דאָ וועגן דעם דאָזיקן ענין געזאָגט. דאָ וויל איך נאָר באַמערקן, אַז דער הויפּט יסוד פון דעם גאַנצן בנין זיינעם איז ניט זיין אייגענער — און, נאַטירלעך,

*) אין איר מהדורה ראשונה איז די דאָזיקע אַרבעט געדרוקט געוואָרן מיט אַ 30 יאָר צוריק אין „מאָרגן זשורנאַל".

מיינט דאָס כלל ניט צו באַהויפּטן, אַז ער איז ניט געקומען צו דער השערה זיינער אויף זיין אייגענעם וועג — איך מיין צו זאָגן, אַז די השערה זיינע, אַז אין דער אגדה פון די חז״ל וועגן דער באַגעגעניש פון אלכסנדר מוקדון מיט שמעון הצדיק, ווערט אונטער דעם נאָמען אלכסנדר מוקדון געמיינט אַנטיוכוס דער גרויסער, איז כלל ניט קיין „תינוק בן יומו״, וואָס איז אָט ערשט במוחו של הד״ר צייטלין נולד געוואָרן נאָר זי איז שוין ברוך השם אַן עטלעכע און אַכציק יאָריקע זקנה, און דער פּאָטער אירער איז רבי אברהם קראָכמאַל געווען.

און בכלל האָט דער דאָקטאָר צייטלין דעם גאַנצן ענין נאָר בקצה עטו אָנגערירט, נוגע ואינו נוגע, און מער דאָס לעצטע, ווי דאָס ערשטע. ער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין גענוגנדע באַקאַנטשאַפט מיט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך — און וועגן וועלכן אויך ער ווייסט אַוודאי זייער גוט — וועגן דאָזיקן ענין און מיט די אַלע פּרטים פון דעם צד הסותר און צד הבונה, וואָס קענען אָנגעווענדט ווערן בנוגע דער אָדער יענער באַהויפּטונג, וואָס ווערט געמאַכט אויף צו באַשטימען די צייט פון שמעון הצדיק, וועגן וועלכן עס רעדט די משנה אין אבות.

י״ז

# דער סדר הזמנים לויט די פאַרשיידענע אויסטייטשונגען אין דער משנה

מען באַדאַרף אָננעמען, אַז די משנה אין „אבות" מיינט דווקא שמעון דעם ערשטן. — מנשה און אליעזר — ווער פון זיי איז געווען שמעונס ברודער, און ווער פון זיי איז זיין אָנקל געווען?

כדי די פון די לעזער וואָס געפינען אַן אינטערעס אין דעם זאָלן זיך קענען אָריענטירן ריכטיק אין דעם אַלעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביז איצט וועגן דער פראַגע, וועלכער שמעון ווערט עס געמיינט אין דער באַצייכענונג פון דער משנה, אַז ער — שמעון הצדיק — איז פון די שיירי אנשי כנסת הגדולה געווען, וועלן מיר דאָ, אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל טאַבולירן דעם חשבון וסדר הזמנים והדורות בנוגע דער תקופה, וועגן וועלכער מיר האָבן גערעדט ביז איצט, לויט די פאַרשידענע אויסטייטשונגען פון דער משנה אין אבות. אין וועלכער עס רעדט זיך וועגן שמעון הצדיק.

לויט רבי נחמן קראָכמאַל איז חוניו דער ערשטער געשטאָרבן אַרום דעם יאָר 312 פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג.

אין דעם זעלבן יאָר איז שמעון הצדיק דער ערשטער געוואָרן כהן גדול. געשטאָרבן איז ער דעם יאָר 292.

זיין זון חוניו איז געבוירן געוואָרן אַרום דעם יאָר 302, אָנגענומענדיק, אַז ער איז אַלט געווען 10 יאָר, ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן.

נאָך דעם טויט פון שמעון הצדיק איז געוואָרן כהן גדול זיין — פון שמעון הצדיק — ברודער אליעזר, און נאָך אים האָט זיך אַ קורצע צייט געפונען אין אַמט פון כהן גדול דער אָנקל פון שמעון הצדיק און אליעזר — מנשה בן ידוע.

נאָכדעם איז געוואָרן כהן גדול חוניו דער צווייטער, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט ביז דעם יאָר 212. נאָך חוניו דעם צווייטן איז געוואָרן כהן גדול שמעון בן חוניו דער צווייטער און ער האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט ביז אַרום דעם יאָר 185.

און לויט דער דאָזיקער באַהויפּטונג דאַרף מען געבן חוניו — דעם צווייטן — אַן אריכות ימים פון אַזוינע ניינציק יאָר. און דעם זעלבן אריכות ימים וועט מען דאַרפן געבן מנשהן, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז ער איז אַלט געווען אַזוינע דרייסיק יאָר, ווען זיין פאָטער ידוע איז געשטאָרבן*) און אַז זיין צוזאַמען מיט זיין ברודערס זון אליעזר געפינען זיך אין אַמט פון כהונה גדולה האָט זיך געצויגן איבער אַ פּעריאָד צייט פון 20 יאָר.**)

און וואָס אַמבאַלאַנגט אליעזרן, איז אפילו, אַז מיר זאָלן אָננעמען, אַז אויך ער איז אַלט געווען אַזוינע דרייסיק יאָר, ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן — איז בנוגע אים זיינען מיר גאָר אין גאַנצן ניט געצוואונגען מיט גרויס אריכות ימים צו אפּעריִרן.

---

לויט פרענקל איז שמעון הצדיק געשטאָרבן אין 307. חוניו דער ערשטער איז געשטאָרבן אַרום דעם יאָר 347.

און אַז מיר זאָלן אָננעמען, אַז אליעזר איז אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק, ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן, האָט ער געמוזט געבוירן ווערן אַרום דעם יאָר 377. און אָננעמענדיק אַז חוניו איז געווען כהן גדול צוואַנציק יאָר און אַז אויך מנשה איז אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק, ווען זיין פאָטער ידוע, דער כהן גדול איז געשטאָרבן, האָט ער, מנשה, געמוזט געבוירן ווערן אַרום דעם יאָר 397.

כדי אָבער אויסצומיידן צו זיין געצוואונגען מזכה צו זיין מיט אַן אויסערגעוויינלעכן — אליעזרן אַ הונדערט־צען יאָר, און מנשהן אַ הונדערט־דרייסיק — אריכות ימים, אַקצעפּטירנדיק דאָס וואָס יאָזע־פוס דערציילט וועגן זיי, פּאַרוואָרפט פראַנקעל דאָס, וואָס יאָזעפוס זאָגט אונדז, אַז נאָך דעם טויט פון שמעון הצדיק איז געוואָרן אליעזר כהן גדול און נאָך זיין טויט איז דער כהן גדול אַמט איבערגעגאַנגען צו מנשהן.

מען קען צווייפלען — שרייבט ער — אין דעם דאָזיקן ספור פון יאָזעפוס, וואָרים ער האָט דאָ אויסגעמישט זאַכן פון פאַרשידענע צייטן.

---

*) לויט קראָכמאַל איז אויך חוניו דער ערשטער 20 יאָר כהן גדול געווען.

**) קראָכמאַל זאָגט ניט ווי גרויס דער פּעריאָד צייט איז געווען, וואָס אליעזר און מנשה זיינען אין אים כהנים גדולים געווען, מען קען אים אָבער ניט ווייניקער ווי אַ צוואַנציק, פינף און צוואַנציק יאָר געבן לויט קראָכמאַל. וואָרום לויט אים נאָך קומט אויס, אַז אליעזר איז צען יאָר כהן גדול געווען נאָך איידער תלמי פילאַדעלפוס, אין וועמענס צייט מען האָט די תורה איבערגעזעצט, האָט דעם טראָן פאַרנומען.

וואָס אַמבאַלאַנגט אָבער חוניו דעם צווייטן, בלייבט נאָך אַלץ פאַר אונדז אַ „ויש לישב בדוחק".

לויט ווי ער, פראַנקעל, באַהויפּטעט, איז שמעון געשטאָרבן אין 307 און דערצו פאַרוואָרפט ער נאָך די באַהויפּטונג פון יאָזעפוס, אַז נאָך שמעון הצדיק איז אליעזר כהן גדול געווען. הייסט עס, אַלזאָ, אַז חוניו האָט נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער באַלד דעם אַמט פון כהן גדול איבערגענומען, און אַזוי אַרום וועט מען לויט פראַנקעל דאַרפן געבן נאָך אַ גרעסערן אריכות ימים חוניון, ווי לויט קראָכמאַל אָדער אַנדערע. אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז ער איז אַלט געווען אַזוינע 30 יאָר, ווען ער איז כהן גדול געוואָרן נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער, וועט מען אים דאַרפן געבן אַן אריכות ימים פון אַזוינע 110 יאָר און אַן 80 יאָר באַקליידונג פון דעם כהן גדול אַמט. ווארים אויב ער איז אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק, ווען זיין פאָטער איז גע־שטאָרבן, הייסט עס, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 337 און דאָס יאָר פון זיין טויט קען מען ניט באַשטימען פריער פאַר דעם יאָר 225, אין די יאָרן, ווען יוסף בן טוביה איז דער חוכר המסים געוואָרן.

דערצו נאָך וועט מען דאַרפן מיט דער באַהויפּטונג וועגן שמעון הצדיק באַשטימען די צייט פון ידוע דעם כהן גדול אין נחמיה'ס צייטן, וואָס דאָס איז ווידער אַן אוממעגלעכע זאַך. וואָרים מיר מוזן האָבן צווישן נחמיהן און ידוען עטלעכע צענדליק יאָר פאַר יהוידע און יוחנן.

---

און לויט דעם „הלוי" דאַרפן מיר אויף פאָלגנדן אופן טאַבולירן דעם סדר הדורות און חשבון הזמנים.

שמעון דער ערשטער איז געשטאָרבן אַרום דעם יאָר 280.*)

אין דעם פעריאָד יאָרן פון 280 ביז 235 זיינען די כהנים גדולים געווען: פריער אליעזר, נאָכדעם מנשה אַ קורצע צייט.

נאָכדעם איז חוניו דער צווייטער געווען כהן גדול ביז אַרום דעם יאָר 185.

נאָכדעם איז געווען כהן גדול שמעון דער צווייטער אַ פּאָר יאָר. און די איבעריקע עטלעכע יאָר ביז דעם יאָר 175 חוניו דער דריטער.

---

*) נאָך די אַלע קולות, וואָס דער הלוי מאַכט קעגן רבי נחמן קראָכמאַל, איז דער אונטערשייד צווישן אים און צווישן דעם לעצטן, וואָס אַנבאַלאַנגט דעם פּונקט וועגן באַשטימען דאָס יאָר פון שמעון דעם ערשטנס טויט נאָר אין אַזוינע 10 יאָר.

לויט אים נאָך, הייסט עס, אז חוניו האָט געלעבט אַזוינע 105 יאָר און ער האָט זיך געפונען אין אַמט פון כהן גדול אַזוינע 55 יאָר.

און אליעזר, שרייבט ער, איז געווען שמעונס ברודער פון איין פאָטער, אָבער ניט פון איין מוטער. דאַרפן מיר לויט אים נאָך געבנ אליעזרן, אָננעמענדיק, אַז ער איז געווען נאָך אַ קינד פון צען יאָר נאָך זיין פאָטערס טויט און אַז שמעון איז געווען כהן גדול 40 יאָר, אַן אריכות ימים פון אַזוינע 90 יאָר, און אין אַמט פון כהן גדול דאַרפן מיר זאָגן, האָט ער זיך געפונען אַזוינע 40 יאָר. און מנשה, ווען מיר זאָלן אפילו אננעמען, אַז אויך ער איז אַלט געווען נאָר אַזוינע 10 יאָר, ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן, זאָל האָבן אַן אריכות ימים פון אַזוינע 105 אָדער 110 יאָר לעבן.

לויט דעם הלוי ווידער דאַרף מען אַוועקגעבן פאַר דער טעטיקייט פון די צוויי דורות: אַנטיגנוס איש סוכו און יוסי בן יועזר גאַנצע 120 יאָר, וואָס דאָס איז זייער שווער איינצואָרדענען ווי געהעריק. לויט אים נאָך דאַרף מען זאָגן, אַז אַנטיגנוס האָט געלעבט ביז אַרום דעם יאָר 230 און נאָך אים איז געוואָרן דער מופלא שבסנהדרין יוסי בן יוחנן, און מיט איניקע יאָרן שפּעטער איז געוואָרן יוסי בן יועזר דער נשיא. דאָס אַלעס קען אָבער נאָך אַלץ גאָר ניט העלפן, מען מוז דאַן נאָך אַלץ געבן יוסי בן יועזר אַזוינע הונדערט יאָר לעבן.

---

סיי ווי אָבער, וואָס אַמבאַלאַנגט דעם פונקט, וואָס פאַר אַ שמעון די משנה מיינט עס, דאַרפן מיר זיך האַלטן מיט דער מיינונג, אַז זי מיינט דעם ערשטן שמעון און מען באַדאַרף באַשטימען דאָס יאָר פון זיין טויט 270. אויף אַזאַ אופן האָט געמוזט זיין תלמיד אַנטיגנוס געבוירן ווערן אין יאָר 300 און פון יאָר 270 ביז 210 איז דער פעריאָד צייט פון זיין טעטיקייט געווען. און אַז מיר זאָלן אָננעמען, אַז אויך יוסי בן יועזר איז אַלט געווען אַ יאָר 25־30, ווען זיין לערער איז געשטאָרבן, וועלן מיר אויך אים דאַרפן געבן אַן אריכות ימים פון 85־90 יאָר.

און וואָס אַמבאַלאַנגט חוניון איז אויב מיר זאָלן זיך האַלטן אַן דער באַהויפּטונג פון הלוי אויף דעם סמך, וואָס ער וויל אויסדרינגען פון יאזעפוס, אַז ער, חוניו, איז געשטאָרבן ניט פריער פאַר דעם יאָר 185, וועלן מיר אים דאַן דאַרפן געבן אַן אריכות ימים פון אַזוינע ניינציק ביז הונדערט יאָר. אויב אָבער מיר זאָלן זי ניט אָננעמען, וועלן מיר אים קענען געבן אַן אריכות ימים נאָר פון אַזוינע זיבעציק

יאָר לויט קראָכמאַל, אַז שמעון הצדיק איז געוואָרן כהן גדול אין יאָר 212 אָדער נאָך וויניקער, לויט די, וואָס דענקען, אַז ער איז געוואָרן כהן גדול אין יאָר 225.

און וואָס אַמבאַלאַנגט דער צאָל יאָרן, וואָס ער האָט זיך געפונען אין כהונה גדולה אַמט איז אויב מיר זאָלן זיך האַלטן אַן הלויס אויבער־דערמאָנטער באַהויפּטונג, אַז חוניו איז געוואָרן כהן גדול ניט פריער ווי אַרום דעם יאָר 235 וועלן מיר דאַרפן אָננעמען, אַז ער איז כהן גדול געווען אַ פּעריאָד צייט פון 50 יאָר. אויב אָבער מיר זאָלן זיך האַלטן נאָר אָן דער ערשטער באַהויפּטונג זיינער און די צווייטע פאַרוואַרפן און געבן מנשהן און אליעזרן צוזאַמען נאָר אַזוינע 20 יאָר, וועלן מיר דאַרפן אָנגעבן די צאָל 65. אויב מיר זאָלן אָבער ביידע באַהויפּטונגען פאַרוואַרפן קענען מיר אָנגעבן די צאָל 40, אָננעמענדיק, אַז ער האָט געלעבט ביז דעם יאָר 212, און מנשה מיט אליעזרן האָבן אָנגעהאַלטן דעם אַמט פון כהן גדול פון 270 ביז דעם יאָר 250.

און בנוגע דער צאָל יאָרן, וואָס אליעזר האָט געלעבט, איז לויט דעם, וואָס מיר נעמען אָן די מסורה פון די חז״ל, אַז שמעון הצדיק איז 40 יאָר כהן גדול געווען, דאַרפן מיר אָננעמען, דערלאָזנדיק אפילו, אַז אליעזר איז אַלט געווען ניט מער ווי 10 יאָר, ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן, אַז ער, אליעזר איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 320. ער האָט אַזוי אַרום אַכציק יאָר געלעבט און דרייסיק יאָר אין אַמט פון כהן גדול זיך געפונען, אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז ער איז כהן גדול געווען ביז דעם יאָר 240.

און אָננעמענדיק, אַז מנשה איז געווען כהן גדול פון 240 ביז 235 וועלן מיר אים דאַרפן געבן אַן אריכות ימים פון וויניקסטנס 105 יאָר. אויב אָבער מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער פּעריאָד יאָרן, אין וועלכן אליעזר און מנשה זיינען כהנים גדולים געווען, איז נאָר פון 20 יאָר באַשטאַנען,*) פון 270 — 250, וועלן מיר דאַן קענען געבן מנשהן אַן אריכות ימים פון ניינציק יאָר און אליעזר 65־60.

---

*) דער הלוי באַגרינדעט ניט זיין באַהויפּטונג, אַז ביז אַרום דעם יאָר 235 האָבן אליעזר און מנשה דעם אַמט פון כהונה גדולה פאַרנומען. ער טוט עס, אַפּנים, כדי אויסצומיידן געצוואונגען צו זיין צו באַהויפּטן, אַז חוניו דער צווייטער האָט זיך אין אַמט פון כהן גדול געפונען אַזוינע 70־80 יאָר. עס שווימט אָבער דורך דעם אַרויף אַ נאָך מער האַרבערע פראַגע. עס פרעגט זיך דאַן, פאַרוואָס איז ניט געוואָרן חוניו קיין כהן גדול באַלד נאָך אליעזרס טויט, וויבאַלד מיר זאָגן, אַז אליעזר האָט זיך געפונען אויף זיין פּאָסטן אַזוינע 40 יאָר? חוניו איז דאָך שוין דאַן געווען אויף אַזאַ אופן אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן — טאָ פאַרוואָס האָט מען אים ניט געמאַכט פאַר קיין כהן גדול נאָר מנשהן?

און נאָך וויכטיקער האַרב וועט דער חשבון ווערן, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז אויך מנשה איז געווען שמעונס ברודער,*) אָדער, אַז ער איז גאָר געווען דער ברודער זיינער און אליעזר איז געווען זיין פעטער און עס וועט ניט שווער זיין פאַר דעם לעזער די נויטיקע צרופי חשבונות פאַר דעם פאַל צו מאַכן. מיר ווען אויך דאַן גע־ווינען דאָס, וואָס מיר וועלן ניט זיין געצוואונגען אָנצונעמען, אַז די אַלע דריי כהנים גדולים, וואָס זיינען געווען פאַר חוניו דעם צווייטן: ידוע, חוניו, שמעון הצדיק — איז ביי יעדן איינעם פון זיי פאַר זיין טויט אַ זון געבוירן געוואָרן.

*) ביי יאָזעפוס ווערט עס אָבער אייניקע מאָל איבערגעחזרט, אַז מנשה איז געווען שמעונס אָנקל און אליעזר שמעונס ברודער.

## י״ח

# דער העלעניריונגס־פּראָצעס אין יהודה און מצרים

דער העלעניזירונגס פּראָצעס צווישן די ברייטע מאַסן פון אַלעקסאַנדריער אידנטום. — די וואונדערלעכע דערשיינונג פון דער גריכישער תורה איבערזעצונג. — די „מבפנים״ און „מבחוץ״ סיבות, וואָס האָבן די דאָזיקע דערשיינונג צום לעבן אַרויסגערופן. — די נייגעריקייט פון דער גריכישער אינטעליגענץ אין אַלעקסאַנדריע צו באַקענען זיך מיט דער דאָרטיקער אידישער באַפעלקערונג.— דער דואַליזם אין דער אידישער פּסיכיק. — די פעאיקייט פון אידישן פאָלק אין דעם פּראָצעס פון אויסערלעכער אַסימילאַציע אינערלעך ניט אַסימילירט צו בלייבן.

אַ ווענדונג פון נאָך מער גרעסערער דערנענטערונג צו דער גריכישער קולטור איז אַריינגעטראָטן אין אידישן לעבן, ווען תלמי פילאַדעלפוס, תלמי דער צווייטער*) האָט פאַרנומען דעם טראָן אַלס קעניג. פון מצרים און פון די באַלאַנגענדע צו איר דאַן פּראָווינצן נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער, תלמי דער ערשטער, תלמי לאַגוס. פאַר דער צייט, וואָס ער איז קעניג געוועזן איז דער מצב פון די אידן אין יהודה ווי אויך פון די אידן אין מצרים, אין אַ בליענדן צושטאַנד געוועזן. אין יענעם פּעריאָד יאָרן איז דער פּראָצעס פון אייגנען זיך די גריכישע קולטור, פון אָננעמען די פון דער אַרומיקער וועלט לעבנס פאָרמען, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין אידישן לעבן שוין אַ פּאָר צענדליק יאָר נאָך דעם אָנקומען פון די גריכן אין ארץ ישראל, אין אַ פיל, פיל מער שאַרפער, אויסגעשפּראָכענער פאָזע פון אַנטוויקלונג אַריינגעטראָטן; דער דאָזיקער פּראָצעס, וואָס האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבן אין יהודה, אויף אַ פיל גרעסערן מאַסשטאַב אָבער אין מצרים, איז איצט פון פיל מער אינטענסיוון כאַראַקטער, ווי פריער, געוואָרן, האָט זיך איצט אין אידישן לעבן אין אַ פיל ברייטערן פאַרנעם מאַניפעסטירט, האָט איצט אין זיין ווירקונגס ספערע ברייטערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן געהאַלטן.

און ווי דאַן, אין די ערשטע פאָר צענדליק יאָר נאָך דעם אָנקומען

פון די גריכן קיין יהודה, איז אויך איצט דער דאָזיקער פּראָצעס פאָרגעקומען אין מצרים אין מער שאַרפערע פאָרמען, ווי אין יהודה. דער העלעניזירונגס פּראָצעס פון די אידישע מאַסן איז מיט פיל שנעלערן טעמפּאָ, ווי אין ערשטן לאַנד אין לעצטן געגאַנגען.

און אויך דער פּראָצעס פון דעם מער נאָענטערן באַקאַנט ווערן מצד דער דרויסנדיקער וועלט מיט דעם אידישן פאָלק, מיט דעם אַרט לעבן זיינס, מיט דעם אינהאַלט פון זיין רעליגיעזער קולטור, מיט זיינע עטישע באַגריפן, איז אין פיל מער אינטענסיווע, אין פיל גרעסערע רעגיאָנען אַרומנעמענדע אויסדריקס־פאָרמען אין מצרים פאָרגעקומען, ווי אין יהודה. און נאָך מער, דער דאָזיקער פּראָצעס איז אייגנטלעך הויפּטזעכלעך — הויפּטזעכלעך, ביז צו דער מדרגה פון אויסשליסלעך, כמעט — גאָר אינגאַנצן נאָר דאָרטן פאָרגעקומען; נאָר דאָרטן, אין מצרים, הויפּטזעכלעך, אין אַלעקסאַנדריען, וואָס איז דער צענטער געוואָרן פון דער גריכישער קולטור אין מזרח, וועלכע האָט זיך גאָר גיך אויך דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ צענטער פאַר דער גריכישער קולטור בכלל, צו דער מדרגה פון אַ וועלט־צענטער; דאָרטן צווישן די ברייטע וויסנשאַפטס־קרייזן, צווישן די ברייטע קינסטלער קרייזן וועלכע האָבן דעם גאַרטן פון דער גרי־כישער קולטור געפלעגט.

און אָט דאָס אַלעס איז דער פאַקטאָר געווען וואָס האָט מעגלעך געמאַכט די דאָזיקע וואונדערלעכע דערשיינונג פון דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה, וועלכע איז פון אַזוי פיל גראַנדיעזער באַדייטונג פאַר דעם גורל פון דער מענטשהייט געווען, וועלכע האָט אַזוי שאַרף איר שטעמפּל אויף די אַלע קומענדע נאָך איר מענטשלעכע דורות אַרויפגעלייגט.

אי מבפנים, אי מבחוץ איז דעמאָלט אַרויסגעבראַכט געוואָרן די נויטווענדיקייט, די תורה אונדזערע זאָל זיך אין אַ גריכישער איבער־זעצונג געפינען.

מבפנים, כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט די פילע העלעניזירטע עלעמענטן, צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אין מצרים, וואָס זיינען שוין אויף אַזוי פיל שפּראַכלעך גריכיש אַסימילירט געווען, אַז זיי האָבן קיין העברעאיש ניט געקענט, זיי זאָלן קענען זיין באַקאַנט מיט דעם אינהאַלט פון דער תורה, קענען מקיים זיין געוויי די פאַר־שריפטן אירע. ווארים, ווי אַסימילירט עס זיינען דאַן ניט געווען די אידן אין מצרים אין דעם זין, וואָס זיי האָבן די גריכישע קולטור אַקצעפּטירט, וואָס די גריכישע שפּראַך איז זייער שפּראַך געוואָרן,

וואָס זיי האָבן זיך, ווי די ניט־אידישע באַפעלקערונג מיט דעם שטודירן פון דער גריכישער ליטעראַטור, פון דער גריכישער וויסנ־שאַפט אָפּגעגעבן, איז דאָך זייער רעליגיעז־נאַציאָנאַל אידיש באַ־וואוסטזיין פעלזן שטאַרק געבליבן דאַן. זיי האָבן זיך געפילט אַלס אידן און זיי זיינען שטאַלץ געווען אויף זייער אידישקייט. און ווי שטאַרק עס איז ניט געווען זייער שטרעבונג, זיי זאָלן ניט אָפּשטיין פון זייערע מיטבירגער אין מצרים, וואָס אַמבאַלאַנגט זייערע עראָ־בערונגען אויף דעם געביט פון דער גריכישער קולטור, איז נאָך שטאַרקער געווען זייער שטרעבונג, זיי זאָלן ניט אָפּשטיין פון זייערע ברידער אין ארץ ישראל, זיי זאָלן ניט ווייניקער, ווי יענע אַלס גוטע, ערלעכע אידן קענען באַטראַכט ווערן. דאָס פּראָבלעם צו האָבן די מעגלעכקייט פון גאָטס וואָרט ניט פילן זיך אָפּגעפרעמדט, צו טאָן אַלץ, וואָס אַ פרומער, גוטער איד דאַרף טאָן, צו האָבן די מעגלעכקייט זייערע קינדער אין גאָטס וואָרט מחנך צו זיין, שוין פון קינדוויז אָן אים צו דערציען, ער זאָל אַ שטאַלצער איד אויסוואַקסן, איז פאַר זיי פון וויטאַלער באַדייטונג געווען.

און אַ גרויסע נויטווענדיקייט האָבן זיי געפילט צו האָבן אַ גרי־כישע איבערזעצונג פון אונדזער תורה אויך צוליב דעם, אַרויסצורופן באַוואונדערונג ביי דער אַרומיקער וועלט צום געטלעכן אמת, וואָס איז זייער נאַציאָנאַלער קנין געוואָרן, איבערצייגן די גאַנצע וועלט אין דער גרויסקייט, אין דער דערהאָבנקייט פון אונדזער תורה. גלויבנ־דיק אַליין, אַז אין דער תורה איז ביז צום העכסטן גראַד די געטלעכע שלימות פאַרקערפּערט, זיינען זיי געווען זיכער, אַז אויך אַלע אַנדערע וועלן צו דעם דאָזיקן גלויבן קומען, ווען עס וועט פאַר זיי דער ביז איצט פאַר זיי פאַרבאָרגענער אינהאַלט אירער אַנטפּלעקט ווערן.

און אויף וויפיל זיי האָבן געגלויבט אין מעגלעכער רעאַליזירונג פון דעם אַלעם, איז אפשר אין דער בחינה פון „איתכסיא" אַ וויכ־טיקער פאַקטאָר געווען אין זייער באַגער אַ גריכישע איבערזעצונג צו האָבן פון דער תורה אויך דער מאָטיוו, דורך דער דאָזיקער איבערזעצונג אויך צו זיך אַליין רעספּעקט וועקן„ דער מאָטיוו, זיי זאָלן צוליב דעם די גינסטיקע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס, וואָס זיי האָבן דערוואָרבן אין לאַנד, באַפעסטיקן; דעם פּרעסטיזש, וואָס זיי האָבן דערוואָרבן, אויף זיין דערהויבענער הויך האַלטן.

און אויב געוויס ניט אַזוי שטאַרק, ווי עס איז דער באַגער פון די אידן געווען, עס זאָל אַ גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה געשאַפן ווערן, איז אָבער דאָך אויך ביי דער דרויסנדיקער וועלט

זייער שטאַרק געווען דער באַגער פאַר דעם. די גריכישע וועלט האָט ביז מיט גאָר אַ קורצער צייט צוריק, כמעט גאָר ניט געוואוסט פון אידישן פאָלק. ווען באַקאַנט זיך אָבער מיט די אידן, זייִנען זיי נייגעריק געוואָרן צו באַקענען זיך וואָס נעענטער מיט זיי. ספּעציעל זייִנען טיף פאַראינטערעסירט געווען אין דעם די געבילדעטע קלאַסן פון דעם גריכישן פאָלק. דאָס אידישע פאָלק האָט אין אַ גרויסער מאָס געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די דאָזיקע קרייזן. וואָרים צווישן די אַלע קליינע נאַציאָנאַלע קבוצים, וועלכע זייִנען אונטער דער הערשאַפט פון די גריכישע הערשער געקומען, האָבן זיי זיך אַממערסטן אין די אויגן געוואָרפן. זיי האָבן זיך מער, ווי אַלע אַנדערע מיט אייגנאַרטיקן, אינדיווידועלן אינהאַלט אַלס באַזונדערער נאַציאָנאַלער קיבוץ אויסגעצייכנט. זיי האָבן זיך מער, ווי אַלע אַנדערע מיט אין שאַרפע פאָרמען אויסגעשפּראָכענע אייגנטימלעכע נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־שטריכן אויסגעצייכנט.

זיי האָבן געזען פאַר זיך אַ פאָלק מיט אַ מערקווירדיק שטאַרק אַנטוויקלטן וויטאַליזם, מיט מערקווירדיקע צופּאַסונגס פעאיקייטן, מיט מערקווירדיקע פעאיקייטן צו באַצווינגען דאָס לעבן, צו באַשטייגן וויכטיקע פּאָזיציעס אין דעם. פרעמד ווי עס איז זיי — די אידן — ניט געווען דער נייער באָדן, אויף וועלכן זיי זייִנען פאַרוואָרפן געוואָרן, האָבן זיי זיך דאָך אַזוי שנעל אַקלימאַטיזירט אויף אים. קליין, ווי זיי זייִנען ניט געווען אין צאָל, האָט זיך דאָך, אַזוי קענטיק געמערקט זייער אַקטיווער אָנטייל נעמען, אויף די אַלע פאַרשידענע לעבנס־געביטן פון לאַנד, זייִנען זיי מער ווי אַלע אַנדערע, ניט גריכישע עלעמענטן פון דער מצרימשער באַפעלקערונג פאַרטראָטן געווען אין דעם געניסן, ווי אויך אין דעם שאַפן פון די קולטורעלע ווערטן פון לאַנד, האָבן זיי אַ פיל מער אַקטיוון, אַ פיל מער גרעסערן אָנטייל גענומען אין דער מלוכה פירונג, ווי יענע אַלע אַנדערע, האָבן זיי פיל מער, ווי יענע, פאַרשידענע עמטער אין דער ציווילער אַדמיניסטראַציע פון דער מלוכה אין איר מיליטער־אַדמיניסטראַציע פאַרנומען.

און אויף וויפיל די גריכישע אינטעליגענץ, ווען זי איז אין באַרירונג געקומען מיט דעם אידישן פאָלק, האָט דעם דאָזיקן כאַראַק־טער־שטריך פון אידישן פאָלק, וואָס איז פאַר איר אין אַזאַ בולטער פאָרם אַרויסגעטראָטן, געמוזט באַוואונדערן, אויף אַזוי פיל האָט צוליב דעם נאָך מער באַוואונדערונג געמוזט אַרויסרופן ביי זיי דער צווייטער כאַראַקטער־שטריך, וועלכן זיי האָבן נאָך אין אַ גרעסערער מאָס געמוזט אין אידישן פאָלק דאָן קאָנסטאַטירן, זייער פעאיקייט,

זייער נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקייט אָנצוהאַלטן, זייער פעאיקייט אין דעם פּראָצעס פון אויסערלעכער אַסימילאַציע, אינערלעך ניט אַסי־מילירט צו בלייבן, אין דעם פּראָצעס פון סאָציאַלן צופּאַסן זיך צו דער אַרומיקער סביבה, דעם פּראָצעס פון נאַציאָנאַלן אָפּפרעמדן זיך פון איר אָנצופירן. קליין, ווי זיי זיינען געווען אין צאָל די ערשטע צייט דאָרטן, פרעמד, ווי עס איז געווען דער נייער באָדן, אויף וועלכן זיי זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן, האָבן זיי זיך דאָך אין אַזאַ שאַרפער פאָרם אַלס באַזונדערער, אָפּגעשלאָסענער אָרגאַניזם געהאַלטן.

דער דאָזיקער דואַליזם פון דער אידישער פּסיכיק, די פעאיקייט פון אידישן פאָלק אין דעם פּראָצעס פון אויסערלעכער אַסימילאַציע אינערלעך ניט אַסימילירט צו בלייבן, אין דעם פּראָצעס פון סאָציאַלן צופּאַסן זיך צו דער אַרומיקער סביבה, דעם פּראָצעס פון נאַציאָנאַלן אָפּפרעמדן פון איר אָנהאַלטן; די האַרמאָניע, וואָס האָט געהערשט צווישן זייער שטרעבן אַלס בירגער ניט ווייניקער גריך, ווי אַלע אַנדערע זייערע מיטבירגער באַטראַכט וערן, און צווישן זייער שטרעבן צו קענען אויך אַלס אידישע קינדער ניט ווייניקער אידן ווי זייערע ברידער אין ארץ ישראל באַטראַכט ווערן; דער אויסערלעכער וויטאַ־ליזם זייערער, וואָס איז באַשטאַנען אין זייער פעאיקייט צו דערווערבן אַ פּריווילעגירטע עקזיסטענץ אַלס פּריווילעגירטער באַשטאַנדטייל מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, וואָס איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דעם אינערלעכן וויטאַליזם, מיט זייער פעאיקייט צו לעבן אין אַ פרעמדער וועלט, וועלכע איז דערצו נאָך סאָציאַל, קולטורעל זייער אייגענע וועלט געוואָרן — אין אַן אַטמאָספערע פון ניט געמינערטן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, פון שטייגנדן שטאָלץ זיך פילן אויף זייער אידישקייט — האָט געמוזט אַלס געגנוג רייצנדער מאָטיוו זיך אַרויס־ווייזן פאַר דעם פאָרשנדן, צו אַלץ וויסן שטרעבענדן גריכישן אינ־טעליגענט, ער זאָל באַגערן צו באַקאָנען זיך מיט דעם הויפּטקוואַל פון דער אידישער רעליגיעזער קולטור, מיט דער תורה פון דעם דאָזיקן קליינעם, פאַר אים אינטערעסאַנטן פאָלק, וואָס וואַגט זי אַלס דעם איינציקן געטלעכן אמת צו דערקלערן, צו וועלן דערגראַבן זיך ביז אָט יענע טיפע וואָרצלען, פון וואַנען עס שטאַמען די פילע פון אַלע אַנ־דערע פעלקער אַנדערשקייטן פון אידישן פאָלק, אַ באַגריף צו האָבן וועגן דעם אורשפּרינגלעכן כח, וואָס דיקטירט דעם דאָזיקן פאָלק דעם מערקווירדיקן מאָראַלן לעבנס־שטייגער זיינעם, די אַלע רעליגיעזע פּרינציפּן זיינע.

אָט אַזוי איז צוליב אַ גאַנצן קאָמפּלעקס פון מאָטיוון און אורזאַכן

די נויטווענדיקייט געשאַפן געוואָרן דאַן עס זאָל די תורה פון העברע־איש אין גריכיש איבערזעצט ווערן. עס איז אין דעם דאַן ביז צום העכסטן גראַד משום „צורך השעה" געווען.

מאָטיוון און אורזאַכן פון גוואַלדיק גרויסער באַדייטונג האָבן אַרויסגערופן אין לעבן די דאָזיקע וואונדערלעכע דערשיינונג, וועלכע שטעלט פאָר מיט זיך איינעם פון די רעוואָלוציאָנערסטע עטאַפּן אין דעם אַנטוויקלונגס מאַרשרוט פון מענטשלעכן גייסט, וואָס די רעזולטאַטן אירע זיינען אַלס געבענטשטע ירושה פאַר דור דורות געבליבן.

און עס איז דעריבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס עס האָבן זיך אַרום דעם היסטאָרישן פאַקט פון דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה אַזוי פיל לעגענדן שיינע פאַרמירט.

 י"ט

# תלמי פילאַדעלפוס וויל די אידישע תורה אין זיין ביבליאָטעק

דער ספור המעשה ביי יאָזעפוס וועגן דעם, ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז די תורה זאָל אין גריכיש איבערזעצט ווערן. — דער קעניג שרייבט צום דאַמאָלסדיקן כהן גדול אין ירושלים — אליעזר איז זיין נאָמען געווען — אַז ער וויל אויך די אידישע תורה אין זיין ביבליאָטעק האָבן. — דער באַריכט פון דעם ממונה איבער דער ריזיקער ביבליאָטעק זיינער וועגן דער נויט־ווענדיקייט צו האָבן אַן איבערזעצונג פון דער תורה אין זיין ביבליאָטעק. — די מתנות, וואָס דער קעניג האָט געשיקט צו אליעזרן צוזאַמען מיט דעם בריוו זיינעם. — דער ענטפער, וואָס דער כהן גדול האָט געשיקט צום קעניג. — די 72 שלוחים, וואָס ער האָט געשיקט צום קעניג קיין אַלעקסאַנדריע, זיי זאָלן דאָרטן די תורה פאַר דעם קעניג איבערזעצן.

דער קעניג תלמי פילאַדעלפוס*) — ווערט ביי יאָזעפוס דער־ציילט דער ספור המעשה, ווי אַזוי די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה איז פאָרגעקומען — האָט זיך ערנסט אָפּגעגעבן דערמיט, ער זאָל האָבן אין זיין ביבליאָטעק וואָס מער ביכער.

און דער משגיח אויף זיין ביבליאָטעק איז געווען איינער ביים נאָמען דעמעטריוס פאַלעריוס, וועלכער האָט זיך געפלייסט, אויף וויפיל ער האָט נאָר געהאַט די מעגלעכקייטן דערצו, ער זאָל צונויפ־זאַמלען די אַלע ביכער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער באַוואוינ־טער ערד, און צו קויפן אַלצדינג, וואָס האָט זיך נאָר ערגעץ געפונען פון באַדייטנדן ווערט. ווארים אייפעריק זיינען געווען די אנשטרענ־גונגען פון דעמעטריוס נאָכצוקומען די פאַרלאַנגען פון זיין מייסטער.

און ווען איינמאָל האָט אים תלמי געפרעגט, וויפיל מאָל צען טויזנט ביכער ער האָט שוין צונויפגעזאַמלט, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט שוין אַרום צוואַנציק מאָל צען טויזנט ביכער. אָבער אין אַ קליינער צייט אַרום וועט ער האָבן פופציק מאָל צען טויזנט. אָבער

---

*) מיט אייניקע ענדערונגען און פאַרקירצונגען דערציילט יאָזעפוס איבער דעם ספור המעשה וועגן דעם ענין פון „אגרת אריסטיאס".

ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אינפאָרמירט געוואָרן, אַז עס געפינען זיך פילע געזעצביכער ביי די אידן, וואָס זיינען ווערט אויסגעפאָרשט צו ווערן און צו געפינען זיך אין דעם קעניגס ביבליאָטעק, נאָר ווייל זיי זיינען געשריבן אין זייער אייגנטימלעכן שריפט און אין זייער אייגנטימלעכער שפּראַך וועט עס גאָר פיל מי פאַראורזאַכן צו קענען האָבן זיי איבערגעזעצט אין דער גריכישער שפּראַך. פון דעסטוועגן, האָט ער געזאָגט, וועלן קיינע שטערונגען ניט זיין, זיי זאָלן קענען האָבן אויך די דאָזיקע ביכער איבערגעזעצט. זיי וועלן האָבן אַלץ, וואָס איז נויטיק פאַר דעם דאָזיקן צוועק, און אויך די אידישע געזעצ־ביכער וועלן זיך געפינען אין קעניגס ביבליאָטעק.

און דער קעניג האָט געזען, אַז דעמעטריוס איז זייער אייפעריק צו קריגן פאַר אים פיל ביכער און אַז ער לייגט פאַר צו טאָן זאַכן, וואָס עס איז זייער וויכטיק, זיי זאָלן געטאָן ווערן.

און דעריבער האָט ער געשריבן צו דעם אידישן כהן גדול, אַז ער זאָל האַנדלען אין אַנקלאַנג מיט זיין פאַרלאַנג, צו האָבן די אידישע געזעצביכער ביי זיך אין ביבליאָטעק.

אָבער פריער האָט ער געגעבן אַ באַפעל צו דעמעטריוס, ער זאָל אים געבן אין שריפט זיינע סענטימענטן וועגן דער איבערזעצונג פון די אידישע ביכער. וואָרים קיין שום טייל פון דער אַדמיניסטראַציע ווערט ניט געטאָן ראַשיק ביי די דאָזיקע קעניגע, נאָר אַלצדינג ווערט פון זיי געטאָן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט.

און דאָס איז דער שריפט, וואָס דעמעטריוס האָט צוגעשטעלט צום קעניג אויף זיין באַפעל.

„דעמעטריוס צו דעם גרויסן קעניג: ווען דו, אָ, קעניג האָסט מיר איבערגעגעבן די השגחה איבער דער זאַמלונג פון די ביכער, וואָס פעלן, צו אָנפילן דיין ביבליאָטעק, און בנוגע דער אויפמערק־זאַמקייט, וואָס דאַרף געשענקט ווערן צו די זאַמלונגען, וואָס זיינען ניט פולשטענדיק, ביז איך בין צום העכסטן גראַד פלייסיק געווען אין די דאָזיקע אַלע זאַכן, און איך וויים, אַז אונדז פעלן נאָך די ביכער פון דער אידישער געזעצגעבונג מיט אייניקע אַנדערע. וואָרים זיי זיינען געשריבן אין אידישן שריפט, און געפינענדיק זיך אין דער שפּראַך פון אידישן פאָלק, זיינען זיי צו אונדז אומבאַוואוסט. און איצט איז דאָס נויטיק, אַז דו זאָלסט האָבן ריכטיקע קאָפּיעס פון זיי. און ווירקלעך, די דאָזיקע געזעצגעבונג איז פול מיט פאַרבאָרגענער חכמה און קיין פלעק געפינט זיך ניט אויף איר. און צוליב דעם איז עס, ווי דער פילאָזאָף העקטעאוס פון אבדעראַ האָט געזאָגט, וואָס פּאָעטן

און די היסטאָריקער דערמאָנענען גאָר ניט וועגן איר און וועגן די מענער, וואָס האָבן געפירט זייער לעבן אין אָנקלאַנג מיט אירע פאַר־שריפטן, דאָס איז צוליב דעם, וואָס זי איז אַ הייליק געזעץ און זי באַדאַרף ניט פובליקירט ווערן פון ניט הייליקע מיילער.

„און אויב עס איז דיין גוטער ווילן דערויף, קעניג, נעם און שרייב צו דעם כהן גדול פון די אידן, ער זאָל שיקן צו זעקס פון די עלטסטע פון די אידן פון יעדן שבט אַזוינע, וואָס זיינען אַממערסטן געניט אין די געזעצן, כדי מיר זאָלן דורך זיי קענען לערנען דעם קלאָרן און עקזאַקטן זין פון די דאָזיקע ביכער און קענען דערוואַרבן אַ ריכטיקע אינטערפּרעטאַציע פון זייער אינהאַלט און מיר זאָלן קענען אַזוי אַרום האָבן אַ קאָלעקציע פון די דאָזיקע ביכער און אַ פּאַסיקן ענטפער אויף דיין וואונש.״

און אַז דער דאָזיקער בריוו איז אַוועקגעשיקט געוואָרן צום קעניג, האָט ער קאָמאַנדירט, אַז אַ בריוו זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערן פאַר אליעזרן, דעם אידישן כהן גדול, בנוגע די דאָזיקע אַלע זאַכן. ער האָט אויך געשיקט פופציק טאַלאַנטן גאָלד, מען זאָל מאַכן פון זיי פאַרשידענע כלים פאַר דעם בית המקדש און פילע פאַרשידענע טייערע עדל שטיינער. ביי דעם האָט ער באַשטימט, אַז הונדערט טאַלאַנטן אין גאָלד זאָל געשיקט ווערן פאַר דעם טעמפל צו קויפן קרבנות און נאָך פאַר אַנדערע צוועקן.

און דאָס איז דער בריוו, וואָס תלמי האָט געשיקט צו אליעזר דעם כהן גדול, וועלכער האָט דערוואָרבן דעם ראַנג פון כהונה גדולה ביי פאָלגענדער געלעגנהייט: ווען חוניו דער כהן גדול איז געשטאָרבן, איז זיין זון שמעון געוואָרן זיין נאָכפאָלגער. מען האָט אים גערופן שמעון דער צדיק צוליבביידע זאַכן, אי צוליב זיין פרומקייט אַנטקעגן גאָט, אי צוליב זיין גוטסקייט צו מענטשן. און ווען ער איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַ יונגן זון, וועמען מען האָט גערופן חוניו, האָט שמעונס ברודער אליעזר, וועגן וועלכן מיר ריידן דאָ, איבערגענומען דעם אַמט פון כהן גדול.

„דער קעניג תלמי צו אליעזר דעם כהן גדול שיקט באַגריסונג.

„עס זיינען פאַראַן פילע אידן, וואָס וואוינען איצט אין מיין מלוכה, וועמען די פּערסער, ווען זיי זיינען געווען אין מאַכט, האָבן אַוועקגע־פירט געפאַנגען. די דאָזיקע אידן זיינען געערט געוואָרן פון מיין פאָטער; אייניקע פון זיי האָט ער אַריינגענומען אין זיין אַרמיי און געצאָלט זיי אַ גרעסערע סומע, ווי געוויינלעך. צו אַנדערע פון זיי, האָט ער, ווען זיי זיינען געקומען מיט אים קיין עגיפּטן אָפּגעגעבן זיין

גאַרניזאָן און די השגחה איבער אים, כדי זיי זאָלן זיין אַ שרעק פאַר די עגיפּטער. און ווען איך האָב איבערגענומען די רעגירונג, האָב איך באַהאַנדלט אַלע מענטשן מיט מענטשלעכקייט, ספּעציעל די, וואָס זיינען דיינע גלויבנסגענאָסן, פון וועלכע איך האָב פריי געלאָזן אַרום העכער פון אַ הונדערט טויזנט, וואָס זיינען געווען שקלאַפן, און איך האָב באַצאָלט די פּרייז פון זייער באַפרייאונג צו זייערע מייסטערס פון מיינע אייגענע איינקינפטע, און די, וואָס זיינען פון אַ פּאַסיקן עלטער, האָב איך אַריינגענומען צווישן דער צאָל פון מיינע סאָלדאַטן; און צו די, וואָס זיינען פעאיק צו זיין טריי צו מיר און פּאַסיק פאַר מיין הויף, האָב איך געגעבן הויכע פּאָסטן, דענקענדיק אַז איך בין שולדיק גאָט אַ דאַנק פאַר זיין השגחה איבער מיר, און איך גלויב, אַז ער וועט דעם חסד, וואָס איך האָב אַרויסגעוויזן צו זיי, אָננעמען פאַר אַ גרויסער און ווירדיקער מתנה.

און אַזוי ווי איך באַגער צו טאָן אַלץ, וואָס קען זיין ווינטשנסווערט צו זיי און צו די אַלע אַנדערע אידן, וואָס געפינען זיך אויף דער באַוואוינטער ערד, האָב איך באַשלאָסן צו איינשאַפן זיך אַן אינטער־פּרעטאַציע פון אייער געזעץ און צו איבערזעצן אייער תורה פון העברעאיש אין גריכיש, און אַריינעמען זי אין מיין ביבליאָטעק. דו וועסט דעריבער טאָן גוט, אויסצוקלייבן און שיקן צו מיר מענטשן פון גוטן כאַראַקטער, וועלכע זיינען איצט אַלט אין יאָרן, זעקס אין צאָל פון יעדן שבט. די דאָזיקע דאַרפן זיין געלערנט אין געזעץ און באַזיצן די פעאיקייט צו מאַכן אַ ריכטיקע אינטערפּרעטאַציע פון אייערע הייליקע שריפטן. און ווען דאָס וועט זיין פאַרענדיקט, וועל איך גלויבן, אַז איך האָב געטאָן אַ גלאָררייכע פאַר מיר אַרבעט.

„און איך האָב געשיקט צו דיר אַנדרעאוסן, דעם קאַפּיטאַן פון מיין גוואַרדיע און אַריסטעאוסן, מענער וועלכע איך שעץ זייער הויך, וואָס איך שיק דורך זיי די ערשטע מתנות וואָס איך האָב באַשטימט פאַר דעם טעמפּל און אויף מקריב זיין קרבנות און צום נוצן פאַר אַנדערע צוועקן, אין ווערט פון הונדערט טאַלאַנטן, און אויב דו וועסט שיקן צו אונדז דורך מיינע מענטשן דיין פאַרלאַנג, צו לאָזן אונדז וויסן, וואָס דו ווילסט האָבן ווייטער, וועסטו דערמיט טאָן אַ זאַך, וואָס וועט זיין זייער אָנגענליגט ביי מיר.“

און ווען דער דאָזיקער בריוו איז אָנגעקומען צו אליעזרן, האָט ער געשריבן אַן ענטפער אויף אים מיט דעם גאַנצן נאָר מעגלעכן רעספּעקט:

„אליעזר, דער כהן גדול, צום קעניג תלמי שיקט באַגריסונג.

„אויב דו און דיין קעניגין*) ארזינא און דיינע קינדער זיינען געזונט, זיינען מיר פולשטענדיק צופרידן. ווען מיר האָבן באַקומען דיין בריוו, האָבן מיר גרויס פאַרגעניגן געהאַט פון דיינע כוונות. און ווען דער המון איז געווען פאַרזאַמלט צוזאַמען, האָבן מיר געלייענט דעם בריוו פאַר זיי, און דערביי באַוואוסט געמאַכט פאַר זיי די פיעטעט, וואָס דו האָסט צו גאָט.. מיר האָבן זיי אויך געוויזן די צוואַנציק גאָלדענע בעכערס און די דרייסיק זילבערנע בעכערס און די פינף גרויסע בעקענס און דעם טיש פאַר דעם לחם הפנים,**) ווי אויך די הונדערט טאַלאַנטן פאַר די קרבנות און אויף צו מאַכן אַלצדינג, וואָס קען זיין נוצלעך פאַר דעם טעמפל; וואָס די דאָזיקע אַלע זאַכן האָבן אַנדרעאוס און אַריסטעאוס, די דאָזיקע אָממערסטן געערטע פון דיר פריינט דיינע, געבראַכט צו אונדז. און אמת איז אויך, אַז זיי זיינען פערזאָנען פון אַן אויסגעצייכנטן כאַראַקטער און פון גרויס בילדונג, און זיי זיינען ווערט דיין גנאָד. און ווייס, אַז מיר וועלן מיט דאַנק דיין ווילן טאָן דעם, וואָס דו באַגערסט; מיר וועלן טאָן אַזוינס וואָס מיר פלעגן פריער ניט טאָן. וואָרים מיר דאַרפן דיר אומקערן אַ דאַנק פאַר די פילע טאָטן פון חסד, וואָס דו האָסט געטאָן צו אונדזערע לאַנדסלייט. מיר האָבן דעריבער באַלד געבראַכט קרבנות פאַר דיר און פאַר דיין שוועסטער און דיינע קינדער און דיינע פריינט. און דער המון האָט תפלות געזאָגט, אַז אַלע דיינע אונטערנעמונגען זאָלן זיין, ווי דיין האַרץ גלוסט, און אַז דיין מלוכה זאָל געהאַלטן ווערן אין שלום און אַז די איבערזעצונג פון אונדזער געזעץ זאָל ברענגען צו די רעזולטאַטן, וואָס דו ווינשסט און זאָל זיין צו דיין גונסטן. מיר האָבן אויסגעקליבן זעקס עלטסטע פון יעדן שבט, וועמען מיר האָבן געשיקט, און די תורה מיט זיי. דאָס וועט שוין זיין דיין זאַך, פון דיין גערעכטיקייט און פיעטעט צו שיקן אונדז צוריק די תורה, ווען זי וועט שוין זיין איבערזעצט, און אומצוקערן אונדז די, וואָס ברענגען זי צו דיר אין פרידן — לעב וואויל".

אָט דאָס איז געווען דער ענטפער, וואָס דער כהן גדול האָט געגעבן אויף דעם קעניגס בריוו.

און נאָכדעם, וואָס אליעזר דער כהן גדול האָט איבערגענומען די כלים, וואָס דער קעניג האָט געשיקט אין בית המקדש און מקדיש

---

*) פילאַדעלפוס האָט זיין אייגענע שוועסטער גענומען פאַר אַ ווייב.

**) יאָזעפוס גיט דאָ אַן אויספירלעכע און ברייטע שילדערונג וועגן די אַלע כלים און אַנדערע מתנות, וואָס פילאַדעלפוס האָט געשיקט קיין ירושלים.

געווען זיי צו גאָט ; און נאָכדעם, וואָס ער האָט דאָס געטאָן און אָפּגע־
געבן דעם געהעריקן כבוד צו די, וואָס האָבן זיי געבראַכט און מיטגע־
געבן זיי מתנות, זיי זאָלן זיי ברענגען צום קעניג, האָט ער זיי
אָפּגעלאָזט, זיי זאָלן זיך אומקערן אַהיים.

און ווען זיי זיינען געקומען קיין אַלעקסאַנדריא, און תלמי האָט
געהערט וועגן דעם, אַז זיי זיינען געקומען און אַז די זיבעציק זקנים
זיינען אויך געקומען, האָט ער באַלד געשיקט נאָך אַנדרעאוס און
אַריסטעאוס, זיינע אַמבאַסאַדאָרן, וואָס זיינען געקומען צו אים און
האָבן אים איבערגעגעבן דעם בריוו, וואָס זיי האָבן אים געבראַכט
פון דעם כהן גדול און האָבן אים געענטפערט אויף אַלע פראַגן, וואָס
ער האָט זיי געפרעגט מינדלעך. נאָכדעם האָט ער זיך געאיילט צו
באַגעגענען די זקנים, וואָס זיינען געקומען פון ירושלים, זיי זאָלן
איבערזעצן די תורה און ער האָט באַפעלן, אַז די אַלע, וואָס זיינען
געקומען צוליב אַנדערע געלעגנהייטן, זאָלן אַוועקגעשיקט ווערן, וואָס
דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס פאַרוואונדערונג און ער פלעגט עס
פריער קיינמאָל ניט טאָן.

## כ

# די אויפנאַמע פון די שלוחים אין קעניגלעכן הויף

דער קעניג נעמט אויף די שלוחים און דריקט אויס זיין דאַנק צו זיי דערפאַר, וואָס זיי זיינען געקומען צו אים. — דער באַנקעט, וואָס דער קעניג האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט. — צוועלף טעג האָבן זיי אין קעניגלעכן הויף פאַרבראַכט אוןביים קעניגלעכן טיש געגעסן. — דער קעניג פאַרברענגט מיט זיי אין פילאָזאָפישע שמועסן. — זיי ווערן נאָכדעם אויף אַ ניט־ווייטן אינזל אַוועקגעפירט, זיי זאָלן זיצן דאָרטן און איבערזעצן די תורה. — 77 טעג האָבן זיי אויף דער דאָזיקער איבערזעצונג געאַרבעט. — דער יום־טוב, וואָס איז געפּראַוועט געוואָרן אויף דעם אינזל נאָכדעם ווי די זקנים האָבן פאַרענדיקט די תורה איבערזעצונג. — די איבערזעצונג ווערט דעם קעניג איבערגעגעבן. — די מתנות, וואָס דער קעניג האָט יעדן איינעם פון די זקנים געגעבן, ווען ער האָט זיי צוריק אַהיים אָפּגעשיקט.

דער קעניג האָט געוואָרט — דערציילט יאָזעפוס ווייטער לויט דעם אגרת אריסטיאה — פאַר די, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן דורך אליעזרן. נאָר אַז די אַלטע לייט זיינען אַריינגעקומען מיט די מתנות, וואָס דער כהן גדול האָט זיי געגעבן, זיי זאָלן ברענגען צום קעניג, און מיט די יריעות, אויף וועלכע זייער תורה איז געשריבן געווען מיט גאָלדענע אותיות*), האָט ער זיי געשטעלט פראַגן בנוגע די דאָזיקע ספרים; און ווען זיי האָבן אַראָפּגענומען די מענטעלעך, אין וועלכע די ספרים זיינען געווען איינגעהילט, האָבן זיי אים געוויזן די יריעות. האָט דעמאָלט דער קעניג באַוואונדערט שטאַרק די דינקייט פון די דאָזיקע יריעות און די פיינקייט פון די געצייכנטע אותיות, וועלכע זיינען שווער געווען באַגריפן צו ווערן צוליב דעם, וואָס זיי

---

*) ווי באַוואוסט, טאָר די תורה ניט געשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות, און אויך אָט דער פּונקט איז איינער פון די אַלע אַנדערע באַווייזן וואָס זיינען פאַראַן אויף צו איבערצייגן, אַז די „אגרת אריסטיאס“ איז ניט קיין אמתער היסטאָרישער דאָקומענט.

זיינען געוועזן פאַראייניקט איינע מיט די אַנדערע. און דאָס האָט ער געטאָן אין משך פון אַ באַדייטנדער צייט.

און דאַן האָט ער געזאָגט, אַז ער דאַנקט זיי זייער, וואָס זיי זיינען געקומען צו אים, און נאָך מער איז ער דאַנקבאַר צו דעם, וואָס האָט זיי געשיקט, און ועל כולם שיקט ער זיין דאַנק צו דעם גאָט, וואָס די דאָזיקע געזעצן שיינען זיינע צו זיין.

דאַן האָבן די עלטסטע און די, וואָס זיינען אָנוועזנד געוועזן צו־זאַמען מיט זיי, אויסגעשריען אַלע מיט איין קול און געוואונשן אל־דאָס גליק דעם קעניג. און טרערן האָבן זיך דעמאָלט געשטעלט אין די אויגן פון קעניג צוליב דער פרייד, וואָס ער האָט געהאַט. ווארים עס איז נאַטירלעך פאַר מענטשן אויך אין גרויס פרייד די אייגענע סימנים אַרויסצואווייזן, ווי אין גרויס טרויער.

און נאָכדעם, וואָס ער האָט זיי פאַרגעשלאָגן איבערצוגעבן די ביכער צו די, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן צו איבערנעמען זיי, האָט ער סאַלוטירט די לייט און געזאָגט, אַז עס איז נאָר רעכט געווען אַרומצוריידן צו אַלעם ערשטן די מיסיע, וועגן וועלכער זיי זיינען געשיקט געוואָרן, און נאָכדעם ערשט זיך אַדרעסירן צו זיי, ער האָט זיי אויך פאַרזיכערט, אַז ער וועט מאַכן דעם דאָזיקן טאָג, אין וועלכן זיי זיינען געקומען צו אים פּראָמינענט און מערקבאַר יעדן יאָר אין משך פון די אַלע יאָרן פון זיין לעבן; וואָרים זייער קומען צו אים און דער זיג, וואָס ער האָט געהאַט איבער אַנטיגנוס אויפן ים זיינען פאַרגעקומען אין דעם אייגענעם און זעלבן טאָג. ער האָט אויך געגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז זיי זאָלן עסן אָוונט־ברויט מיט אים און איבער־געגעבן זיי צו דער השגחה פון די, וואָס זיינען געווען ממונה דערויף, אַז מען זאָל זיי פאַרזאָרגן מיט גוטע וואוינונגען אין דעם אויבערשטן טייל פון שטאָט.

און דער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן, ער זאָל האָבן די השגחה איבער דער אויפנאַמע פון די פרעמדע געסט, איז געווען אַ מאַן מיט דעם נאָמען ניקור. האָט ער גערופן דאַראָטעאוסן אויף וועמען עס איז דיפליכט געווען צו מאַכן פּראָוויזיע פאַר זיי און אָנגעזאָגט אים, ער זאָל צוגרייטן פאַר יעדן איינעם פון זיי אַלץ, וואָס קען נאָר נויטיק זיין פאַר זייער דיעטע און שטייגער פון לעבן. ווארים אַזוי איז דער באַפעל פון קעניג געווען. ער האָט אַכטונג געגעבן, אַז יעדער איינער פון די געסט, וואָס זיינען געקומען צו אים זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו לעבן אין אלעקסאַנדריע לויט דעם געשמאַק און לויט דעם שטייגער פון דער שטאָט, וואָס ער איז געקומען פון דאָרטן,

אַז זיי זאָלן זיך ניט דאַרפן פילן אומבאַקוועם קיינמאָל דורך זיין געצוואונגען צו טאָן אַזוינס, צו וועלכן זיי מוזן פילן נאַטירלעכע אָפּנייגונג.

און דאַראַטעאוס, וואָס האָט דעם דאָזיקן אַמט אָנגעהאַלטן צוליב זיין גרויס געניטקייט אין די אַלע אָנגעלעגנהייטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם געוויינלעכן הויף לעבן; ווארים ער האָט די השגחה געהאַט איבער אַלע אַזוינע זאַכן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם אויפנעמען פון פרעמדע געסט — ער האָט געטאָן אַלץ, ווי מען האָט אים באַפעלן.

און ער האָט באַשטימט פאַר זיי דאָפּלטע פלעצער, וואו זיי זאָלן זיצן, אין איינקלאַנג מיט דעם ווי דער קעניג האָט אים געהייסן טאָן. ווארים דער קעניג האָט באַפוילן, אַז אַ העלפט פון זייערע פלעצער זאָלן איינגעראָדנט ווערן נעבן אים צו זיין רעכטער האַנט און לינקער. און די אַנדערע העלפט אַנטקעגן אים. און ער האָט אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָל גאָר ניט דורכגעלאָזן ווערן פון דעם כבוד, וואָס קען זיי נאָר אַרויסגעוויזן ווערן.

און ווען זיי זיינען אויסגעזעצט געוואָרן, האָט ער אָנגעזאָגט דאָראַטעאוסן, ער זאָל זיין דינסט געבן צו די דאָזיקע אַלע, וואָס זיינען געקומען צו אים פון יהודה, לויט דעם אופן, ווי זיי זיינען געוואוינט געוואָרן ביי זיך אין דערהיים.

און דעריבער האָט ער אַוועקגעשיקט זייערע אייגענע גייסטלעכע און די, וואָס האָבן געטויטעט די קרבנות און די איבעריקע, וואָס זיי פלעגן זאָגן די תפלות ביים עסן. נאָר ער האָט גערופן איינעם פון די, וואָס זיינען געקומען צו אים, וועמענס נאָמען עס איז אליעזר געווען, וועלכער איז געווען אַ כהן, און האָט אים געבעטן, ער זאָל די תפלה זאָגן.

און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן פון זיי, און געבעטן, אַז גאָר די שפע און גאָר די הצלחה זאָל מיט דעם קעניג זיין און מיט די, וואָס זיינען זיינע אונטערטאַנען. און אַז ער האָט געענדיקט, האָט אַן אויסגעשריי אויסגעבראָכן פון דער גאַנצער קאָמפּאַניע מיט גרויס פרייד און טומל; און אַז דאָס אַלץ איז פאַריבער, האָבן זיי אָנגעהויבן עסן זייער אָוונט־ברויט און געניסן פון דעם אַלעם, וואָס מען האָט פאַר זיי אַוועקגעשטעלט. און נאָך אַ קליינער פויזע נאָכ־דעם, ווען דער קעניג האָט געדענקט, אַז עס איז שוין אַ גענוגנדע צייט דערויף פאַריבער, האָט ער אָנגעהויבן פירן פילאָזאָפישע שמועסן מיט זיי און ער האָט געפרעגט יעדן איינעם פון זיי אַ פילאָזאָפישע

פראַגע*) אַזעלכע, וואָס האָט געקענט צוגעבן קלאָרקייט אין די באַ־שפּראָכענע פילאָזאָפישע ענינים.

און ווען זיי האָבן אים דערקלערט די אַלע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאָרגעלייגט געוואָרן ביים קעניג, פונקט ביי פונקט איז ער זייער צופרידן געווען פון זייערע ענטפערס. דאָס האָט פאַרנומען די צוועלף טעג, אין וועלכע זיי זיינען געווען אויפגענומען אַלס געסט.

און ניט נאָר דער קעניג אַליין, נאָר אויך דער פילאָזאָף מענעדוס האָט זיי באַוואונדערט און געזאָגט, אַז אַלצדינג ווערט געפירט דורך גאָטס השגחה.

און דער קעניג האָט געזאָגט, אַז ער האָט זייער אַ סך געוואונען פון זייער קומען. ווארים ער האָט דאָס געווינס פּראָפיטירט פון זיי, וואָס ער האָט געלערנט, ווי אַזוי ער דאַרף רעגירן זיינע אונטערטאַנען. און ער האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל זיי געבן נאָכטלעגער און אַז די, וואָס האָבן זיי באַדאַרפט פירן אין זייער וואוינונג, זאָלן עס טאָן.

און נאָכדעם ווי דריי טעג זיינען פאַריבער האָט דעמעטרעאוס זיי גענומען און געפירט צו דעם אינדזל, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר זיי צו זיצן דאָרטן און איבערזעצן די תורה.

און ווען זיי זיינען אַריבערגעפאָרן די בריק, האָט ער זיך פאַר־נומען צום צפון טייל און געוויזן זיי, וואו זיי זאָלן זיך צוזאַמענקומען, וואָס דאָס איז געווען אין אַ הויז, געבויט נאָענט צום ברעג פון ים. דאָס איז געווען אַ זייער רואיקער פּלאַץ און פּאַסיק פאַר אַרומריידן צוזאַמען זייער אַרבעט.

און ווען ער האָט זיי צוגעבראַכט צום פּלאַץ, האָט ער צו זיי געזאָגט, אַז זיי וועלן פון קיין שום זאַך ניט ליידן, וואָס זאָל זיי קענען שטערן אין זייער אַרבעט.

און זיי האָבן זיך גענומען מיט גרויס מי און מיט גרויס אייפער צו דער אַרבעט, זיי זאָלן מאַכן אַ פּינקטלעכע איבערזעצונג.

און ביז ניין אור אין אָוונט פלעגן זיי זיין באַשעפטיקט מיט זייער אַרבעט. נאָך דער דאָזיקער צייט פלעגן זיי זיך אויסרוען און האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט קערפּערלעכער השגחה איבער זיך און געניסן פון די פאַרשידענע שפּייזן, וואָס זיינען געווען צוגעגרייט פאַר זיי אין

*) אין אגרת אריסטיאס ווערן אויספירלעך געגעבן די פראַגן און די ענטפערס. יעדן טאָג האָט ער זיינע פראַגן צו עטלעכע פון די זקנים געשטעלט — יעדן טאָג צו אַלץ אַנדערע. די פראַגן זיינען געווען וועגן מלוכה פירונג און וועגן די תרי״ג מצוות.

אַ גרויסער מאָס, אויסער די פילע שפייז, וואָס דאַראַטעאוס האָט צו זיי געבראַכט אויף דעם קעניגס באַפעל פון דעם אַלעם, וואָס איז פאַר דעם קעניג אַליין געווען אָנגעגרייט. אָבער אין דער פרי פלעגן זיי קומען אין הויף אַריין און באַגריסן תלמין, און נאָכדעם פלעגן זיי אַוועקגיין צו זייער פריערדיקן פּלאַץ, וואו, נאָכדעם, וואָס זיי האָבן זייערע הענט געוואַשן און ריין געמאַכט זיך, האָבן זיי זיך גענומען צו דער איבער־זעצונג פון דער תורה.

---

און איצט, ווען די תורה איז שוין געווען איבערגעשריבן און די אַרבעט פון דער איבערזעצונג געענדיקט, נאָכדעם, וואָס זיי האָבן געאַרבעט דערויף זיבן און זיבעציק טעג, האָט דעמעטריוס צונויפ־גערופן אַלע אידן צום פּלאַץ, וואו די איבערזעצונג פון דער תורה איז פאָרגעקומען און וואו די איבערזעצערס האָבן זיך געפונען און מען האָט פאַר זיי פאָרגעלעזן די תורה. דער המון האָט אויך גרויס כבוד געגעבן די זקנים, וואָס זיינען געווען די איבערזעצערס פון דער תורה. ביי דעם האָבן זיי אויך געעהרט דעמעטריוסן פאַר זיין אונ־טערנעמונג, ווייל ער איז דאָך געווען דער איניציאַטאָר פון דעם, וואָס האָט זיי אַזוי פיל גליק פאַרשאַפט. און זיי האָבן געוואונשן, אַז ער זאָל זיי דערלויבן אויך זייער פירער צו לייענען די תורה. מער נאָך, זיי אַלע, אי די פריסטער, אי די עלטסטע און די הויפּט מענער פון זייער קהלה האָבן עס געמאַכט פאַר זייער פאַרלאַנג, אַז היות די איבערזעצונג איז שוין גליקלעך פאַרענדיקט געוואָרן, זאָל זי בלייבן אויף דעם זעלבן וועג, ווי זי איז איצט, און זאָל ניט געענדערט ווערן. און ווען זיי האָבן אַלע אויסגעשפּראָכן דעם דאָזיקן באַשלוס זייערן, האָבן זיי פאָרגעשלאָגן, אַז אויב ווער פון זיי האָט באַמערקט, אַז עס איז עטוואָס אין דער איבערזעצונג צוגעגעבן געוואָרן אָדער, אַז עס איז דאָרטן עטוואָס אויסגעלאָזט געוואָרן, זאָל ער נאָכקוקן נאָך אַמאָל וועגן דעם און פאָרלעגן עס פאַר זיי, דער פעלער זאָל קאָרעגירט ווערן, וואָס דאָס איז געווען זייער אַ קלוגע אַקציע פון זייער זייט. וואָרים זאַכן וואָס מען באַדאַרף אורטיילן וועגן זיי, אַז זיי זיינען גוט געמאַכט, קענען האָבן אַ קיום אויף שטענדיק.

און דער קעניג האָט זיך אַלזאָ זייער געפרייט, ווען ער האָט געזען, אַז דער פּלאַן זיינער איז מיט אַזאַ שלימות דורכגעפירט געוואָרן און איז געקרוינט געוואָרן מיט אַזאַ גרויסן דערפאָלג. און גאָר גרויס איז געווען זיין צופרידנהייט, ווען ער האָט געהערט די תורה, ווי מען האָט זי פאָרגעלעזן פאַר אים; און ער איז געווען

דערשטוינט פון דער טיפער באַדייטונג און קלוגשאַפט, וואָס ער האָט אין איר געפונען.

און ער האָט דאַן אָנגעהויבן צו דיסקוטירן מיט דעמעטריאוסן: „ווי אַזוי קומט עס, אַז טראָץ דעם, וואָס די דאָזיקע געזעצגעבונג איז אַזאַ וואונדערלעכע, האָט קיינער נישט, ניט פון די פּאָעטן און ניט פון די היסטאָריקער, עפּעס דערמאָנט וועגן איר.

און דעמעטריאוס האָט געענטפערט, אַז קיינער פון זיי האָט ניט געוואַגט צו האָבן די העזה, צו נעמען זיך פאַר דער באַשרייבונג פון די דאָזיקע גזעצן. צוליב דעם, ווייל זיי זיינען געטלעך און הייליק און צוליב דעם, וואָס אייניקע, וואָס האָבן עס יאָ געפּרואווט טאָן זיינען געשטראָפט געוואָרן פון גאָט.

ער האָט אים אויך דערציילט, אַז טהעפּאָמפּאָס איז נייגעריק געווען צו שרייבן עטוואָס וועגן זיי. אָבער זיין מאַרך איז צוליב דעם צעמישט געוואָרן אויף אַ משך פון מער ווי דרייסיק טעג; און אין אייניקע צו זיך קומענדע מאָמענטן אויף אַ קורצער צייט פון זיין קראַנקהייט האָט ער זיך געווענדט מיט תפלות צו גאָט. וואָרים ער האָט פאַר־דעכטיקט, אַז זיין צאָרן אויף אים האָט זיך גענומען פון יענער אורזאַכע.

און ווירקלעך. ער האָט נאָכדעם געזען אין חלום, אַז דער דאָ־זיקער אומגליק איז אים באַפאַלן צוליב דעם, וואָס ער האָט אַרויס־געוויזן צופיל נייגעריקייט וועגן געטלעכע זאַכן און האָט געוואָלט זיי פאַרעפנטלעכן פאַר געוויינלעכע מענטשן. ווען ער האָט אָבער אויפ־געגעבן דעם דאָזיקן פאַרזוך זיינעם, האָט ער צוריק געוואונען זיין זינען.

נאָך מער. ער האָט אים אינפאָרמירט וועגן טהעדאָקטעס, דער טראַגישער פּאָעט, וועגן וועלכן מען האָט דערציילט, אַז ווען ער האָט געוואָלט אין אַ געוויסער דראַמאַטישער פאָרשטעלונג דערמאָנען וועגן זאַכן, וואָס געפינען זיך אין די הייליקע ספרים, האָט אים גאָט גע־שטראָפט מיט פינצטערניש אין זיינע אויגן; און ווייל ער האָט גע־וואוסט וועגן דער סיבה פון זיין אומגליק און ער האָט גאָט איבער־געבעטן, איז ער באַפרייט געוואָרן פון דעם דאָזיקן אומגליק.

---

און ווען דער קעניג האָט דערהאַלטן די דאָזיקע ביכער פון דעמעטריוס, ווי מיר האָבן עס שוין געזאָגט, האָט ער גרויס כבוד אַרויסגעוויזן צו זיי, און ער האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל שטאַרק אַכטונג געבן אויף זיי, זיי זאָלן בלייבן אומגעשעדיקט.

ער האָט אויך אויסגעדריקט זיין פאַרלאַנג, אַז די איבערזעצער

זאָלן קומען אָפּט צו אים פון יהודה, כדי ער זאָל זיי קענען גרויס כבוד אַרויסווייזן און געבן זיי פיל פּרעזענטן. ווארים, האָט ער גע־זאָגט, איצט איז מער ניט ווי רעכט, אָפּצושיקן זיי אַהיים, טראָץ דעם, וואָס ווען זיי וואָלטן קומען נאָכדעם מיט זייער אייגענעם ווילן צו אים ,וואָלטן זיי געהאַט ביי אים אַלץ, וואָס זייער אייגענער פאַרנונפט וואָלט נאָר געפאָדערט און וואָס זיין גנעדיקייט וואָלט נאָר פּעאיק געווען צו געבן זיי.

און אָט אַזוי האָט ער זיי אַוועקגעשיקט און האָט יעדן איינעם פון זיי געגעבן צו דריי מאַנטלען פון בעסטן סאָרט און צוויי טאַלאַנטן גאָלד און אַ בעכער אין דער ווערט פון אַ טאַלאַנט און די מעבל פון דעם צימער, וואו זיי האָבן זיך געפונען. דאָס אַלץ זיינען געווען די זאַכן, וואָס ער האָט זיי געגעבן פאַר אַ מתנה. דערביי האָט ער אויך געשיקט צו אליעזרן צען בעטן מיט זילבערנע פיס און דאָס גאַנצע איבעריקע מעבל, וואָס האָט באַלאַנגט צו זיי. און אַ בעכער אין דער ווערט פון דרייסיק טאַלאַנטן. און אַ חוץ דעם צען מאַנטלען פון פּורפּור און אַ זייער שיינע קרוין און אַ הונדערט שטיקער פון דעם פיינסטן לייוונט ווי אויך כוסות און געשיר, שיסלען און טעלער און צוויי גאָלדענע רעזערוואואַרן, זיי זאָלן געהייליקט זיין צו גאָט. ער האָט אויך אויסגעדריקט זיין וואונש אין אַ בריוו, וואָס ער האָט אים געשיקט, ער זאָל זיין דערלויבעניש געבן, אויב ווער פון די זקנים עס וועט וועלן קומען צו אים. ווארים עס איז ביי אים פון גאָר גרויסער ווערט צו פירן געשפּרעכן מיט מענער פון אַזאַ געלער־זאַמקייט, ווי זיי זיינען און ער איז זייער ווילּיק זיין געלט אויסצו־ברענגען אויף אַזוינע לייט.

כ״א

# די י״ח תקוני סופרים אין דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה

דער ספור המעשה אין תלמוד און מדרש וועגן דעם, ווי אַזוי די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן. — אין אַכצן שטעלן האָבן זיי אַ געענדערטן טעקסט געגעבן פון דער תורה. — לויט דער אידישער מסורה איז די איבערזעצונג מיט רוח הקודש געמאַכט געוואָרן. — מען האָט יעדן איינעם פון די איבערזעצער אין אַ באַזונדער צימער אַוועקגעזעצט, און דאָך האָבן די אַלע איבערזעצונגען אות אין אות געשטימט.

און אויב אין דעם סיפור המעשה וועגן דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה ווערט דערציילט, אַז די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן נאָך אַ לענגערן ישוב הדעת, וואָס די איבערזעצער האָבן געהאַט צווישן זיך וועגן דעם, ווי אַזוי די איבערזעצונג זאָל געמאַכט ווערן, אַז די גרויסע שלימות, וואָס איז אין דער דאָזיקער איבערזעצונג דערגרייכט געוואָרן איז אַ רעזולטאַט געווען פון דעם, וואָס די אַרבעט איז „בצוותא חדא״ געטאָן געוואָרן פון די איבערזעצער, פון דעם, וואָס זיי האָבן זיך צוזאַמענגערעדט שטענדיק בנוגע צו די אָדער יענע האַרבע שטעלן אין דער תורה, און זיי זיינען צו פאַר־איייניקטן הסכם געקומען, ווי אַזוי זיי זאָלן איבערגעזעצט ווערן; אויב אין דעם דאָזיקן ספור המעשה ווערט פאָרגעשטעלט די איבערזעצונג פון דער תורה דורך די צוויי און זיבעציק זקנים אַלס קאָלעקטיווער אַקט, וואָס איז אין פאַראייניקטער אַרבעט דורך זיי דורכגעפירט גע־וואָרן — ווערט אונדז אין דעם ספור המעשה, וואָס געפינט זיך וועגן דער דאָזיקער געשעעניש אין תלמוד און אין מדרש, דערציילט אַז די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן פון יעדן איינעם פון די צוויי און זיבעציק זקנים באַזונדער, און אַז זיי זיינען די גאַנצע צייט, וואָס די אַרבעט פון דער איבערזעצונג איז אָנגעגאַנגען אין באַרירונג

ניט געקומען איינער מיט דעם צווייטן: גאָט האָט אָבער אַ נס געוויזן און די אַלע איבערזעצונגען וואָס יעדער איינער פון די זקנים האָט פאַר זיך באַזונדער געמאַכט, האָבן ביז צום לעצטן פונקט געשטימט צווישן זיך און האָבן זיך מיט גאָר ניט אָפּגעשיידט איינע פון דער צווייטער. עס האָט אין די דאָזיקע אַלע איבערזעצונגען אַ פאָלקאָמע איינהייטלעכקייט געהערשט..

מעשה בתלמי המלך — לייענט זיך דער דאָזיקער ספּור המעשה אין מדרש*) — וואָס האָט צונויפגענומען צוויי און זיבעציק אידישע זקנים, און ער האָט זיי אַריינגעבראַכט אין צוויי און זיבעציק באַזונ־דערע הייזער. און ער האָט זיי ניט אויסגעזאָגט, צוליב וואָס ער האָט זיי צונויפגענומען. און עד איז אַריינגעגאַנגען צו יעדן איינעם פון זיי און געזאָגט צו זיי: שרייבט מיר די תורה פון משהן אייער רבין. האָט קודשא בריך הוא אַריינגעגעבן אַן עצה אין האַרץ פון יעדן איינעם פון זיי און זיי האָבן אַלע מסכים געווען צו איין דעה..

יעדער איינער פון די זקנים האָט די גאַנצע תורה איבערגעזעצט פּונקט אויף דעם זעלבן אופן, ווי די איבעריקע האָבן עס געטאָן.

און גאָט האָט זיי מיט זיין עצה געפירט ניט נאָר בנוגע דעם, זיי זאָלן דעם ריכטיקן וועג געפינען, ווי אַזוי זיי זאָלן גענוי און פּינקטלעך דעם עקזאַקטן מעקסט פון דער תורה אין זייער איבער־זעצונג איבערגעבן, נאָר אויך, אַז אין מאַנכע שטעלן זאָלן זיי דווקא געוויסע אָפּוועגדונגען פון טעקסט מאַכן. אין אַכצן שטעלן האָבן זיי געגעבן אין זייער איבערזעצונג אַ געענדערטן פון דעם, וואָס געפינט זיך אין דער תורה, טעקסט. די אייגענע ענדערונגען אין די זעלבע שטעלן האָבן זיך אין די איבערזעצונגען פון יעדן איינעם פון די זקנים געפינען. די השפּעה פון גאָט האָט יעדן איינעם פון זיי דיקטירט, זיי זאָלן די דאָזיקע ענדערונגען מאַכן.

די ערשטע ענדערונג האָבן זיי געמאַכט אין ערשטן פּסוק פון דער תורה, אין פּסוק „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ״. אָנשטאָט איבערצוזעצן דעם פּסוק לויט דעם סדר פון די ווערטער אין טעקסט, האָבנזיי אים איבערגעזעצט לויט אַן אַנדער סדר. אָנשטאָט די איבערזעצונג זאָל זיך לייענען: אין אָנהויב האָט באַשאַפן גאָט די הימלען און די ערד, ווי אין טעקסט, האָט זי זיך געלייענט „אלהים ברא בראשית״ גאָט האָט באַשאַפן אין אָנהויב. זיי האָבן עס געטאָן אַזוי, כדי מען זאָל ניט קענען זאָגן, אַז בראשית איז אויך אַ שם און

*) און אויך אין מגילה ט׳, און מסכת סופרים, פּרק א׳, הלכה ח׳.

אַרויסטייטשן דעם ענין פון שתי רשויות, אַז די גאָטהייט, וואָס ווערט אָנגערופן בראשית האָט צוזאַמען מיט אלהים די וועלט באַשאַפן.

ווידער האָבן זיי געענדערט דעם דאָזיקן פסוק: „נעשה אדם בצלמנו וכדמותנו" און איבערגעזעצט „אעשה אדם בצלם ודמות", כדי זיי זאָלן ניט דורך דעם וואָרט נעשה קומען צו געפינען אין דער שטעלע דעם ענין פון „הרבה רשויות" און דורך די ווערטער בצלמנו וכדמותנו אויך דעם ענין פון הגשמה.

די פינפטע ענדערונג איז געווען אין פסוק „ויכל אלהים ביום השביעי", „וישבות ביום השביעי". אָנשטאָט „ויכל אלהים ביום השביעי" האָבן זיי געשריבן ביום הששי כדי מען זאָל ניט זאָגן, אַז גאָט האָט געאַרבעט אום שבת. וואָרים עס שטייט דאָך, אַז ער האָט געענדיקט זיין אַרבעט אין זיבעטן טאָג.

ווידער האָבן זיי געענדערט דעם פסוק „זכר ונקבה בראם", זיי האָבן ניט געשריבן בראם, נאָר בראו, כדי עס זאָל זיין קלאָר, אַז ער האָט צום ערשטן נאָר אדמען אַליין באַשאַפן.

די זיבעטע און אַכטע, אין פסוק „הבה נרדה ונבלה שם שפתם". אָנשטאָט „נרדה", „נבלה" האָבן זיי געשריבן ארדה, אבלה, כדי מען זאָל ניט זאָגן, אַז די תורה לערנט „שתי רשויות".

ווידער האָבן זיי געענדערט דעם פסוק „ותצחק שרה בקרבה". אָנשטאָט בקרבה, ווי עס שטייט אין אָריגינאַל, האָבן זיי געשריבן בקרוביה, וואָס דאָס הייסט, זי האָט פאַר אירע קרובים געלאַכט. זיי האָבן געמאַכט די דאָזיקע ענדערונג, כדי מען זאָל ניט פרעגן, פאַר וואָס האָט ער געשטראָפט שרהן, פאַר וואָס זי האָט פאַר זיך געלאַכט, ווערנט ער האָט אברהמען ניט געשטראָפט דערפאַר. וואָרים ער האָט דאָך אויך געלאַכט. ווי עס שטייט געשריבן „ויפול אברהם על פניו ויצחק ויאמר".

זיי האָבן אויך געענדערט — צוויי ענדערונגען — דעם פסוק „כי באפם הרגו איש וברצונם עקרו שור". אָנשטאָט איש האָבן זיי געשריבן שור און אָנשטאָט שור האָבן זיי געשריבן אבוס, כדי די אומות העולם זאָלן ניט זאָגן צו די אידן: די תורה איז אַליין מודה, אַז אייערע עלטערן זיינען גזלנים געווען.

די צוועלפטע ענדערונג איז געווען אין פסוק אין שמות ד': „ויקח משה את אשתו ואת בניו וירכיבם על החמור". זיי האָבן פאַר־ביטן דאָס וואָרט „החמור" מיט די ווערטער נושא בני אדם. דאָס אייזל איז געווען פאַרהאַסט ביי די גריכן און ס'איז פאַררעכנט געווען

פאַר אַ דרך בזיון צו פאָרן אויף אים: זיי זאָלן ניט זאָגן משה אייער רבי האָט שוין קיין פערד און קעמל ניט פאַרמאָגט?״

זיי האָבן אויך געענדערט דעם פסוק אין שמות י״ב, „ומושב בני ישראל אשר ישבו במצרים שלשים שנה וארבע מאות שנה״. זיי האָבן געשריבן „במצרים ובשאר ארצות״. וואָרים אין מצרים האָבן זיי זיך געפונען נאָר 216 יאָר.

די פערצנטע ענדערונג איז געווען אין פסוק אין שמות כ״ד: „וישלח את נערי בני ישראל״ אָנשטאָט נערי, וואָס איז אַ לשון פון מקטין זיין, האָבן זיי געשטעלט זאַטוטי, וואָס איז אַ לשון פון חשיבות. און אויך דעם פסוק: וואָס קומט באַלד נאָך דעם אויבנדערמאָנטן פסוק: דער פסוק „ואל אצילי בני ישראל״ האָבן זיי געענדערט. אָנשטאָט „אצילי״ האָבן זיי אויך דאָ געשריבן „זאַטוטי״, כאָטש דאָס וואָרט אצילי אַליין ווייזט אויך אויף לשון של חשיבות, האָבן זיי עס דאָך געענדערט צוליב איינהייטלעכקייט, ווייל פריער האָבן זיי דאָס וואָרט „זאַטוטי״ געשטעלט.

די פופצנטע ענדערונג איז געמאַכט געוואָרן אין פסוק „לא חמור אחד מהם נשאתי״, וואָס געפינט זיך אין במדבר ט״ז. אָנשטאָט חמור האָבן זיי געשריבן „חמד״, קיין שום ווערטפולע זאַך, כדי אויס־מיידן אין דער תורה אַ וואָרט, וואָס קלינגט געמיין פאַר די מצרים־שער באַפעלקערונג, אָדער זיי זאָלן ניט זאָגן: אַן אייזל האָט ער ניט גענומען, אָבער אַן אַנדער זאַך האָט ער יאָ גענומען.

די זעכצנטע ענדערונג איז געווען אין פסוק — דברים ד׳ — ופן תשא עיניך השמימה וראית את השמש ואת הירח ואת הכוכבים וכל צבא השמים ונדחת והשתחוית להם ועבדתם אשר חלק ה׳ אלהים אותם לכל העמים תחת כל השמים״. צווישן די ווערטער אותם און לכל האָבן זיי אַריינגעשטעלט דאָס וואָרט להאיר. און די ענדע פון דעם דאָזיקן פסוק האָט זיך אַזוי אַרום געלייענט: אשר חלק ה׳ אלהיך אותם להאיר לכל העמים זיי האָבן געמאַכט די דאָזיקע ענדערונג, כדי מען זאָל זיך ניט קענען טועה זיין און זאָגן, אַז אַ בן נח איז מותר בעבודת כוכבים ומזלות. וואָרים אין דער תורה שטייט, אַז ער האָט די כוכבים ומזלות אַוועקגעגעבן צו די פעלקער, קען עס הייסן עס אויף דינען צו זיי.

זיבצענטע ענדערונג האָבן זיי געמאַכט אין פסוק — דברים י״ז —„וילך ויעבור אלהים אחרים וישתחו להם או לשמש או לירח או לכל צבא השמים אשר לא צויתי״. זיי האָבן צום סוף פון פסוק צוגעשטעלט די ווערטער: לאומות לעבדם. זיי האָבן די דאָזיקע

ענדערונג געמאַכט, כדי מען זאָל ניט קענען לערנען דעם פשט די זון און די לבנה און די שטערן, וואָס איך האָב ניט באַפּעלן זייער עקזיסטענץ, וואָס זיינען ניט דורך מיר באַשאַפן געוואָרן.

די אַכצנטע ענדערונג האָבן זיי געמאַכט אין ויקרא י״א, אין פסוק: „ואת הארנבת, כי מעלה גרה היא ופרסה לא הפריסה״. אָנשטאָט „ארנבת״ האָבן זיי געשריבן „צעיר הרגלים״ די קורץ־פיסיקע, ווארים ביים האָז זיינען די הינטערשטע פיס קירצער פון די פאָדערשטע. זיי האָבן ניט געשריבן ארנבת, ווייל תלמיס ווייב*) האָט געהייסן ארנבת. זאָל ער ניט זאָגן: די אידן האָבן פון מיר שפּאַס געמאַכט און האָבן אַריינגעשטעלט מיין ווייבס נאָמען צווישן די חיות טמאות.

---

*) און אין ירושלמי מגילה ווערט געזאָגט, אַז דער נאָמען פון זיין מוטער איז ארנבת געווען.

כ״ב

# די באַפרייאונג פון הונדערט טויזנט שקלאַפן דורך תלמי פילאַדעלפוס

די רעדע, וואָס איינער פון תלמיס מקורבים האָט געהאַלטן פאַר אים וועגן דאָזיקן ענין. — תלמי פילאַדעלפוס גיט אַרויס אַ באַפעל, מען זאָל באַפרייען די אַלע אידן, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן דורך זיין פאָטער און זיין אַרמיי, ווען זיי האָבן חרוב געמאַכט יהודה. — ער באַפעלט, אַז מען זאָל פון זיין רעגי־רונגס קאַסע נעמען דאָס אויסלייז־געלט, וואָס מען וועט באַדאַרפן באַצאָלן פאַר יעדן באַפרייטן שקלאַף.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַקט פון איבערזעצן די תורה אין גריכיש ברענגט יאָזעפוס, נאָכגייענדיק דעם אגרת אַריסטיאַס, נאָך אַ צווייטן ספור המעשה וועגן דעם, אַז פילאַדעלפוס האָט באַפרייט הונדערט טויזנט אידישע שקלאַפן ביי זיך אין לאַנד, אין עגיפּטן. דער דאָזיקער אַקט איז פאָרגעגאַנגען, לויט ווי עס ווערט אין דעם דאָזיקן סיפור המעשה דערציילט, דעם אַקט פון איבערזעצן די תורה און איז פון אים באַדינגט געוואָרן.

און עס איז געווען — לייענט זיך ביי יאָזעפוס דער דאָזיקער ספור המעשה, וועלכער איז ביי אים איינגעפלאָכטן אין דעם ערשטן ספור המעשה וועגן דער איבערזעצונג פון דער תורה אין דער גרי־כישער שפראַך — אַ מאַן מיט דעם נאָמען אַריסטעאוס, וועלכער האָט זיך געפונען צווישן דעם קעניגס אינטימסטע פריינט. ער איז זייער באַשיידן געווען און דער קעניג האָט אים זייער ליב געהאַט.

דער דאָזיקער אַריסטעאוס האָט פון לאַנג נאָך שוין געהאַט באַשלאָסן צו בעטן דעם קעניג, ער זאָל לאָזן פריי די אַלע אידן, וואָס האָבן זיך אַלס געפאַנגענע געפונען אין זיין לאַנד. האָט ער געדענקט, אַז איצט, ווען דער קעניג האָט באַשלאָסן איבערצוזעצן די תורה אין גריכיש, איז די פּאַסנדע געלעגנהייט צו בעטן אים וועגן דעם.

האָט ער צוערשט זיך דורכגערעדט וועגן דעם מיט די הויפּט־לינגע פון דעם קעניגס גוואַרדיע, מיט סאזיביוס פון טאַרענטאַ און אַנדרעאוס און צוגערעדט זיי, זיי זאָלן אים אַרויסהעלפן אין דעם, וואָס ער גייט פועלן ביים קעניג.

און ער איז געגאַנגען צום קעניג און געהאַלטן פאַר אים די פאָלגנדע רעדע:

— עס פּאַסט ניט פאַר אונדז, אָ, קעניג, צו פאַרקוקן זאַכן איילדיק, אָדער צו וועלן זיך אָפּנאַרן נאָר צו זען דעם אמת אָפן פאַר זיך. ווייל ווי באַלד מיר האָבן באַשלאָסן מיר זאָלן האָבן די אידישע געזעצגעבונג ניט נאָר איבערגעשריבן, נאָר אויך איבערזעצט, פאַר דיין באַפרידיקונג וועגן, טאָ אויף וואָס פאַר אַן אופן קענען מיר עס טאָן, ווען אַזויפיל אידן געפינען זיך אַלס קנעכט אין דיין מדינה? טו דעריבער, וואָס עס פּאַסט פאַר דיין גרויס, נאָבעל האַרץ און גוּ־טער נאַטור: באַפרייַ זיי פון דער מיזעראַבעלער לאַגע, אין וועלכער זיי געפינען זיך, ווארים דער גאָט, וואָס שטיצט דיין קעניגרייך איז דער שעפער פון זייערע געזעצן ווי איך האָב עס אויסגעפונען נאָך אַ גענויער אונטערזוכונג. וואָרים מיר אַלע, דאָס דאָזיקע פאָלק און אויך מיר, דינען דעם אייגענעם גאָט, וואָס ער איז דער באַשעפער פון אַלצדינג. מיר רופן אים מיט דעם נאָמען זיוואַ*) אָדער לעבן אָדער יופּיטער, און דער דאָזיקער נאָמען פּאַסט זיך, אמת, צו אים. וואָרים ער בלאָזט אַריין לעבן אין אַלע מענטשן.

„און דו וועסט דערמיט גרויס ערע אַרויסווייזן צו גאָט. וואָרים די דאָזיקע מענטשן דינען צו אים מער ווי אַלע אַנדערע אויף גאָר אַ הויכער מדרגה.

„און איצט נאָך ווייטער; כאָטש איך בין ניט פאַרוואַנדט צו זיי ביי געבורט און כאָטש איך בין ניט מיט זיי פון איין לאַנד, פונדעסט־וועגן ווינש איך, אַז עס זאָלן זיי די דאָזיקע טובות געטאָן ווערן, וואָרים אַלע מענטשן זיינען גאָטס באַשעפענישן און גאָט איז צופרידן מיט די מענטשן, וואָס טוען גוטס. איך לייג דעריבער פאָר פאַר דיר די דאָזיקע ביטע מיינע, דו זאָלסט זיי טאָן גוטס.

און ווען אַריסטעאוס האָט דאָס אַלץ גערעדט, האָט דער קעניג געקוקט אויף אים מיט ליבשאַפט און מיט פרייד און געזאָגט: וויפיל צענער טויזנט, דענקסטו, זיינען פאַראַן פון די, וואָס ווילן באַפרייט ווערן. אויף דעם האָט געענטפערט אַנדרעאוס, ווי ער איז געשטאַנען דערביי, און געזאָגט: אַביסל מער ווי צען מאָל צען טויזנט.

*) זעאוס.

און דער קעניג האָט געענטפערט: איז דאָס אַ קליינע מתנה, וואָס דו בעטסט, אַריסטעאוס?*) אָבער סאזיביוס און די איבעריקע, וואָס זיינען געשטאַנען דערביי, האָבן געזאָגט, אַז ער באַדאַרף ברענגען אַזאַ דאַנק מתנה, וואָס זאָל ווערט זיין די גרויסקייט פון זיין נשמה, צו גאָט, וואָס האָט אים געגעבן זיין מתנה.

און דער קעניג איז זייער צופרידן געבליבן מיט דעם דאָזיקן ענטפער און ער האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז ווען זיי וועלן צאָלן די סאָלדאַטן זייערע שכירות, זאָלן זיי אָוועקלייגן צוואַנציק דראַכמעס פאַר יעדן איינעם פון די שקלאַפן. און ער האָט צוגעזאָגט אַרויס־צולאָזן אַ וויכטיקן דעקרעט וועגן דעם, וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט, וועלכער זאָל באַשטעטיקן וואָס אַריסטעאוס האָט פאָרגעלייגט און עס זאָל גאָטס ווילן געשען.

און ביי דעם האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט באַפרייען ניט נאָר די, וואָס זיינען אַוועקגענומען געוואָרן געפאַנגען דורך זיין פאָטער און זיין אַרמיי, נאָר אויך די, וואָס זיינען געווען אין זיין מלוכה פון פריער, און אויך יענע, אויב עס זיינען דאָרטן געווען אַזוינע, וואָס זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן נאָכדעם.

און ווען זיי האָבן געזאָגט אַז דאָס אויסלייז געלט וועט באַטרעפן העכער ווי פיר הונדערט טאַלאַנטן, האָט ער זיי די דאָזיקע סומע באַשטימט.

און אַזוי האָט זיך געלייענט דער דעקרעט וואָס דער קעניג האָט אַרויסגעלאָזט:

„זאָלן די אַלע, וואָס זיינען געווען סאָלדאַטן אונטער אונדזער פאָטער און וואָס, ווען זיי זיינען איבערפאַלן סיריע און פעניציען און חרוב געמאַכט יהודה, האָבן זיי גענומען די אידן געפאַנגען און געמאַכט זיי פאַר שקלאַפן, און געבראַכט זיי אין אונדזערע שטעט און אין דאָזיקן לאַנד און פאַרקויפט זיי דעמאָלט פאַר קנעכט, באַפרייען זיי פון זייער קנעכטשאַפט. אויך אַלע די, וואָס זיינען אין מיין מלוכה פאַר זיי, און אויך די, אויב עס וועלן זיך געפינען אַזוינע, וואָס זיינען לעצטנס געבראַכט געוואָרן אַהער, זאָלן אַרויסגעלאָזן ווערן פריי פון די, וואָס באַזיצן זיי. און זאָלן זייערע באַזיצער אָננעמען הונדערט און צוואַנציק דראַכמעס פאַר יעדן שקלאַף. און זאָלן די סאָלדאַטן קריגן זייער אויסלייז־געלט צוזאַמען מיט זייער געהאַלט, אָבער דאָס

*) אין „אגרת אריסטיאס" לייענט זיך דער דאָזיקער פאַראַגראַף ניט בלשון בתמיה, נאָר בניחותא.

אויסלייז־געלט זאָל געגעבן ווערן פון דעם קעניגס קאָסע. ווארים איך בין זיך משער, אַז זיי זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר שקלאַפן אָן אונדזער פאָטערס הסכמה און קעגן גלייכהייט און אַז זייער לאַנד איז באַליידיקט געוואָרן פון דער שלעכטער באַהאַנדלונג פון די סאָלדאַטן, און דורך דעם ברענגען זיי קיין עגיפּטן, האָבן די סאָלדאַטן געמאַכט גרויסע פּראָפיטן. אויס פליכט דעריבער צו גערעכטיקייט און אויס רחמנות צו די, וואָס זיינען טיראַניזירט געוואָרן אין קעגנטייל צו גלייכהייט, פאַרלאַנג איך פון די, וואָס האָבן אַזוינע אידן ביי זיך אין דינסט, זיי זאָלן זיי לאָזן פריי, ווען זיי וועלן באַקומען די אויבנ־דערמאָנטע סומע פון געלט און אַז קיינער זאָל זיך ניט באַנוצן מיט קיין שווינדל, נאָר פאָלגן אַלץ, ווי עס ווערט באַפעלן.

און איך וויל, אַז זיי זאָלן אַריינגעבן זייערע נעמען אין משך פון דריי טעג נאָך דעם פּובליקירן פון דעם דאָזיקן דעקרעט צו יענע, וואָס זיינען באַשטימט אויף דורכצופירן דאָס אַלעס און אויך צו ברענגען די שקלאַפן פאַר זיי, ווארים איך דענק, אַז דאָס וועט זיין צום גונסטן פון מיינע אַפערן; און זאָל יעדער איינער, וואָס וועט וועלן אינפאָר־מירן אַנטקעגן די וואָס וועלן ניט אויספאָלגן דעם דאָזיקן דעקרעט, און איך וויל ,אַז זייער פאַרמעגן זאָל קאָנפיסקירט ווערן פאַר דעם קעניגס קאָסע".

כ"ג

# לעגענדע און פאַקט

דער באַדייטנדער עלעמענט פון היסטאָרישן ווערט, וואָס די פריער געבראַכטע לעגענדן אַנטהאַלטן אין זיך. — די וואַרשיינלעכקייט, אַז די השגחה פון די סנהדרין אין ירושלים האָט דעם גאַנצן אַקט פון דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה דורכגעפירט. — דער כאַראַקטער פון די ענדערונגען, וואָס די איבערזעצער האָבן געמאַכט אין טעקסט, און די אורזאַכן, וואָס האָבן געפירט דערצו. — די ספּעציעלע וואַכזאַמקייט זייערע, ווען זיי זיינען צו־געקומען צו אַזוינע שטעלן אין דער תורה, וואָס אויבנאויף גענומען קען מען אין זיי הנשמה באַגריפן אַריינטייטשן.

די ערשטע גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה ווערט מיט דעם נאָמען סעפּטואַגענטאַ גערופן שוין פאַר גאָר לאַנגע צייטן. ווי עס ווייזט אויס, האָט זי דעם דאָזיקן נאָמען געקראָגן שוין נאָך גאָר אַ קורצער צייט, וואָס זי איז צושטאַנד געקומען. דאָס באַווייזט אַז אין איר גרונד מאָטיוו, וואָס באַשטייט אין דעם, אַז די איבער־זעצונג איז אויף דעם אָדער אויף יענעם אופן דורך זיבעציק אידישע ארץ ישראל געלערטע געמאַכט געוואָרן ענטהאַלט אין זיך די אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל געבראַכטע לעגענדע וועגן דעם, ווי אַזוי די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה איז צושטאַנד געקומען, אַ באַדייטנדן עלעמענט פון היסטאָרישן אמת.

פאַרשטייענדיק ווי שטאַרק עס האָט געמוזט זיין דער באַגער פון דעם מצרימער אידנטום צו האָבן אַ גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה, פאַרשטעלנדיק זיך, פון וואָס פאַר אַ גרויסער חשיבות די דורכפירונג פון דער דאָזיקער איבערזעצונג האָט געמוזט זיין פאַר זיי, ווי ווייט די דאָזיקע דורכפירונג האָט געמוזט באַטראַכט ווערן פון זיי אַלס אַן אַקט פון גוואַלדיק גרויסער נאַציאָנאַלער באַדייטונג, וויסנדיק ווידער, ווי צוגעבונדן עס זיינען געווען די אַלע פאַרשידענע אידישע ישובים אויסער ארץ ישראל צו ארץ ישראל, ווי אַזוי די אויגן פון אַלע אידן אין דער פרעמד זיינען קיין ארץ ישראל גע־ווענדעט געווען שטענדיק, ווי ווייט אנערקענט עס איז געווען דער אויטאָריטעט פון די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס אין ארץ ישראל אויף

דעם אויסער ארץ ישראלדיקן אידנטום — וויסנדיק דאָס אַלעס איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלן, אַז דער אַקט פון איבערזעצן די תורה אין גריכיש האָט געקענט פאָרקומען אָן דעם אָנטייל בעמען פון דעם העכסטן אויטאָריטעט פון דער נאַציע, פון די סנהדרין, אָן זייער הסכם, אָן זייער השגחה געבן, אַז די אַרבעט זאָל געטאָן ווערן ווי געהעריק, און אָן זייער סאַנקציאָנירן די איבערזעצונג נאָכדעם ווי זי איז פאַר־ענדיקט געוואָרן. מען באַדאַרף דענקען אַז ווען די אומשטענדן האָבן זיך קאָמבינירט פאַר דעם מצרימער אידנטום אויף אַן אופן, זיי זאָלן דערפילן אַ נויטווענדיקייט צו האָבן אַ גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה, האָבן זיי, ווירקלעך, זיך געווענדט צום ירושלימער אידנטום, זיי זאָלן די גאַנצע אַרבעט אונטער זייער פירונג נעמען. מען באַדאַרף דענקען אַז די סנהדרין זיינען עס געווען די וואָס האָבן די גאַנצע אַרבעט אָרגאַניזירט, אַז זייער השגחה האָט דעם גאַנצן אַקט פון דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה דורכגעפירט. זיי האָבן אויס־געקליבן איניקע געלערטע פון צווישן זיך, אָדער פון צווישן די נאָענטע צו זייערע קרייזן און האָבן זיי געשיקט קיין אַלעקסאַנדריען, וואו זיי האָבן צוזאַמען מיט איניקע דאָרטיקע אידישע געלערטע, וואָס האָבן פיל בעסער, ווי די ערשטע, די גריכישע שפּראַך געקענט, מיט דער איבערזעצונג פון דער תורה זיך פאַרנומען. און ווייל עס האָט דער הויכער אויטאָריטעט פון די סנהדרין אויף דער דאָזיקער איבער־זעצונג גערוט, ווייל זיי האָבן מיט דער גאַנצער אַרבעט אָנגעפירט און פון זיי האָט זי איר סאַנקציע געקראָגן, דערפאַר האָט מען זי באַלד מיט דעם נאָמען סעפּטואַגענטאַ אָנגעהויבן צו רופן.

און אויך די אַנדערע מאָטיוון, וואָס הערן זיך אין דער דאָזיקער לעגענדע, אויך זיי טראָגן אויף זיך, וואָס אַמבאַלאַנגט דעם עצם עיקר זייערן, דעם שטעמפּל פון היסטאָרישן אמת.

דער מאָטיוו — ביי דעם דאַמאָלסטדיקן אידנטום — פון אין אַ שיינעם ליכט געשטעלט ווערן דורך דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה פאַר דער גאַנצער וועלט, וואָס איז אַזאַ באַדייטנדער פאַקטאָר געווען אין דער אנטשטייאונג פון דער דאָזיקער דערשיינונג, וואָס האָט אַזוי פיל מיטגעהאָלפן דערצו, מיר זאָלן די גריכישע סעפּטו־אַגענטאַ איבערזעצונג פון דער תורה האָבן, האָט באַדינגט דעם כאַראַק־טער פון דער איבערזעצונג, האָט פאָרגעצייכנט פאַר די איבערזעצער דעם וועג, איבער וועלכן זיי זאָלן גיין, דעם מעטאָד, מיט וועלכן זיי זאָלן זיך באַנוצן אין זייער איבערזעצונג. זיי האָבן געפילט, אַז זיי מוזן ביז צום העכסטן גראַד פאָרזיכטיק זיין אין זייער אַרבעט,

פּאָרזיכטיק זיין ניט נאָר אין דעם זין פון געבן אַ געטרייע איבערזעצונג פון דער תורה, פון איבערצוגעבן פּינקטלעך דעם גאַנצן אינהאַלט אירן, נאָר אויך אין דעם זין, עס זאָל זיך אין איר קיין פּתחון פּה ניט געפינען, די דרויסנדיקע וועלט זאָל ניט קענען געפינען אין דער תורה אַ שמץ דופי אפילו. די שטרעבונגען זייערע, גרויסן רום פאַר דעם אידישן פאָלק דורך דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה צו שאַפן, באַוואונדערונג ביי דער גאַנצער וועלט אַרויסרופן פאַר די געטלעכע שריפטן, וואָס זיי פאַרמאָגן; זייער אומבאַגרענעצטע ליבע צו גאָטס וואָרט, זייער גוואַלדיקע יראת הרוממות פאַר דער תורה, האָט זיי דיקטירט, ניט נאָר אָט יענע פּאָרזיכטיקייט, זיי זאָלן אַלץ דאָרטן, וואו עס איז דאָ דערויף אַ מעגלעכקייט פּינקטלעך, ככתבו, כצורתו איבערזעצן, נאָר אויך אָט יענע — פון קעגנגעזעצטן כאַראַקטער — פּאָרזיכטיקייט, זיי זאָלן אין געוויסע פעלע, דאָרטן, וואו עס איז דאָ דערויף די נויטווענדיקייט, געוויסע ענדערונגען, אָפּנייגונגען פון טעקסט מאַכן. זיי זיינען וואַכזאַם געווען, עס זאָלן זיך אין דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה ניט געפינען קיינע אויסדריקע, קיינע רעדענס אַרטן, וואָס זאָלן קענען שאָקירן דעם גריכישן אינטעליגענט, וואָס זאָלן קענען אַרויסרופן אַ ווידערגעפיל אין אים, וואָס זאָלן זיין קעגן דעם געשמאַק זיינעם, וואָס זאָל ניט זיין אין אָנקלאַנג מיט דעם גריכישן לעבנס שטייגער, מיט די גריכישע זיטן. און נאָך מער האָבן זיי זיך געהיט, עס זאָל דורך דער דאָזיקער איבערזעצונג ניט געגעבן ווערן קיין מעגלעכקייט צו זאָגן, אַז די תורה פּרעדיקט הגשמה.

און אָט אַזוי האָבן זיי זיך פריי געהאַלטן אין זייער איבערזעצונג אין אָט יענע אַלע שטעלן פון דער תורה, וואו עס האָט זיך געפונען אַ ניט פּאַסיק וואָרט, אַ ניט פּאַסיקער אויסדרוק לויט דעם גריכישן געשמאַק, לויט די לעבנס פירונגען פון גריכישן פאָלק, כאָטש דער דאָזיקער אויסדרוק און דאָס דאָזיקע וואָרט זיינען ניט נאָר אין העכסטן גראַד אומשולדיק געווען אין דער העברעאישער שפּראַך, נאָר זיינען אויך אָרגאַניש פאַרבונדן געווען מיט דעם לעבנס שטייגער פון פאָלק, מיט דער נאַציאָנאַלער פּסיכיק זיינער.

און אָט אַזוי האָבן זיי זיך פריי געהאַלטן אין זייער איבערזעצונג אויך אין אָט יענע אַלע שטעלן פון דער תורה, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן גאָט אין אַ הגשמה טערמינאָלאָגיע, כאָטש דער מיין איז כלל ניט אין זיי קיין הגשמה, וואָרים דער גאַנצער אינהאַלט אירער איז נאָר פאָרם, אָבער ניט קיין אינהאַלט; זי איז אין אָנקלאַנג מיט

דעם כאַראַקטער פון די מזרח שפּראַכן, וואָס זוכט שטענדיק זאַפטיקע פאַרביקייט, רעליעפע בילדלעכקייט. זיי האָבן געמוזט די דאָזיקע ענדערונגען מאַכן, ווייל אין דער גריכישער שפּראַך, וועלכע איז אַזוי ווייט אין כאַראַקטער אירן פון דער העברעאישער שפּראַך, וואָלט די דאָזיקע הגשמה טערמינאָלאָגיע געמוזט פאַרשטאַנען ווערן פשוטה־כמשמעה, לויט דעם בוכשטעבלעכן ווערטערלעכן אינהאַלט אירן.

---

וואָס אַמבאַלאַנגט דעם טעקסט פון אגרת אריסטיאה איז פעסט־געשטעלט געוואָרן פון די אַלע פאָרשער, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט דערמיט, אַז דער דאָזיקער דאָקומענט איז אַ געפעלשטער.

דער מחבר שרייבט וועגן זיך גלייך, ווי ער וואָלט אַן עד ראיה געוועזן פון דעם אַלעם, וואָס ער דערציילט. מיר זעען אָבער פון פילע פּרטים וואָס ער גיט אונדז איבער אין דעם דאָזיקן בריוו, אַז דער שרייבער האָט ניט געקענט זיין קיין צייטגענאָסע פון רעם כהן גדול אליעזר, וואָס ער האָט, ווי דער מחבר פון אגרת אריסטיאס דערציילט אונדז, געשיקט געלערנטע פון ארץ ישראל, זיי זאָלן איבערזעצן די תורה אין גריכיש. אויך דער ענין מיט זעקס שלוחים, וואָס דער כהן גדול אליעזר, זאָל האָבן געוועזן געשיקט, ווי אַריסטיאַס דער־ציילט אונדז, צו תלמין, פון יעדן שבט — איז ניט מסוגל צו מאַכן שטאַרק באַגלויבט דעם גאַנצן דאָקומענט. דער שרייבער האָט פאַר־געסן אַז נאָכדעם, וואָס די צען שבטים זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען, אַז נאָכדעם, וואָס פון די אַלע שבטים זיינען נאָר דער שבט יהודה און דער שבט בנימין און די לוויים געבליבן, האָט דער כהן גדול ניט געקענט שיקן קיין זעקס שליחים פון יעדן שבט צו תלמין. מיר זעען, אַז ער האָט אויך ניט געוואוסט, אַז דעמיטריוס איז פאַרטריבן געוואָרן פון מצרים, ווען תלמי פילאַדעלפוס האָט דעם טראָן באַשטיגן.

אויך פון דעם געשפּרעך און פון דעם סטיל פון דעם בריוו איז צו זען, אַז ער איז אַ פּראָדוקט פון אַ שפּעטערער צייט און אַז מיר האָבן דאָ ניט צו טאָן מיט אַן אמתן היסטאָרישן דאָקומענט. דער גאַנצער דאָקומענט איז געשריבן ניט אין דער שפּראַך און דעם סטיל פון דער צייט פון תלמי, נאָר אין דער שפּראַך און אין דעם סטיל, אויף וועלכן עס פלעגן שרייבן און ריידן די אידן אין מצרים פאַר דעם חורבן בית שני. און ביידע בריוו, אי דער בריוו, וואָס דער קעניג האָט געשריבן צום כהן גדול, אי די תשובה פון כהן גדול צום קעניג, זיינען מיט דעם אייגענעם און זעלבן נוסח געשריבן.

מיר געפינען ווידער אויך אַזוינע שטעלן אין דעם דאָזיקן דאָקו־

מענט, פון וועלכע עס זעט אויס, אַז דער מחבר האָט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז ער דאַרף זיך פאַר אונדז שטענדיק אין דער ראָל פון אַריסטיאַס לאָזן ווייזן. אָפטמאָל פאַרגעסט ער זיך און רעדט צו אונדז, ווי ער וואָלט אַן אַנדער פּערזאָן געווען, ניט אַריסטיאַס.

דאָן זיינען פאַראַן נאָך פילע אַנדערע באַווייזן, וואָס דאַרפן אונדז פירן צו דער איבערצייגונג, אַז דער גאַנצער ספור המעשה און די בריוו זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון אַן אַלעקסאַנדריער אידן אויף דעם סמך פון די פאַרשידענע לעגנדן און טראַדיציעס, וואָס האָבן אין אַלעקסאַנדריער אידנטום געלעבט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, און כדי צו וועקן גלויבן און צוטרויען צום ספור המעשה זיינעם, האָט ער זיך אין אַ גרויסן בוים אָנגעהאַנגען און צוגעשריבן אים צו אַריס־טיאַס. ווי פילע אַנדערע געבילדעטע אידן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַלס זייער אויפגאַבע אין זייער לעבן רעספּעקט און ליבע צום אידישן פאָלק און דער תורה זיינער אַרויסרופן, האָבן צו דעם צוועק פאַרשי־דענע אַפּאָלאָגעטישע ווערק געשריבן אויף דעם נאָמען פון פאַרשידענע ניט־אידישע גרויסע פּערזענלעכקייטן, אַזוי האָט אויך דער מחבר פון דעם אגרת אַריסטיאַס אַריינגעלייגט זיינע אייגענע רייד בשבח העם העברי ובשבח תורתו אין מויל פון אַריסטיאַס, כדי זיי זאָלן מער וואָג האָבן ,כדי זיי זאָלן מער איינדרוק מאַכן אויף דעם ניט־אידישן לעזער.

---

סיי ווי אָבער, אויב די אַלע באַפּוצונגען, וואָס געפינען זיך אין „אגרת אַריסטיאַס" אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם הויפּט יסוד זיינעם, מיט דעם, וואָס ווערט דאָרטן דערציילט, ,אַז די תורה איז איבערגעזעצט געוואָרן אין גריכיש אין דער צייט פון תלמי פילאַדעלפוס, זיינען ניט מער ווי לעגענדע, איז אָבער דער עצם תוך אירער ווי מיר האָבן שוין אין אַ פריערדיקן מאָל געזאָגט, געשיכטע.

אין דער צייט פון תלמי פילאַדעלפוס איז די תורה, ווירקלעך, איבערגעזעצט געוואָרן פון העברעאיש אין גריכיש, אויב ניט פון פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך אַליין געציילט צווישן די גרויסע רעליגיעזע פאָרשטייער פון דעם ארץ ישראלדיקן אידנטום, וואָס זיינען אַליין די גדולי חכמי התורה פון זייער דור געווען, איז אַלענפאַלס פון אַזוינע, וואָס זיינען אונטער דעם דירעקטן איינפלוס פון די לעצטע געשטאַנען. ווארים מיר זעען, אַז די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן אין גייסט פון דער מסורה, אין גייסט פון די דערקלערונגען, פון די אויסטייטשונגען, וואָס די חז"ל האָבן געגעבן. אָט אַזוי טייטשט די גריכישע איבערזעצונג

דעם „ממחרת השבת" ניט, ווי די צדוקים און די קראים: אויף מאָרגן פון שבת בראשית, נאָר ווי די חז"ל טייטשן: אויף מאָרגן פון ערשטן טאָג פסח. „ובן אין לו"ביים ענין פון חליצה און יבום טייטשט זי אויך ווי די חז"ל. גלייך, ווי עס וואָלט דאָ שטיין „וזרע אין לו", ניט ווי די צדוקים זאָגן, אַז דער ובן מיינט דאָ דווקא אַ זון. אמת, מיר זעען, אַז דעם פסוק „עין תחת עין" טייטשט זי עין תחת עין ממש. מען קען אָבער פון דעם קיין ראיה ניט ברענגען ניט אויף אַ באַהויפּטונג, אַז די גריכישע איבערזעצונג טייטשט איין פּסוקים קעגן דער טייטשונג פון די חז"ל, ווי אויך ניט אויף אַ באַהויפּטונג, אַז די אויסטייטשונג פון עין תחת עין ממון איז נאָך דאַן ניט באַוואוסט געווען. איבערזעצן עין תחת עין ממון וואָלט שוין הייסן אַרויסגיין אינגאַנצן פון גדר פון איבערזעצן, וואָלט הייסן פאַרבייטן די ווערטער פון טעקסט מיט גאָר אַנדערע ווערטער, געבן דעם פשט אַנשטאָט דעם טעקסט. דאָ איז ניט דער פאַל, ווי אין די ערשטע צוויי ביישפּילן, וואו דער בוכשטעבלעכער זין פון וואָרט איז אומ־באַשטימט און קען אויסגעטייטשט ווערן אויף צוויי אופנים.

און רבי זכריהו פראַנקעל ווייזט אָן אין זיין ספר וועגן די העתקת השבעים, אַז אין פילע פעלע באַזירט זי אויך אויף די מדרשי חז"ל אין ארץ ישראל. עדיין צריך הדבר למודעי אָבער: מי קדם למי? עס איז מעגלעך צו דערלאָזן, אַז די מדרשי חז"ל — האָבן דעם יסוד זייערן אין דער העתקת השבעים.

און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַלעם דאַרף אויך געזאָגט ווערן, אַז מיר פאַרמאָגן ניט קיין פעסטגעשטעלטן זיכערן נוסח פון דער העתקת השבעים. אין פאַרשידענע צייטן זיינען דורך פאַרשידענע מענטשן פאַר פאַרשידענע צוועקן פאַרשידענע ענדערונגען אַריינגע־טראָגן געוואָרן אין איר.

און אָט אַזוי געפינען זיך אין איר אויך מאַנכע שטעלן, וואָס שטימען ניט מיט דער מסורה, וואָס זיינען קעגן דער טראַדיציאָנעלער אויסטייטשונג.

און רבי אייזיק הירש ווייס שרייבט, אַז אומעטום, וואו מיר גע־פינען ,אַז די העתקת השבעים שטימט מיט דער אויסטייטשונג פון די חז"ל, קענען מיר זיין זיכער, אַז מיר האָבן פאַר זיך דעם אָריגינעלן נוסח פון דער איבערזעצונג. דאָרטן אָבער, וואו מיר זעען, אַז זי איז קעגן דער מסורה, איז אַ סימן, אַז מיר האָבן געפעלשטע שטעלן פאַר זיך.

כ"ד

# די העתקת השבעים אין דער תלמודישער ליטעראַטור

דער יערלעכער יום־טוב, וואָס די אידישע באַפעלקערונג אין מצרים פלעגט פראַווען אין דעם טאָג, ווען די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה איז, לויט דער טראַדיציע, פאַרענדיקט געוואָרן. — אין אַ משך פון אייניקע דורות האָט אויך דאָס ארץ ישראל אידנטום באַטראַכט די דערשיינונג פון פאַרמאָגן אַ גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה, אַלס אַ דערשיינונג פון גראַנדיעזער וויכטיקייט. — דער שפּעפערישער כאַראַקטער פון די אוניווערסאַל מיסיאָנישע שטרעבונגען פון אידנטום צו יענער צייט. — די געענדערטע באַציאונגען פון ארץ ישראל אידנטום צו דער איבערזעצונג אין די שפּעטערע דורות.

ווי מיר האָבן שוין געשריבן אין אַ פאָריקן מאָל איז דער אַקט פון איבערזעצן די תורה פון העברעאיש אין גריכיש באַטראַכט געוואָרן פון דעם מצרימער אידנטום אַלס אַן אַקט פון גרעסטער באַדייטונג פאַר זיי, אַלס אַן אַקט, וועלכער האָט באַדאַרפט ברענגען מיט זיך רעאַליזירונג פאַר זייערע העכסטע אַמביציעס, אין צענטער פון וועלכע עס איז געשטאַנען די אַמביציע זייערע אַרויפצוצווינגען אויף דער אויסערער וועלט דעם גלויבן אין דעם געטלעכן אויטאָריטעט פון דער אידישער תורה, דעם גלויבן אין דעם געטלעכן אויטאָריטעט פון העכסטער מאָראַלער שלימות, דעם גלויבן, אַז די אידישע געזעצ־געבונג שטייט איבער אַלעם דעם, וואָס דער מענטשלעכער גייסט קען שאַפן.

און דעריבער איז דער טאָג, אין וועלכן עס איז, לויט דער טראַ־דיציע, די איבערזעצונג פון דער תורה פאַרענדיקט געוואָרן, באַשטימט געוואָרן פון דעם אַלעקסאַנדריער אידנטום אַלס אַ יום טוב, וועלכער פלעגט יערלעך פון די אידישע איינוואוינער אין מצרים מיט גרויס פּאַראַד, מיט פייערלעכן צערימאָניאַל אָפּגעהיט ווערן.

באַזונדערס פלעגט די שמחה פון דעם דאָזיקן יום טוב גרויס זיין אויף דעם אינדזל פעראָס, וואוהין עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען יערלעך אין דעם דאָזיקן טאָג גרויסע מחנות מענטשן פון דעם מצרימער

אידנטום: אין די צייטן נאָך פון פילאָן — אויך דאַן נאָך איז דער דאָזיקער יום טוב, ווי ער אַליין דערציילט — אָפּגעהיט געוואָרן.

און ניט נאָר אין מצרים איז מיט גרויס פרייד פון די אידן דאָרטן אויפגענומען געוואָרן די דערשיינונג פון דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה, אויך דאָס ארץ ישראל אידנטום האָט אין דער דאָזיקער דערשיינונג אַ פּאַסירונג פון גראַנדיעזער וויכטיקייט געזען. אויך זיי האָבן די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה מיט גרויס פרייד אויפגענומען.

וואָרים צו יענער צייט איז נאָך ניט קיין גרויסער — אָדער כמעט גאָר אינגאַנצן קיין אונטערשייד געווען צווישן דעם ארץ־ישראל אידנטום און מצרימשן אידנטום, וואָס אַמבאַלאַנגט דעם פּונקט פון צושרייבן אוניווערסאַל־מעסיאַנישע שטרעבונגען דעם אידנטום. דער אוניווערסאַליזם, וואָס אין עצם עיקר זיינעם, אגב, איז ער שטענ־דיק, שוין אין דער גאָר פריסטער יוגנט נאָך פון אונדזער פאָלק, אַ שאַפנדער פאַקטאָר אין זיין לעבן געווען, דער דאָזיקער אוניווערסאַליזם, וואָס די לעצטע נביאים האָבן מיט אַזוי פיל אונטערשטרייכונג גע־פריידיקט; די מיסיאָן־אידעע, וועלכע האָט, אגב, ניט אויפגעהערט צו באַגלייטן דאָס לעבן פון אידישן פאָלק פון זיין פריסטער יוגנט אָן ביז צום היינטיקן טאָג; די מיסיאָן־אידעע אונטער דער הויפּט ווירקונג פון וועלכער עס איז, מעגלעך, ווי איך וועל עס פּרואוון באַווייזן אין אַן אַנדער פּלאַץ, גאָר אינגאַנצן די פאַרמירונג פון אידישן פאָלק פּראָגעקומען; די דאָזיקע מיסיאָן־אידעע וואָס די לעצטע נביאים האָבן מיט אַזוי פיל פייער, מיט אַזוי פיל קראַפט דעם אידישן פאָלק צוגעשריבן, וואָס האָט ביי זיי העכסטן עקסטאַז אַרויסגערופן — אין העלע, ליכטיקע פאַרבן צו שילדערן בילדער העדלעכע וועגן אידישן פאָלק אַלס דאָס פאָלק, וואָס דאַרף אַן „אור לגויים", אַ מורה דרך לרבים" זיין, וואָס דאַרף זיין לעבנס אויפגאַבע זען אין דעם, עס זאָל דורך אים גאָטס וואָרט צווישן אַלע פעלקער פאַרשפּרייט ווערן — דאָס אַלעס איז לעבעדיקער אינהאַלט געווען דאַן אויך אין די אַספּיראַציעס, אין די שטרעבונגען פון די גייסטיקע פאָרשטייער פון אידישן ישוב אין ארץ ישראל. דער שטרעבונגס אידעאַל זייערער — אין באַצוג צום אידישן פאָלק — פון אַן „עם לבדך ישכון" איז דאַן נאָך אויך ביי זיי האַנט אין האַנט געגאַנגען מיט דעם שטרעבונגס אידעאַל פון „נביא לגויים נתתיך". ווי ביי די לעצטע נביאים איז אויך ביי זיי דער אידעאַל, די שטרעבונג, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל אין דער קעגנוואַרט אָפּגעגרענעצט בלייבן, אָפּגעזונדערט זיך

האַלטן מיט זיין אַרט לעבן, מיט זיינע מאָראַלע פירונגען, מיט זיינע רעליגיעזע אנשויאונגען פון די אַלע אַנדערע פעלקער, באַגלייט גע־וואָרן פון דעם מיט דעם ערשטן האַרמאָניש צונויפגעוואַקסענעם צווייטן אידעאַל, אַז דורך דער דאָזיקער אָפּגעגרעניצקייט, דורך דער דאָזיקער אָפּגעזונדערטקייט זאָל דערגרייכט ווערן דער ציל, אַז אין דער צוקונפט זאָלן די אַנדערע פעלקער אין זייער מאָראַלן לעבנס־שטייגער, אין זייערע רעליגיעזע אנשויאונגען ענלעך צום אידישן פאָלק ווערן.

ערשט אין דער לעצטער צייט, אונטער דעם דרוק פון די שרעק־לעכע רדיפות, פון די שוידערלעכע ענויים, וואָס דאָס אידישע פאָלק איז אונטערגעוואָרפן געוואָרן פאַר זיין שטרעבונג, אַן „עם לבדד ישכון" צו בלייבן, פאַר זיין שטרעבונג פּאָליטיש ניט אונטערדריקט — צום ווייניקסטן — אויף זיין אייגענעם באָדן קענען לעבן, פאַר זיין שטרע־בונג, ער זאָל אומגעשטערט די פאָרשריפטן פון זיין תורה קענען מקיים זיין; ערשט אין דער לעצטער צייט, אונטער דעם דרוק פון די שרעק־לעכע ענויים, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געהאַט אויסצושטיין אין זיין אייגן לאַנד פון אָט יענע פעלקער, וועלכע האָבן געזאָלט זיינע תלמידים זיין, וועלכע האָבן געזאָלט פון אים גאָטס וואָרט לערנען, אונטער דעם דרוק פון דעם העראָאישן מאַרטירער קאַמף, וואָס די אידישע נאַציע האָט געמוזט אָנפירן, זי אַליין כאָטש זאָל קענען גאָטס וואָרט אָפּהיטן; אונטער דערווירקונג ווידער פון דעם — אין ריזיקן מאַסשטאַב — פאַרצווייגטן לעגאַליזם, וואָס איז — אין אַ גרויסער מאָס — אַלס רעזולטאַט פון שונאס רדיפות אַנטשטאַנען, וואָס האָט מיט אַזאַ געדיכטן געוועב די אַלע פאַרשידענע ווינקלען פון אידישן לעבן דורכגעוועבט; אונטער דער ווירקונג פון דעם דאָזיקן לעגאַליזם, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ פּאַסיווער פון דרויסנדיקע פאַקטאָרן פאַראורזאַכטער דערשיינונג אין אַן אַקטיווער פאַראורזאַכנדער, דורך וועלכע עס זיינען פילע אַנדערע מיט איר געקייטלטע, פון איר שטאַ־מענדע דערשיינונגען אַרויסגערופן געוואָרן — אונטער דעם דרוק, אונ־טער דער ווירקונג פון דעם אַלעם זיינען דאַן, אין אָט יענער שפּעטערער צייט, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, די אוניווערסאַל־מעסיאַנישע שטרע־בונגען פון אידנטום פיל אָפּגעשוואַכט געוואָרן ביי די אידן אין ארץ ישראל.

ערשט דאַן האָט זיך צעוואַקסן אין דער קאָנצעפּציע פון אידישן פאָלק וועגן די וועגן, וואָס גאָט האָט פאַר אים אין לעבן געצייכנט, דער מאָמענט פון „עם לבדד ישכון" אויף דעם חשבון פון דעם ביז איצט האַנט אין האַנט מיט אים גייענדן צווייטן מאָמענט: דעם מאָמענט פון

„נביא לגויים נתתיך". די אוניווערסאַל־מעסיאַנישע אידייען האָבן אויפגעהערט שפּילן דאָן אַ באַדייטנדע ראָל אין ארץ ישראל אידנטום; די קאָסמאָפּאָליטישע שטרעבונגען, די קאָסמאָפּאָליטישע האָפנונגען — אויב זיי זיינען ניט דאַן אינגאַנצן פאַרשטויסן געוואָרן פון דער אידייען וועלט, אין דער אַטמאָספערע פון וועלכער דאָס ארץ ישראל אידנטום האָט דאַן געלעבט — האָבן זיי אַלנפאַלס אויפגעהערט צו טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פּראָדוקטיווער, שאַפנדער נאַציאָנאַלער אידייע, פון אַ פּראָדוקטיוון שאַפנדן פאַקטאָר.

און דעריבער האָבן אויך זיי, די אידן אין ארץ ישראל, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, אויפגענומען אין דער ערשטער צייט די איבערזעצונג פון דער תורה אין גריכיש, ווי אַ פּאַסירונג פון געוואַלדיק גרויסער באַדייטונג. זיי האָבן אין דער דאָזיקער פּאַסירונג געזען דעם אָנהויב פון דער פאַרווירקלעכונג פון זייערע העכסטע אַמביציעס, זיי האָבן אין איר געזען אַ וויכטיקן מאָמענט אין לעבן פון אידישן פאָלק, אַ נויטוועג דיקן, וויכטיקן עטאַפּ אין דעם מאַרשירנדן גאַנג פון אידנטום מאַראַליש די וועלט צו באַזיגן.

און עס איז דעריבער אויך גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס צוזאַמען מיט די פּילע מאמרים, וואָס מיר געפינען אין אונדזער אַלטער ליטע־ראַטור, וואָס ריידן בגנותה פון דער גריכישער איבערזעצונג, געפינען מיר אויך פּילע מאמרים, וואָס זיינע מפליגים בשבחה. די דאָזיקע אַלע מאמרים זיינען שאַפונגען פון אַ פּיל פריערן פּעריאָד יאָרן, ווי די ערשטע. זיי שטאַמען פון יענער פריערער צייט, וועגן וועלכער מיר האָבן אויבן גערעדט, פון יענער צייט, ווען די אוניווערסאַל־מעסיאַנישע אידייען, די קאָסמאָפּאָליטישע האָפנונגען זיינען אַ צענט־ראַלער אינהאַלט געווען אין דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון זייערע — פון די אידן אין ארץ ישראל — אידייען, שטרעבונגען, האָפנונגען. אין דעם ערשטן פּעריאָד יאָרן באַלד נאָכדעם, ווי די תורה איז איבער־געזעצט געוואָרן אין גריכיש האָבן אויך די אידן אין ארץ ישראל גלייך מיט דעם גריכישן אידנטום זיך באַטייליקט אין דעם וועבן פון דעם לעגענדאַרן מאַנטל, אין וועלכן די דאָזיקע פּאַסירונג איז איינגע־הילט, ווארים אויך זיי זיינען דאַן שטאַלץ געווען אויף דעם, וואָס די תורה איז איבערגעזעצט געוואָרן אין גריכיש, און ניט ווייניקער ווי די אידן אין מצרים, האָבן אויך זיי טרייסט, מוט און האָפנונג פאַר זייערע בעסטע אַמביציעס אין דער דאָזיקער פּאַסירונג געפונען.

עס זיינען אָבער נאָר אַ פּאָר דורות אַוועקגעגאַנגען פון זינט אָן די תורה איז איבערגעזעצט געוואָרן אין גריכיש, און שוין זיינען

געענדערט געוואָרן די באַציאונגען פון דעם ארץ ישראל אידנטום צו דער דאָזיקער איבערזעצונג.

און די דאָזיקע ענדערונג איז ניט נאָר אין דעם באַשטאַנען, וואָס צוליב דעם, וואָס אין יענער צייט האָבן שוין מיסיאָנערע אויפגאַבן, מעסיאַנישע שטרעבונגען — אין דעם זין, דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך אַלס משיח פאַר די אַנדערע פעלקער באַטראַכטן, דורך וועלכן עס זאָל צו זיי גאָטס וואָרט דערגרייכן — געהאַט אויפגעהערט אַזאַ צענטראַלן אָרט, ווי פריער, ביי דעם ארץ ישראל אידנטום צו פאַרנעמען, וואָס זיי האָבן שוין אויפגעהערט צו שפּילן ביי זיי די ראָלע פון אַזאַ באַדייטנדן שאַפנדן פאַקטאָר, ווי פריער, האָט די אויבנ־דערמאָנטע באַציאונג במילא דאַן געמוזט אויפהערן אַ פּאָזיטיווע צו זיין, נאָך אויך אין דעם, וואָס די דאָזיקע באַציאונג איז פון אַ פּאָזי־טיווער אין אַ נעגאַטיווער פאַרוואַנדלט געוואָרן. אויב זי האָט אונטער דער ווירקונג פון די אויבנדערמאָנטע אורזאַכן אויפגעהערט אַ פּאָזי־טיווע צו זיין, איז זי אונטער דער ווירקונג פון נאָך אַנדערע פאַקטאָרן אַ נעגאַטיווע געוואָרן.

אין דער צייט פון די חשמונאים, ווען דורך דער פאַררעטערישער טעטיקייט פון די מתיוונים איז שיעור ניט גאָר איינגאַנצן די אידישע נאַציע פון דער וועלט אומגעבראַכט געוואָרן, ווען דער יאָך פון דעם בלוטיקן אַנטיוכוס עפּיפאַנוס האָט זיך מיט אַזאַ מערדערלעכער אכזריות טיף אין אידישן לייב איינגעגראָבן, האָבן פילע גרופּן פון די אידן אין ארץ ישראל אָנגעהויבן פילן האַס, פאַראַכטונג צו דער גריכישער שפּראַך, די שפּראַך פון די באַדריקער פון אידישן פאָלק, זיינע פייני־קער, וועלכע האָבן געשטרעבט דערצו — ניט נאָר די אייגענע שפּראַך זיינע צו פאַרטיליקן, נאָר פון אַלע זיינע הייליקטימער אים צו באַרויבן, איינגאַנצן פון דער וועלט אַלס באַזונדער פאָלק אים אומברענגען.

און דעריבער איז פּונקט ווי עס האָבן פריער די אידן אין ארץ ישראל גרויס נחת רוח געהאַט דערפון, וואָס זיי האָבן געזען זייער הייליקע תורה אין דער גריכישער שפּראַך איבערזעצט, אַזוי האָבן זיי איצט גרויס צער געהאַט דערפון, וואָס דאָס הייליקסטע פון אַלעם דעם, וואָס איז הייליק ביי זיי, געפינט זיך אין דער פאַראַכטעטער, פאַרהאַסטער פון זיי שפּראַך פון זייערע פייניקער, פון זייערע באַדרי־קער, וואָס האָבן עס פאַר זייער בלוטיקער אויפגאַבע געמאַכט אין טייכן בלוט — צו דערטרינקען די שטרעבונגען זייערע, זייער לעבן לויט די פאָרשריפטן פון דער תורה צו פירן.

און די ווייטערע אַנטוויקלונגען אין אידישן לעבן האָבן אַרויסגע־

בראַכט נאָך פילע אַנדערע וויכטיקע מאָטיוון, די באַציאונג צו דער גריכישער איבערזעצונג זאָל זיך נאָך מער ענדערן צום ערגערן ביי איניקע גרופּן פון די גייסטיקע פאָרשטייער פון ארץ ישראל אידנטום. די תורה שבעל פה איז מיט דער צייט אויף אַ ריזיקן מאַסשטאַב פאַר־צווייגט געוואָרן און אירע הויפּט יסודות זיינען געווען אסמכתות אויף דער תורה, שפּראַכלעכע און לאָגישע אַנאַליזן אין די פאָרשריפטן אירע, פאַרשידענע אויסטייטשונגען פון די פסוקים, אַלערליי דיוקים אין די ווערטער זייערע, ווי אַמאָל אויך אין די אותיות. די תורה שבעל פה איז אַזוי אַרום אַן אומטיילבאַרער טייל פון דער תורה שבכתב געוואָרן. זיי זיינען ביידע האַנט אין האַנט געגאַנגען. אין דער גרי־כישער איבערזעצונג אָבער האָט די תורה שבעל פה אין די אויבנ־דערמאָנטע יסודות אירע געמוזט איינגאַנצן אויסער דער תורה שבכתב בלייבן, ניט נאָר צוליב דעם, וואָס דער כאַראַקטער פון דער גריכישער שפּראַך איז אַזוי אַנדערש פון דער העברעאישער שפּראַך, ניט נאָר דערפאַר, ווייל עס איז בכלל אוממעגלעך אָנצוהענגען די אַלע דרושים, די אַלע דיוקים, וואָס מען קען אָנהענגען אין די רייד פון דער תורה אין איר העברעאישן אָריגינאַל, אין די רייד אירע, ווען אין אירגענד וועלכער אַנדער שפּראַך איבערזעצט, ספּעציעל נאָך אין אַזוינע שפּראַכן וואָס שטייען מיט דער העברעאישער שפּראַך אין קיין שום פאַר־וואַנדשאַפט ניט, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס פילע קאָפּיעס איבער־געשריבן פון דעם אָריגינעלן טעקסט פון דער גריכישער איבערזעצונג זיינען וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרגרייזט געוואָרן, וואָס ווייטער האָבן זיי זיך אַלע מער אונטערשיידט פון דעם העברעאישן טעקסט.

וואָרים, טראָץ דעם, וואָס די אַלעקסאַנדריער אידן האָבן אויף זיך מיט אַ שבועה גענומען, זיי זאָלן קיינע ענדערונגען ניט מאַכן אין דער פון זיי אַדאָפּטירטער ערשטער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה, איז דער גריכישער טעקסט פון דער תורה כלל ניט מיט אַזאַ זאָרגפעליקייט, מיט אַזאַ יראת הרוממות אָפּגעהיט געוואָרן פון די איבערשרייבער, ווי דער העברעאישער טעקסט פון דער תורה איז פון זיינע איבערשרייבער אָפּגעהיט געוואָרן.

דערצו נאָך — שרייבט גרעץ — איז די גריכישע איבערזעצונג, וואָרשיינלעך, באַנוצט געוואָרן פון די פאָלקס־פּרעדיקער אין די שבתים, ווי אויך אין די אַנדערע היילקע טעג, און זיי האָבן זיך גענומען די פּריווילעגיע, אין אָנקלאַנג מיט זייער געשמאַק, מיט זייערע אָנשוי־אונגען און נייגונגען צו מאַכן אין טעקסט וואָס נאָר פאַר אַ ענדערונגען זיי האָבן געפונען פאַר נויטיק.

ניט זיינען די הלכות פון דער תורה שבעל פה, ווי אויך דער מדרש ההלכה, צווישן די ברייטע שיכטן פון פאָלק פאַרשפּרייט געוואָרן, ווי דאָס פלעגט געטאָן ווערן אין ארץ ישראל דורך די פאָלקס לערער, ווען זיי האָבן געלערנט די תורה מיט זייערע צוהערער, וואָרים, ווייל זיי האָבן געלערנט די תורה מיט זייערע צוהערער אויף העברע־איש, האָבן זיי געהאַט די מעגלעכקייט איבערגעבן זיי — די תלמידים זייערע — די הגדרות, די הגבלות פון די חכמי התורה אין באַצוג צו די אָדער יענע פון זיי דאָן געלערנטע פאַרשריפטן פון דער תורה, ווי אויך די נייע הלכות אָדער תקנות, וואָס זיינען מיט די ערשטע נתחדש געוואָרן — און על פי רוב זיינען נאָר צוליב דעם צוועק אויך די פסוקים פון דער תורה איינגעחזרט געוואָרן, כדי זיכער צו מאַכן דורך זיי דאָס געדענקען פון די הלכות, וואָרים זיי האָבן געוואוסט, ווי אָנצוהענגען אין די אָדער יענע פסוקים די הלכה המקובלת דורך אַן איבעריק וואָרט אין פסוק אָדער דורך אַ וואָרט, וואָס זיין גלייכן געפינט זיך אויף אַן אַנדער אָרט:*) ניט, אַלזאָ, זיינען די הלכות פון דער תורה שבעל פה, ווי אויך דער מדרש ההלכה צווישן די ברייטע שיכטן פון פאָלק אין מצרים פאַרשפּרייט געוואָרן, און ניט ווידער זיינען גאָר אינגאַנצן אויפגעקומען דאָרטן גרויסע חכמי תורה אין אַ באַדייטנדער צאָל, וואָס זאָלן דעם שטודיום אין דער תורה אויף דעם אופן, ווי דער דאָזיקער שטודיום איז אָנגעגאַנגען אין ארץ ישראל, פאַר זייער לעבנס־באַשעפטיקונג מאַכן.

עס איז דעריבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס אין יענע צייטן, ווען די תורה שבעל פה איז געוואָרן דער קוואַל, וואָס האָט עקזיסטענץ און לעבן דעם אידישן פאָלק משפיע געווען, דער רוקן־ביין אין דער גאַנצער לעבנס־פירונג פון דער אידישער נאַציע; עס איז דעריבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס אין יענע צייטן, ווען די תורה שבעל פה איז אין אַזאַ גרויסער מאָס „מתאחים שאינם נקרעים" מיט דער תורה שבכתב געוואָרן, ווען די תורה שבכתב איז אַזוי אָרגאַניש מיט דער תורה שבעל פה צענויפגעוואַקסן געוואָרן, אַז זי האָט נאָר אין דער ערגענצונג פון דער לעצטער געקענט געפונען ווערן; עס איז דעריבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס עס האָט זיך געקענט אַ ביטער געפיל אַנטוויקלען אין יענע צייטן ביי פילע פון די גייסטיקע פאַר־שטייער פון אידישן פאָלק אין ארץ ישראל צו דער גריכישער איבער־זעצונג, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די תורה אונדזערע זאָל ביים אַלעקסאַנדריער אידנטום קיין תורה שלימה ניט זיין, אַז די תורה שבעל

*) שי״ר אין ערך מלין.

פה זאָל דאַרטן ניט בליען קענען, ניט קענען וואַקסן, אַז די אידן אין מצרים זאָלן אין די ברייטסטע שיכטן זייערע פרעמד פון איר בלייבן.

---

און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן ביז איצט געזאָגט, וועלן מיר ברענגען אַ שיינע לעגענדע, אין וועלכער עס ווערט גערעדט וועגן דעם ענגן, אָרגאַנישן צוזאַמענבונד, וואָס עקזיסטירט צווישן דער תורה שבכתב און דער תורה שבעל פה, די באַהאַלטענע כונה פון וועלכער איז אַרונטערצואוואַרפן דעם ווערט פון דער גריכישער איבערזעצונג צוליב דעם מאָטיוו, וואָס זי האָט ניט געקענט געבן קיין אָרט צו די אַלע פאַרשיידענע אויסטייטשונגען, צו דעם גאַנצן הלכה דרש, וואָס זיי זיינען דער וויכטיקסטער עלעמענט פון דער תורה שבל פה.

האָט רבי יהודה בר׳ שלום — לייענט זיך די דאָזיקע לעגענדע, ווי זי ווערט איבערגעגעבן אין תנחומא „כי תשא" — געזאָגט: ווען גאָט האָט געזאָגט צו משהן: שרייב דיר די תורה, האָט משה געוואָלט, אַז די משנה זאָל אויך זיין בכתב. גאָט האָט אָבער פאָראויסגעזען, אַז די אומות העולם וועלן איבערזעצן די תורה, זיי וועלן זי לייענען אין גריכיש און וועלן זאָגן: מיר זיינען אידן. דעריבער האָט גאָט געהייסן ניט פאַרשרייבן די משנה. ער האָט דערנאָך געזאָגט צו די גויים: איר זאָגט, אַז איר זענט מיינע קינדער, איך וויים ניט. אָט לאָמיר זען. נאָר די, וואָס מיינע מיסטעריען זיינען ביי זיי, נאָר זיי זיינען מיינע קינדער. און וואָס זיינען עס די דאָזיקע מיסטעריען? די משנה. הקדוש ברוך הוא האָט געזאָגט צו אים, צו משהן: וואָס ווילסטו, אַז די משנה זאָל זיין בכתב. וואָס זשע וועט דעמאָלט זיין דער אונטערשיד צווישן די אידן און די גויים? נאָר וואָס דען, גיב זיי מקרא בכתב און די משנה בעל פה.

און מיט געוויסע ענדערונגען, דורך וועלכע עס ווערט נאָך שאַרפער, בולטער אונטערגעשטראָכן די באַהאַלטענע כוונה אירע, ווערט די דאָזיקע לעגענדע איבערגעגעבן אין „מדרש" רבה", „כי תשא".

בשעת הקדוש ברוך הוא האָט זיך אַנטפּלעקט — לייענט זי זיך דאָרטן — אויף דעם באַרג סיני, ער זאָל געבן די תורה צו די אידן, האָט ער זי געזאָגט צו משהן על הסדר: מקרא ומשנה, תלמוד ואגדה, ווי עס איז געזאָגט געוואָרן — שמות כ׳ — וידבר אליהם את כל הדברים האלה. אפילו דאָס, וואָס דער תלמיד פרעגט דעם רבין, האָט הקדוש ברוך הוא געזאָגט צו משהן באותה שעה, און נאָכדעם, ווי

ער האָט דאָס אַלץ געלערנט פון מויל פון הקדוש ברוך הוא, האָט ער געזאָגט צו אים: לערן זי צו די אידן. האָט ער געזאָגט צו אים: רבונא של עולם: איך וועל זי פאַר זיי אויפשרייבן. האָט ער צו אים געזאָגט: איך וויל זי זיי ניט געבן בכתב, ווייל עס איז אַנטפּלעקט פאַר מיר, אַז די אומות העולם וועלן שולט זיין אויף זיי און צונעמען זי פון זיי. נאָר וואָס דען? דעם מקרא וועל איך זיי געבן געשריבן און די משנה, דעם תלמוד און די אגדה וועל איך זיי געבן בעל פּה, כדי, אַז ווען עס וועלן קומען די אומות העולם, וואָס איר וועט זיין אונטערוואָרפן אונטער זיי, זאָלן זיי אָפּגעשיידט פון זיי זיין.

כ״ח

# דער מדרש האגדה אין אַלעקסאַנדריע

דער אונטערשייד צווישן דעם מדרש האגדה אין מצרים און אין ארץ ישראל. — די אומגעלומפּערטע דרשות של דופי, וואָס די אידישע אַלעגאָריקער אין אַלעקסאַנדריע האָבן אָנגעהאַנגען אין די רייד פון דער תורה. — אייניקע פון זיי זיינען אויף אַזוי וויט געגאַנגען, אַז זיי האָבן אויך בנוגע צו די מצוות אירע גאָר אינגאַנצן דעם פשט פאַרוואָרפן. — ניט אין זייער גשמיותדיקער פאָרם — האָבן זיי געפּרעדיקט — באַדאַרף מען מקיים זיין די מצוות, נאָר אין זייער רוחניותדיקער. — דער איינפלוס פון די גריכישע אַלעגאָריסטן אויף די אידישע אַלעגאָריסטן אין אַלעקסאַנדריע.

מיט דעם לויף פון דער צייט האָט זיך די צאָל פון די אורזאַכן, וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה זאָל ארויסרופן אַן אומצופרידנקייט, אַ פאַרביטערטקייט ביי פילע פון די גייסטיקע פאַרשטייער פון ארץ ישראל אידנטום זאָל זיך אַלץ מער פאַרגרעסערן.

אויב אין אַלעקסאַנדריע האָבן זיך די אידישע אינטעלעקטואַלן ניט באַשעפטיקט מיט דערקלערן, אויסטייטשן די תורה, כדי ממצה את עומק הדין זיין בנוגע די פאַרשריפטן אירע, כדי וויסן געגוי, ווי אַזוי צו מקיים זיין די אַלע מצוות, וואָס זי שרייבט פאָר, האָבן זיי זיך דאָרטן שפּעטער מיט דעם אַלעם — מיט דעם ענין פון פאַרשידענע אויסטייטשונגען, פאַרשידענע דערקלערונגען דער תורה געבן — ניט ווייניקער, ווי אין ארץ ישראל באַשעפטיקט. אויב דער מדרש ההלכה האָט דאָרטן זיך ניט אַנטוויקלט, האָט דאָרטן ניט געבליט, האָט זיך דאָרטן דער מדרש האגדה, אַן אייגנאַרטיקער מדרש אגדה, וואָס איז אַזוי וויט געווען אין זיינע צילן, אין זיין כאַראַקטער פון דעם מדרש האגדה אין ארץ ישראל, יאָ אַנטוויקלט.

די אידן אין אַלעקסאַנדריען האָבן זיך פיל אָפּגעגעבן מיט דער גריכישער ליטעראַטור, מיט די אַלגעמיינע וויסנשאַפטן, ספּעציעל מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע. די לערן פון די גרויסע גריכישע פילאָ־

זאָפן זיינען פון די אידישע געלערטע אַלס תורת אמת באַטראַכט געוואָרן, אַלס געטלעכע וואַרהייטן. און נאָך גרעסער איז זייער ליבע געווען צו גאָטס וואָרט, וואָס ער האָט דורך די אידישע נביאים צו זיין פאָלק געשיקט. נאָך מער אומצווייפלבאַרער אמת איז ביי זיי די תורה געווען. און אָט אַזוי איז ביי זיי אַנטשטאַנען דאָס פּראָבלעם די דאָזיקע צוויי אמתן, דעם פילאָזאָפישן אמת, די פילאָזאָפישע לערן, וואָס זיי האָבן פון די גרויסע גריכישע פילאָזאָפן געלערנט, און דעם געטלעכן אמת, וואָס איז אין דער תורה פאַרקערפּערט, אין האַר־מאָניע ברענגען, שלום און אחדות צווישן זיי שאַפן, עס זאָל צווישן זיי קיין קאָנפליקט ניט זיין, זיי זאָלן קענען אַלס איין און דאָס זעלבע באַטראַכט ווערן.

און אָט אַזוי אַרום איז אַ גאַנצער מדרש אגדה אַנטשטאַנען ביי די אַלעקסאַנדריער אידן, וואָס זיין צוועק, זיין ציל איז געווען אַריינ־טייטשן די פילאָזאָפישע לערן, די אָנגענומענע פילאָזאָפישע אָדער וויסנשאַפטלעכע אמתן אין דער תורה.

און צו דעם צוועק האָבן זיי ניט וויניקער, ווי אין ארץ ישראל, די פּסוקים געקנייטשט, די ווערטער אַנאַליזירט, מיט דעם אונטערשייד נאָר, וואָס דאָרטן, אין ארץ ישראל, האָט מען אָפּערירט מיט דעם אַלעם לשם חזוק היהדות, כדי מען זאָל קענען געניי גאָטס פאַרשריפטן פון דער תורה מקיים זיין, כדי גאָטס וואָרט זאָל דורך דעם קלאָר, פאַרשטענדלעכער אַרויסקומען, דאַן, ווען דאָ, אין מצרים, האָט מען אָפּעריר׳ט מיט דעם אַלעם לשם חזוק הפלוסופיה, עס זאָל דער פילאָ־זאָפישער אמת פון מויל פון גאָטס וואָרט אַרויסריידן.

מיט דעם אונטערשייד נאָר, וואָס דאָרטן אין ארץ ישראל, זיינען די רייד פון דער תורה, ווי זיי זיינען געגעבן געוואָרן אין זייער אָרי־גינעלן טעקסט, געווען דער אָביעקט פון די שפּראַכלעכע אַנאַליזן, פון די אויסטייטשונגען, דערקלערונגען, מיט וועלכע די חכמי התורה אין ארץ ישראל האָבן זיך באַשעפטיקט, וואָס דורך דעם, איז קאָנטראָ־לירט געוואָרן, אַז דאָס אַלעס זאָל געטאָן ווערן אין אָנקלאַנג מיט דעם כאַראַקטער, מיט דעם גייסט פון דער שפּראַך, דאַן, ווען דאָ, אין מצרים, זיינען די אָביעקטן פון דעם אַלעם געווען די רייד פון דער תורה, ווי זיי זיינען אין דער גריכישער איבערזעצונג איבער־געגעבן געוואָרן, וועלכע האָבן דערצו נאָך אָפטמאָל מיט דעם העברע־אישן טעקסט ניט געשטימט.

מיט דעם אונטערשייד נאָר, וואָס דאָ אין מצרים האָבן זיך באַשעפ־טיקט מיט דעם אַלעם מענטשן, וואָס זיינען אין בעסטן פאַל קנאַפּע

ידענים געווען אין דער העברעאישער שפּראַך און דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן די תורה טאַקע נאָר פון דער גריכישער איבערזעצונג געקענט. דאַן, ווען דאָרטן, אין ארץ ישראל, זיינען די דאָזיקע אַלע שפּראַכלעכע אַנאַליזן, דערקלערונגען, אויסטייטשונגען פון דער תורה געמאַכט געוואָרן פון מענטשן וואָס זיינען אויסגעצייכנטע קענער געווען פון דער העברעאישער שפּראַך, וואָס ביי פילע פון זיי איז זי זייער מוטער־שפּראַך געווען, און פילע פון זייערע דעפיניציאָנען בנוגע די פאָרשריפטן פון דער תורה, פילע פון זייערע הגבלות, היקשים, גזרות שוות, ווי אויך נייע אַרויסגעבראַכטע פון די פאָרגעשריבענע אין דער תורה דינים, הלכות, זיינען ניט נאָר בתורת אסמכתא אָנגעהאַנגען אויף יענע אַלע שפּראַכלעכע אַנאַליזן, אויסטייטשונגען, דערקלערונגען, נאָר די דאָזיקע אַלע שפּראַכלעכע אַנאַליזן, אויסטייטשונגען, דערקלערונגען זיינען דער באַזיס זייערער, דער צום לעבן אַרויסרופנדער פאַקטאָר זייערער.

וואָרים נאָך אַן אינטענסיוון איינטיפן זיך אין די רייד פון דער תורה, נאָך אַן אַנאַליזירנדן צעגלידערן דעם ריכטיקן מיין זייערן, נאָך אַ גענויען אָפּשטעלן זיך אויף דעם עטימאָלאָגישן זין, אויף דעם סינטאַקסיסטישן געבוי פון זאַצן, פון די ווערטער, מוז מען קומען אין די מערסטע פעלע צו די זעלבע מסקנות, צו וועלכע די חכמי התלמוד קומען אויף דעם סמך פון דעם מדרש ההלכה זייערן, וואָס זיי ווענדן אָן אין באַצוג צו זיי.

און אָט אַזוי האָבן פילע אידישע געלערטע אין אַלעקסאַנדריען פילע דרשות של הבל אומגעלומפּערטע — אומגעלומפּערט מצד דעם פאַר־זוך מיט דער תורה אין שייכות זיי צו ברענגען — אָנגעהאַנגען אין די רייד פון דער תורה, ווי זיי האָבן זי געהאַט פאַר זיך אין דער גרי־כישער איבערזעצונג, פילע דרשות של הבל, וואָס וואָלט פאַר זיי בשום אופן ניט מעגלעך געווען זיי אָנהענגען אין דער תורה, ווען זיי וואָלטן זיך געווען באַנוצט מיט דעם העברעאישן טעקסט, פילע דרשות של הבל, וואָס זעען ביז צום העכסטן גראַד אויס לעכערלעך, ווען מיר נעמען זיי ניט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גריכישער איבער־זעצונג פון דער תורה, נאָר מיט דעם העברעאישן אָריגינאַל.

אמת אויך אין ארץ ישראל האָט זיך אַ מדרש אגדה, באַזירט אויף די פּסוקים פון דער תורה, אַנטוויקלט, דורך וועלכן עס זיינען מוסר ומידות און אמונות ודיעות געפּריידיקט געוואָרן. דער כאַראַקטער אָבער פון דעם מדרש אגדה איז גאַנץ אַנדערש געווען פון דעם מדרש האגדה אין אַלעקסאַנדריען. דער צוועק פון דעם דאָזיקן מדרש אגדה

איז געווען לחזק את לב ישראל באמונת השם, מדות טובות אין זיי איינצופלאַנצען. ער איז אָבער ניט, ווי דער אַלעקסאַנדריער מדרש אגדה אַ „כלי עמילן" פאַר דער תורה פון די פילוסופי יון געווען. אויסער דעם איז ער דאָרט געווען אַ נעבן זאַך. דער עיקר איז געווען דער מדרש ההלכה. נאָך מער, ער האָט קיינמאָל ניט פּרעטענדירט צו אַנטהאַלטן אין זיך דעם אמתן פשט פון פסוק; די פּסוקים און די אויסטייטשונגען זיינע זיינען פון אים נאָר אַלס אַן אסמכתא געגעבן געוואָרן פאַר די געדאַנקען, וואָס ער האָט אַנטוויקלט, פאַר די אידייען, וואָס ער האָט געפּרעדיקט. ער איז שטענדיק אין דער באַגלייטונג פון דעם „מובן מאליו", אַז „אין מקרא יוצא מידי פשוטו" געגאַנגען. דערצו נאָך איז ער דאָך קיינמאָל ניט אויף אַ צו ווילדן אופן אין פסוק אַנגעהאָנגען געוואָרן. דער מדרש האגדה אָבער איז אַלעקסאַנדריען האָט זיך שטענדיק אַלס פשוטו של מקרא אויסגעגעבן. און האָט זיך אין זיין פאַרזוך עטישע און פילאָזאָפישע אמתן אין דער תורה אַריינצוטייטשן אויף ווילדע און אומגעלומפּערטע וועגן אַוועקגעלאָזט.

געננוג אילוסטראַציעס צו דעם, וואָס מיר האָבן אָט ערשט פריער געשריבן וועגן דעם, ווי אַזוי פילע פון די דרשות, וואָס זיינען פון די אידישע געלערטע אין אַלעקסאַנדריען אויף דער תורה געדרשנט געוואָרן, מוזן אַן יעדער אחיזה בלייבן — אַפילו על דרך האסמכתא, אַפילו אַלס דרש — ווען זיי זאָלן אָנגעהאַנגען ווערן אין דעם אָריגינעלן טעקסט, ניט אין דעם איבערזעצטן, געפינען מיר אַפילו ביי דעם גרעסטן און בעסטן פון די אַלעקסאַנדריער אידישע אַלעגאָריסטן, ביי פילאָן האלכסנדרוני.

אין זייער שטרעבונג, וואָס געטרייער צום העברעאישן טעקסט אין זייער איבערזעצונג זיך האַלטן, וואָס מער דעם גייסט פון אָריגינאַל איינצוהיטן, האָבן די איבערזעצער פון דער תורה אין איר — אין זייער איבערזעצונג — פילע העברעאיזמען אַריינגעטראָגן. זיי האָבן אין פילע ערטער יעדן וואָרט אין זיין אורשפּרינגלעכן הויפּט אינהאַלט איבערזעצט און ניט דעם מיין זיינעם, צוגעפּאַסט צו דער שטעלע, אין וועלכער דאָס דאָזיקע וואָרט געפינט זיך. עס איז פאַר זיי אויך ווייניק געווען, ווען זיי זיינען צוגעקומען צו אַן אייגנטימלעכן העברעאישן אויסדרוק איבערצוגעבן נאָר דעם אינהאַלט זיינעם אין אַ וועג, וואָס איז אין אָנקלאַנג מיט דעם גייסט פון דער גריכישער שפּראַך. זיי האָבן איבערגעזעצט דעם אויסדרוק בוכשטעבלעך אַזוי, אַז ער האָט געמוזט קלינגען אומנאַטירלעך אין דער איבערזעצונג.

און ניט וויסנדיק, אַז די אומנאַטירלעכקייטן, די דאָזיקע זאַנדער־

באַרקייטן זיינען אַ רעזולטאַט פון ניט קאָרעקטער איבערזעצונג, פון אַריינטראָגן פרעמדע אייגנטימלעכקייטן אין דער גריכישער שפּראַך, האָבן זיי, די אַלעקסאַנדריער אידישע אַלעגאָריקער, געבויט גאַנצע חקירות אויף דעם סמך פון די דאָזיקע זאַנדערבאַרקייטן, אַננעמענדיק, אַז די שפּראַכלעכע ניט גלאַטיקייטן געפינען זיך אויך אין העברע־אישן טעקסט.

און אַט אַזוי באַמערקט פילון אויף דעם אויסדרוק „במסלה נעלה" אין במדבר כ׳ י"ט — דאָס לעצטע וואָרט פון וועלכן איז איבערזעצט אין דער „העתקת השבעים" ניט אין זין פון גיין, נאָר ווערטלעך, אין זין פון עליה, פון שטייגן, פון אויפהויבן זיך, אין אַ וואָרט, אַלזאָ, וואָס ווערט געוויינלעך ניט באַנוצט אין דער גריכישער שפּראַך, אויף צו באַצייכענען דעם פּשוטן באַגריף פון גיין, ווי דאָס ווערט אין העברעאישן געטאָן: „מיר וועלן זיך דערהויבן אין אונדזערע גע־דאַנקען".

און ביי דעם אויסדרוק „מות ימות", אין פּסוק „מכה איש ומת, מות ימות", וואָס איז דער אייגנטימלעכער כאַראַקטער פון העברעאיש צו שטעלן דעם מקור אין אַזוינע פעלע פאַר דעם פּעל בזמן, פאַר דעם דרך המוחלט ביי דעם דאָזיקן אויסדרוק, וועלכן די „העתקת השבעים" האָט ניט נאָר אין דעם לעצטן עיקר וואָרט זיינעם אַליין איבערזעצט: „ער זאָל געטויטעט ווערן", נאָר אין די ביידע ווערטער זיינע: „מיט טויט זאָל ער געטויטעט ווערן" — לאָזט ער זיך אַריין) אין פאָלגענדער לענגלעכער חקירה: „היות איך ווייס, אַז אין דער תורה איז קיין איין איבעריק וואָרט אַפילו ניט פאַראַן, האָב איך איר כוונה דאָ ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס זי זאָגט דאָ, אַז דער וואָס הרגעט במזיר דאַרף מיט טויט געטויטעט ווערן*) וואָרים אויף וואָס פאַר אַן אַנדער אופן דען קען איינער געטויט ווערן, אויב ניט דורך טויטן אים. בין איך צו אַ קלוגער פרוי **) געגאַנגען, און זי האָט מיין גייסט באַלויכטן און מיינע אויגן האָבן זיך מיר געעפנט צו זען אַז אויך פילע פון די לעבעדיקע זיינען טויטע — און די טויטע זיינען לעבעדיק. וואָרים די רשעים, כאָטש זיי זיינען מאריך ימים, זיינען געגליכן צו טויטע, ווייל עס פעלט זיי דאָס גייסטיקע לעבן. די צדיקים אָבער, אַפילו, ווען זיי זיינען טויט, ווערן זיי אַלס לעבעדיקע מענטשן פאַררעכנט, וואָרים

---

*) אין אמתן האָבן די מעתיקים מקפיד געווען אויף דאָס וואָרט מות איבער־זעצן, כדי עס זאָל קלאָר זיין, אַז די מיתה דאָ ווערט געמיינט בידי אדם, ניט בידי שמים.

**) צו דער חכמה.

אַז די נשמה זייערע שיידט זיך אַפילו אָפּ פון גוף זעצט זי פאָרט צו לעבן אַן אומשטערבלעך און אייביק לעבן.*)

און ניט נאָר אין באַצוג צו איינצלנע פסוקים האָבן זיך די אַלעקסאַנדריער דרשנים אַ פרייע האַנט גענומען די פילאָזאָפישע אמתן, אין וועלכע זיי האָבן געגלויבט, אין זיי אַנצוהענגען, די עטישע לערן, וואָס זיינען זיי טייער געווען, אין זיי אַריינצוטייטשן. זיי האָבן זיך דערלויבט מיט דער גאַנצער תורה בכלל דאָס צו טאָן. ניט נאָר האָבן זיי זיך דערלויבט נאָר איינצלנע פסוקים מידי פשוטם אַרויסצונעמען, נאָר אייניקע פון זיי האָבן אויך די גאַנצע תורה מידי פשוטה אַרויסגענומען. די גאַנצע תורה איז ביי זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאַמלונג פון סימבאָלן, פון אַלעגאָריען. דער פ״א פון פרד״ס, שהתורה נדרשת בו, איז פון זיי גאָר אינגאַנצן פאַרוואָרפן געוואָרן. באַנוצט האָבן זיי זיך אין באַצוג צו דער תורה נאָר מיט דעם דרש רמז, סוד. די ספורי המעשיות פון דער תורה זיינען פון זיי דערקלערט געוואָרן מער ניט, ווי אַלס לבוש נאָר פאַר פאַרשידענע פילאָזאָפישע געדאַנקען, וואָס ליגן, ווי די דאָזיקע אַלעגאָריסטן האָבן געגלויבט, אין זיי באַהאַלטן. אויך די מצוות פון דער תורה האָבן זיי דערקלערט אַלס סימבאָלן פאַר פילע העכערע ענינים, ווי די ענינים, אויף וועלכן זיי ווייזן לויט זייער ווערטלעכן אינהאַלט. און פילע פון זיי זיינען אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז זיי האָבן אויך בנוגע צו מצוות גאָר אינגאַנצן דעם פשט פאַרוואָרפן, פריידקנדיק, אַז מען באַדאַרף ניט מקיים זיין זיי, די מצוות, אין זייער גשמיותדיקער פאָרם, נאָר אין זייער רוחניותדיקער כוונה. מען באַדאַרף ניט אָפּהיטן, האָבן זיי געלערנט, דעם ווערטערלעכן אינהאַלט פון די מצוות, נאָר די אידייען, די געדאַנקען, וואָס זיי סימבאָליזירן, די עטישע פירונגען, אויף וועלכע זיי ווייזן.

די אידישע אַלעגאָריסטן זיינען געגאַנגען אין זייערע אויפפאַסונגען פון די ספורי מעשיות פון דער תורה אין זייער קאָמענטירן די פאַרשריפטן אירע, אויף די אייגענע וועגן, אויף וועלכן עס זיינען געגאַנגען אין יענער עפּאָכע די גריכישע אַלעגאָריסטן אין זייער קאָמענטירן די ווערק פון האָמער, פון העזיאָד, וועלכע זיינען פאַרהייליקט געווען ביים גריכישן פאָלק. זיי — די דאָזיקע גריכישע אַלעגאָריסטן האָבן די אויבנדערמאָנטע ווערק אויסגעטאָן פון זייער איינפאַכן פשט,

*) פאַרגלייך דאָס אַלעס צו דעם מאמר חז״ל אין ברכות י״ח: צדיקים גם במיתתם נקראים חיים והרשעים אפילו בחייהם נקראים מתים.

דערקלערנדיק זיי פאַר אַלעגאָריען, פאַר ווערק, וואָס דער נגלה זייערער איז נאָר אַ לבוש פאַר דעם טיף באַהאַלטענעם אין זיי נסתר. די גריכישע אַלעגאָריסטן האָבן ניט געוואָגט צו זאָגן דאָס, וואָס די גרויסע גייסטער פון גריכישן פאָלק, וואָס האָבן אין די פריערדיקע דורות געלעבט, סאָקראַטעס און פלאַטאָ, האָבן געזאָגט וועגן די דאָזיקע ווערק, זיי האָבן ניט געוואָגט, ווי די לעצטע, אַטאַקירן די פאַרהייליקטע פּאָעטן פון גריכישן פאָלק און דערקלערן די רעליגיעזע באַגריפן, וואָס געפינען זיך אין יענע ווערק אַלס פאַלשע. זיי האָבן דעריבער געזוכט צו דערקלערן זיי אויף אַן אַלעגאָרישן וועג. זיי האָבן געזאָגט דעריבער, אַז, פאַרקערט, די דאָזיקע ווערק מיינען גאָר ניט צו פריי־דיקן אָט יענע רעליגיעזע אידייען, וואָס מען באַדאַרף אַרויסטייטשן פון זיי, ווען מען נעמט זייער אינהאַלט ווערטערלעך, לויט זיין איינפאַכן פשט, נאָר אָט די רעליגיעזע אידייען, וואָס מען קען אַרויסטייטשן פון זיי, ווען מען נעמט זייער אינהאַלט סימבאָליש, אַלעגאָריש, דאָס הייסט, אָט יענע אַלע פילאָזאָפישע אידייען וואָס זיי אַליין די אַלע גאָריסטן האָבן געפּריידיקט.

אויב האָמער האָט זיך ניט באַנוצט מיט אַלעגאָריעס — האָט דער באַרימטער עקספּאָנענט פון דער אַלעגאָריסטישער קונסט, דער גרויסער גריכישער פילאָזאָף העראַקליט דער פינצטערער, געזאָגט — איז ער די גרעסטע גאָטס לעסטערונגען באַגאַנגען.

ניט ער אָבער און ניט די אַלע אַנדערע גריכישע פילאָזאָפן פון די שפּעטערע צייטן, די אַלע פאַרשטייער פון די סטאָאיקער און פון די אַלע אַנדערע פילאָזאָפישע שולן האָבן געקענט דערקלערן דעם פאַר־הייליקטן האָמער אַלס אַ גאָט־לעסטערער, האָבן זיי דעריבער זיין גאָט־לעסטעריי אין אַ מאַנטל פון קדושה איינגעהילט. זיי האָבן זיינע ווערק אַלס אַלעגאָריען אויסגעטייטשט. זיי האָבן דעם פשוטן פשט פון זיינע ווערק גאָר אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן און געהאַלטן זיך נאָר אין דעם אינהאַלט, וואָס איז פון זיי אויף אַן אַלעגאָרישן אופן אַרויסגעטייטשט געוואָרן.

און אָט אויף דעם זעלבן וועג, אויף דעם וועג פון באַטראַכטן די תורה אַלס אַ זאַמלונג פון אויסשליסלעך אַלעגאָריען, פון אויסטייטשן זי אויף אַ וועג, זי זאָל זיך ניט אין ווידערשפּרוך געפינען מיט די פילאָזאָפישע אמתן פון זייער צייט, זיינען אויך די אידישע אַלעגאָ־ריסטן געגאַנגען.

כ״ו

# שעדלעכע ענדערונגען אין דער העתקת השבעים

אַבזיכטלעכע ענדערונגען אין טעקסט פון דער גריכישער תורה איבערזעצונג פאַר שעדלעכע צוועקן. — ענדערונגען, וואָס זיינען לשם חיזוק פון קריסטענטום געמאַכט געוואָרן. — דער מאמר פון די חז״ל, אַז אין דעם טאָג, וואָס די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה איז פאַרענדיקט געוואָרן, איז אַ פינצ־טערניש, ווי דער „חושך של מצרים״ פון די „שלשת ימי האפלה״ אויף דער וועלט געקומען. — שפורן פון דער פריערדיקער באַציאונג פון ארץ ישראל אידנטום צו דער גריכישער איבערזעצונג אין די רייד פון אייניקע גדולי התורה אין די שפעטערדיקע דורות. — עקילס הגרס גריכישע איבערזעצונג. — דאָס שווערע האַרץ, וואָס די קריסטלעכע קירך האָט געהאַט אויף דער דאָזיקער איבערזעצונג. — די עצה טובה פון פרומען אימפעראַטאָר יוסטיניאַן צו די ביזאַנטישע אידישע קהלות, מיט וועלכער איבערזעצונג זיי זאָלן זיך באַנוצן אין זייערע סינאַגאָגן.

אורזאַכן פון נאָך מער וואָגיקער באַדייטונג, אַז די חכמי התורה אין ארץ ישראל זאָלן ענדערן זייערע באַציאונגען צו דער גריכישער איבערזעצונג זיינען גאָר שפעטער, אין די צייטן פון די ערשטע יאָרן פון קריסטנטום געקומען.

אויב פריער זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן פון אייניקע איבערשריי־בער ענדערונגען אין דער אָריגינעלער גריכישער איבערזעצונג שלא במתכוון, אַלס רעזולטאַט פון שגגת אָדער פליטת הקולמוס, אָדער, ווען אַפילו אבזיכטלעך, פאַר צוועקן, פאַרהעלטנעסמעסיק, אומשעד־לעכע, האָבן יעצט אין די צייטן ווען דאָס קריסטנום האָט זיך אָנגע־הויבן פאַרשפרייטן, צירקולירט קאָפּיעס פון דער גריכישער איבער־זעצונג, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען ענדערונגען, וואָס זיינען במתכוון געמאַכט געוואָרן פאַר צוועקן ביז צום העכסטן גראַד שעד־לעכע: חיזוק דורך זיי צוגעבן צום קריסטנטום.

אויב פריער זיינען פילע אַזוינע אידייען, פילע אַזוינע לערן אָנגעהאַנגען געוואָרן אין דער תורה דורך די דרשות אויף איר לויט דער גריכישער איבערזעצונג פון די אַלעקסאַנדריער דרשנים, וואָס זיינען נאָר פרעמד געווען דעם גייסט פון אידנטום, אָדער אין ערגסטן פאַל, נאָר אין געוויסע באַרירונגס־פונקטן אויך קעגן דעם גייסט פון אידנ־טום געווען, ניט אָבער אַזעלכע וואָס זאָלן די טענדענץ האָבן, ווען קובע בנפש זיין דעם הויפּט לעבנס נערוו פון אידישן רעליגיעזן דאָקטרין, פאַרניכטונגס פיילן קעגן דעם גאַנצן אידנטום אַלס רעליגיאָן צו צילן, זיינען איצט אַזוינע אידייען, אַזוינע לערן דורך דער פאַר־מיטלונג פון דער גריכישער איבערזעצונג יאָ אָנגעהאַנגען געוואָרן אין איר. אויב די פרעמדקייט צום גייסט פון אידנטום פון די אין אַ פריערער צייט אָנגעהאַנגענע אידייען, אָנגעהאַנגענע לערן אין דער תורה איז באַשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס זיי — די דאָזיקע אָנגעהאַנגענע אידייען — האָבן געזוכט צוגעבן אַ מער טראַנסצענדענטאַלן כאַראַקטער צום רעליגיעזן באַגריף פון אידנטום וועגן גאָט, וואָס אין זייער שטרע־בונג, די אידישע אידייע וועגן דער גאָטהייט אין דער באַגלייטונג פון וואָס ווייניקער הגשמה אַרויסשטעלן, האָבן זיי אין דער פאָרם פון צופיל פילאָזאָפישער אַבסטראַקציע איינגעראַמט, איז די פרעמד־קייט צום גייסט פון אידנטום פון די רעליגיעזע אידייען וואָס זיינען איצט אָנגעהאַנגען געוואָרן אין אידנטום, באַשטאַנען אין דעם וואָס דער אינהאַלט פון די דאָזיקע איצט אין דער תורה אָנגעהאַנגענע אידייען איז פּונקט דער היפוך געווען פון די רעליגיעזע אידייען פון אידנטום, אין דעם וואָס דער אידישער — אָריגינעל — פון הגשמה ריי־נער באַגריף וועגן גאָט איז דורך זיי אַלס פון מגושמע הגשמה עלע־מענטן דורכגעדרונגען אַרויסגעשטעלט געוואָרן, וואָס דער אידישער שטרענגער מאָנאָטעאיזם איז דורך זיי שיעור ניט צו אַ פולשטענדיקן פּאָלעטעאיזם דעגענערירט געוואָרן.

און דאָס איז דער זין פון דעם וואָס די חז״ל האָבן געזאָגט: „קשה היה היום שנכתבה בו התורה יונית כיום שניתן בו העגל לישראל״.

עס איז געקומען דאָס קריסטנטום און האָט דעם אל אלהי ישראל אין אַן אלהים אחרים פאַרוואַנדלט. פון דער תורת אלהים חיים אַ תורת אל זר געמאַכט. דורך דרשות של דופי האָבן זיי אין דער תורה עבודה זרה אָנגעהאַנגען.

און עס איז דעריבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס אין יענע צייטן האָבן די חכמי התורה געזוכט גאָר אינגאַנצן פון דער גריכישער איבערזעצונג זיך אָפּצוטרייסלען. זיי האָבן ווירקלעך געמוזט קוקן

אויף איר ווי אויף אַן אַנשיקעניש צוליב די אַלע אורזאַכן, וואָס מיר האָבן ביז איצט אויסגערעכנט, ווי צולעצט אויך צוליב דעם, וואָס צוליב איר איז די אידישע תורה בכלל אין דער אָפענער גאַס אַרויס־געטראָגן געוואָרן, זי זאָל „שיחתן של בריות" ווערן. אין די צייטן פון די ערשטע טעג פון קריסטנטום איז די תורה אַן אָביעקט פון אינערלעכע וכוחים געוואָרן, פון וועלכע עס איז, נאַטירלעך, קיין געזונט דעם אידישן פאָלק ניט צוגעקומען. די קריסטן, ווי אויך די פאַרשידענע אַנדערע פון דעם רוב בנין און רוב מנין פון אידנטום אָפגעשפאָלטענע גרופן, ווי די מינים און די צדוקים, פלעגן שטענדיק וכוחים פירן מיט די אידן וועגן עניני אמונה, שטיצנדיק זיך אויף די רייד פון דער תורה. עס פלעגן אויך געפירט ווערן וכוחים צווישן די קריסטן מיט די ניט גלויביקע פון די גויים וועגן דער תורה. די תורה, אַ דאַנק דעם וואָס עס איז דורך דער גריכישער איבערזעצונג געגעבן געוואָרן דער אויסערלעכער וועלט דער שליסל צו איר, און ווירקלעך איינגעקערמאסן די טעמע פון טאָג געוואָרן.

און אָט אַזוי האָבן זיך אָנגעזאַמלט פילע מאמרים אין אונדזער אַלטער ליטעראַטור, אין תלמוד און אין מדרש, וואָס ריידן מיט אויפ־געקגטקייט, מיט פאַרביטערטקייט, מיט פאַראַכטונג, מיט בייזן געפיל וועגן דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה.

מיר האָבן אויבן געבראַכט דעם מאמר פון מדרש, אין וועלכן עס איז פאַרגליכן דער טאָג אין וועלכן עס איז די גריכישע איבער־זעצונג פראָקלאַמירט געוואָרן, צום טאָג, ווען די אידן האָבן דאָס עגל געמאַכט.

און אין אַן אַנדער אָרט ווערט געזאָגט, אַז אין דעם טאָג, ווען די איבערזעצונג איז פאַרענדיקט געוואָרן, איז אַ פינצטערניש, ווי דער „חושך של מצרים" פון „שלשת ימי האפלה" אויף דער וועלט געקומען.

און אין „מגלת תענית" ווערט אָנגעגעבן דער טאָג וואָס אין אים איז די איבערזעצונג פון דער תורה אין גריכיש פאַרענדיקט געוואָרן אַלס איינער פון די טעג וואָס מען האָט אין זיי נוהג תענית געווען.

אויך אָבער אין די גאָר שפעטערע צייטן האָבן זיך געפונען איינצלנע צווישן די גדולי התורה אין ארץ ישראל, וואָס האָבן ניט געטיילט די אַלגעמיינע באַציאונג פון זייערע חברים צו דער גריכישער איבערזעצונג, פונקט ווי זיי האָבן ניט געטיילט די באַציאונג פון די חברים זייערע צו לשון יונית און חכמה יונית אין אַלגעמיין.

ביי די דאָזיקע ראשי העם, וועלכע זיינען זיכער ניט פחותים במעלה פון זייערע קעגנער געווען, האָט אין דער גריכישער איבער־

זעצונג פון דער תורה די „אהבת נעורים" פון ארץ ישראל אידנטום צו דער דאָזיקער איבערזעצונג אַ וואַרעם אָרט פאַר זיך אין זייער האַרצן געפונען.

אַנטקעגן דער מיינונג, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן, אַז פון לכתחילה אָן איז די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה געווען אַ טאַט, וואָס איז דערווידער געווען די גייסטיקע פאָרשטייער פון פאָלק, ווערט געבראַכט אין תלמוד אין נאָמען פון רבי יהודה הנשיא, אַז די איבערזעצונג האָט דוקא געהאַט די בפירושע הסכמה זייערע. „אונדזערע רבנים", ווערט אין זיין נאָמען געזאָגט, „האָבן ליב צו שרייבן די תורה אין גריכיש".

און אַנטקעגן דער אויסזעצונג קעגן דער איבערזעצונג צוליב דעם טעם, ווי עס ווערט אין איין אָרט אָנגעגעבן, אַז די תורה קען איבער־הויפּט ניט איבערגעזעצט ווערן ווי געהעריק, ווערט אונדז איבער־געגעבן אין נאָמען פון רבי שמעון בן גמליאל, אַז איידער די חכמים האָבן דערלויבט צו שרייבן די תורה אויף גריכיש, האָבן זיי די זאַך גוט אונטערזוכט און האָבן אויסגעפונען, אַז די גריכישע שפּראַך איז די איינציקע, אין וועלכער די תורה קען, ווי עס באַדאַרף צו זיין איבערזעצט ווערן.

ווי אַלע נשיאים פון הלל אָן איז אויך ער, רבן שמעון בן גמליאל, אַ גרויסער פאַרערער פון דער גריכישער שפּראַך און וויסנ־שאַפט געווען.

ווי זיי ווידער, איז אויך ער, אייניקערמאָסן אָנהענגער — אין דער מאָס, אין וועלכער זיי זיינען עס געווען, — פון דער שפּעטער אָפּגעשטאָרבענער אין ארץ ישראל מיסיאָן אידייע, ווי זי איז פון די נביאים פאָרמולירט געוואָרן. דעריבער האָט ער אַזאַ וואַרים געפיל פאַר דער ערשטער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה פאַרמאָגט, דערפאַר האָט ער זיך צו איר מיט אַזוי פיל ליבע באַצויגן.

ווי ווייט גוט באַגרינדעט עס איז געווען דער אומחן, וואָס די חז"ל האָבן געוואָרפן אויף דער „העתקת השבעים", ווי ווייט גוט באַ־גרינדעט עס זיינען געווען די נעגאַטיווע באַציאונגען, וואָס פילע פון די גייסטיקע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק אין ארץ ישראל האָבן געהאַט צו איר אין די צייטן, ווען דאָס קריסטנטום האָט זיך אָנגע־הויבן צו פאַרשפּרייטן, קענען מיר זען דערפון, וואָס די דאָזיקע איבערזעצונג איז אַזוי שטאַרק באַליבט געווען אויף דער קריסטלעכער קירכע, וואָס זי האָט זי אַזוי פּאַטערלעך אונטער איר שוץ גענומען, וואָס זי איז אַזוי נייגעריק געווען, אַז נאָר זי דוקא, ניט קיין אַנדערע

גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה זאָל צווישן די אידן פאַרשפּרייט ווערן.

ווי באַוואוסט האָט עקילס הגר אויף דעם וואונש, אויף דער דער־מוטיקונג פון רבי עקיבא, וועמענס תלמיד עקילס איז געווען, און די עלטערע חכמי התורה פון יענעם דור, רבי אליעזר און רבי יהושע, וואָס זיינען רבותיו של רבי עקיבא געווען, איבערזעצט זעלבסטשטענדיק נאָך אַמאָל די תורה אין גריכיש. זיין איבערזעצונג האָט באַדאַרפט זיין אַ קעגן גיפט צו דער שעדלעכער ווירקונג פון דער „העתקת השבעים". וואָרים זי איז געמאַכט געוואָרן אינגאַנצן לויט דעם גייסט פון דער מסורה, לויט די אינסטרוקציעס פון די גדולי חכמי התורה, וואָס האָבן אין יענעם דור געלעבט.

די צוויי הויפט פונקטן, מיט וועלכע די איבערזעצונג פון עקילס האָט זיך פון דער „העתקת השבעים" אונטערשיידט זיינען פאָלגנדע געווען: פון איין זייט האָט זיך עקילס די גרעסטע מי געגעבן, ער זאָל די תורה אין גריכיש איבערזעצן אויף אַן אופן, אַז עס זאָל אויך אין דעם איבערזעצטן טעקסט זיינעם קענען אָנגעהאַנגען ווערן דער גאַנצער דרש ההלכה פון די חז"ל, פונקט, ווי אין דעם אָריגינעלן טעקסט. צו דעם צוועק האָט ער זיך גאָר ניט גערעכנט מיט די אייגנטימלעכקייטן פון דער גריכישער שפּראַך, מיט דעם כאַראַקטער אירן. ער האָט קיין איין וואָרט פון דער תורה, קיין איין אות ניט איבערגעלאָזט אין איר, ער זאָל עס ניט איבערזעצן. ער האָט אויך אַלעס — דאָרטן, וואו דאָס איז ניט געווען קעגן די לערן פון די חז"ל — אויף דעם בוכ־שטעבלעכסטן אופן איבערזעצט. אָט אַזוי האָט ער אומעטום אויך דעם „יחס הפועל" „את" איבערזעצט, ווי אויך די אַלע אַנדערע גראַמאַ־טיקאַלע און „סטיליסטישע" אייגנטימלעכקייטן, וועלכע עס איז אומ־מעגלעך איבערצוזעצן אין אירגענד וועלכער אַנדער שפּראַך. וואָרים ער האָט געוואָלט, אַז אויך די אַלע „אתן", „אכין", „גמין", ו"רקין" *) דרשות, אפילו פון די חז"ל זאָלן קענען אין זיין איבערזעצונג אַן אחיזה האָבן.

און פון דער צווייטער זייט האָט ער זיך די גרעסטע מי געגעבן איבערצוזעצן אָט יענע אַלע ערטער פון דער תורה, וואָס לויט דעם, ווי זיי זיינען איבערזעצט געוואָרן אין דער „העתקת השבעים", האָבן

*) אין גייסט פון זיין רבין רבי עקיבא, וואָס האָט די אַלע „אתן" שבתורה געדרשנט.

זיי געגעבן די מעגלעכקייט דיאַלעקסאַנדריער דרשנים און די פאַר־שפרייטער פון קריסטנטום די אַלע דרשות של דופי און די אַלע דרשות של תפלה אין זיי אַנצוהענגען, איבערזעצן זיי אויף אַן אופן עס זאָל דערויף יעדע מעגלעכקייט אָפּגעשניטן ווערן. און פונקט, ווי די חז״ל האָבן געזוכט ביי יעדער געלעגנהייט אַרונטערצורייסן דעם אויטאָריטעט פון דער „העתקת השבעים״, אַט אַזוי האָבן זיי געזוכט דעם אויטאָריטעט פון דער עקילס איבערזעצונג צו שטאַרקן: פונקט, ווי זיי האָבן גאָר קיין טאַדלונגען ניט געקאַרגט פאַר דער ערשטער, אַזוי האָבן זיי גאָר קיין שבחים ניט געקאַרגט פאַר דער לעצטער. עס איז זייער הייסער וואונטש געווען, אַז די עקילס איבערזעצונג זאָל וואָס מער פאַרשפּרייט ווערן, און אַז די דאָזיקע פאַרשפּרייטונג אירע זאָל פאָרקומען אויף דעם חשבון פון דער העתקת השבעים, אַז דורך איר זאָל די העתקת השבעים גאָר אינגאַנצן פון געברויך אַרויסגענו־מען ווערן.

דערפאַר אָבער האָט די קריסטלעכע קירכע זייער אַ שווער האַרץ אויף דער דאָזיקער איבערזעצונג געהאַט. מער ווי די העתקת השבעים איז ביי פילע פון די חכמי התורה אין ארץ ישראל פאַרהאַסט געווען, איז די עקילס איבערזעצונג פון דער קריסטלעכער קירכע פאַרהאַסט געווען. זי האָט מיט צאָרן גערעדט וועגן איר. זי האָט ניט נאָר אַן אַגיטאַציע פאַר דער „העתקת השבעים״ אָנגעפירט, נאָר זי האָט אויך אַן אַגיטאַציע אָנגעפירט קעגן דער איבערזעצונג פון עקילס. עס איז איר ווי אין לעבן געגאַנגען, אַז די „העתקת השבעים״ זאָל אויף דעם חשבון פון עקילס איבערזעצונג פאַרשפּרייט ווערן, אַז זי — די לעצטע — זאָל גאָר אינגאַנצן אומבאַקאַנט בלייבן.

באַזונדערס איז שטאַרק פאַרליבט געווען אין דער „העתקת השבעים״ דער אימפּעראַטאָר יוסטיניאַן. דער דאָזיקער קריסטלעך פרומער אימפּעראַטאָר האָט זייער פיל פון זיין צייט אַוועקגעגעבן דערויף, ער זאָל קענען פאַרזאָרגן די אידן, וואָס האָבן זיך אין דער ביזאַנטישער אימפּעריע געפונען מיט אַ געהעריקער רשימה, אין וועלכער עס זאָלן זיין אויסגערעכנט גענוי די אַלע זאַכן, אין וועלכע זיי דאַרפן לויט זיין וואונש, לויט זיין פאַראָרדנונג, יאָ גלויבן אָדער ניט גלויבן. און אַט אַזוי האָט ער זיין ווילן געלאָזט וויסן אויך בנוגע דעם, מיט וואָס פאַר אַ גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה זיי זאָלן זיך באַנוצן.

אין זיין צייט איז אין אייניקע אידישע קהילות פון דער ביזאַנ־טישער אימפּעריע פאָרגעקומען אַ שטיקל פירוד הדיעות בנוגע דעם,

צי מען זאָל זיך באַנוצן נאָר מיט דעם העברעאישן אָריגינאַל פון דער ביבל פאַר ליטורגיע צוועקן אָדער מען זאָל זיך מעגן באַנוצן אויך מיט דער גריכישער איבערזעצונג. באַזונדערס זיינען געווען קעגן דעם באַנוצן זיך מיט דער גריכישער שפּראַך ביים אָפּריכטן דעם אידישן ריטואַל די גייסטיקע פאַרשטייער פון די קהילות, די טרעגער פון די אידישע טראַדיציעס.

נון, האָט זיך דער אימפּעראַטאָר אין דער דאָזיקער מחלוקת לשם שמים אַריינגעלייגט און האָט דאָס לעצטע וואָרט געזאָגט. ער האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 553 אַ צושריפט, אין וועלכן ער האָט זיין פּסק דין הלכה למעשה אַרויסגעגעבן. ער דערקלערט אין דעם דאָזיקן צושריפט פולשטענדיקע פרייהייט צו ביידע צדדים, זיי זאָלן קענען נאָכקומען זייער פאַרלאַנג און באַנוצן זיך מיט וואָס פאַר אַ שפּראַך זיי וועלן נאָר ווען אויף צו לייענען די תורה אין די שולן, אַזוי, אַז אַלע זאָלן קענען פאַרשטיין דאָס פאָרגעלעזטע. ער האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף און מיט פאַרמעגן קאָנפיסקאַציע די אַלע רעליגיעזע פאַרשטייער פון די קהילות, אויב זיי וועלן מחרים זיין אָדער באַשטראָפן די, וואָס וועלן לייענען די ביבל אין אַן אַנדער, ניט אין דער העברעאישער שפּראַך.

און צוזאַמען דערמיט, וואָס ער האָט זיין פּסק דין אַרויסגעגעבן, וואָס ער האָט הלכה למעשה געפּסקנט, האָט ער שוין זיין וואָרט געזאָגט אויך בנוגע דעם, מיט וואָס פאַר אַן איבערזעצונג פון דער תורה אין גריכיש — די אידן זאָלן זיך באַנוצן. ער באַנוצט זיך מיט דער געלעגנהייט, ער זאָל זיי וועגן דעם זיין — כמעט אַרויפגעצווינגענע — עצה טובה געבן. ער דערמאָנט, אַז „מיט צווייערליי גריכישע טעקסטן פון דער תורה קען מען זיך באַנוצן, מיט דער סעפּטואַגענטאַ און מיט דער עקילס איבערזעצונג". ער רעקאָמענדירט אָבער זייער שטאַרק די ערשטע, וועלכע איז פיל מער עקזאַקטער און איז מערקווירדיק צוליב דעם פאַקט, וואָס טראָץ דעם, וואָס די איבערזעצער זיינען געווען אָפּגעשיידט איינער פון צווייטן און האָבן געטאָן זייער אַרבעט אין באַזונדערע פלעצער, האָבן זיי דאָך אַלע די זעלבע רעזולטאַטן דער־גרייכט. און כאָטש די זיבעציק האָבן געלעבט לאַנג פאַר יעזוסן האָבן זיי דאָך פאָראויסגעזאָגט זיין קומען".

און טראָץ דעם, וואָס ער איז דאָך געווען ליבעראַל און גוטהאַרציק געווען, ניט צו פאַרווערן זיינע אידן צו באַנוצן זיך מיט דער איבער־זעצונג פון עקילס, האָט ער דאָס אָבער דאָך פאַר זיין פליכט געהאַלטן אונטערצושטרייכן נאָך אַמאָל ביי דער געלעגנהייט פון זיין דערלויבעניש

געבן אויף דעם באַנוצן זיך מיט דער עקילס איבערזעצנוג די אומ־גינסטיקע מיינונג, וואָס ער האָט וועגן איר. כדי אָבער — שרייבט ער ווייטער אין דעם אויבנדערמאָנטן צושריפט זיינעם — ניט צו זיין איינזייטיק, גיבן מיר זיי די פרייהייט צו באַנוצן זיך אויך מיט עקילס איבערזעצונג, טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ גר און זיין איבער־זעצונג איז ניט אין האַרמאָניע מיט דער סעפּטואַגענטאַ אין באַצוג צו געוויסע אויסטייטשונגען און אַנדייטונגען".

כ"ז

# געענדערטער אינהאַלט דורך פרעמדער פאָרם

די רעכטפערטיקונג פון די קעגנגעזעצטע באַציאונגען צו דער גריכישער איבער־זעצונג. — דער שעדלעכער איינפלוס, וואָס די דאָזיקע איבערזעצונג האָט געהאַט אויף דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פון דעם אַלעקסאַנדריער אידנטום. — דאָס אָפּגעפרעמדטקייט פון דער העברעאישער שפּראַך, וואָס די דאָזיקע איבערזעצונג האָט גורם געווען. — „תרגום" אידן. — די איבערוועגנדע גוטע רעזולטאַטן, וואָס די דאָזיקע איבערזעצונג האָט געבראַכט. — די נייע ריכטונגען, וואָס זי האָט דעם אידישן געדאַנק געגעבן. — דער יודאַאיזירונגס פּראָצעס פון דער מענטשהייט, וואָס האָט זיך מיט איר אָנגעהויבן. — די גאָט קרייציקער.

די צוויי קעגנגעזעצטע באַציאונגען צו דער גריכישער איבערזע־צונג פון אונדזער תורה, וואָס געפינען זייער אויסדרוק אין די טאַד־לענדע און לויבנדע מאמרים וואָס געפינען זיך וועגן איר אין אונדזער אַלטער ליטעראַטור, האָבן ביידע זייער רעכטפערטיקונג אין די רע־זולטאַטן, וואָס די דאָזיקע איבערזעצונג האָט געבראַכט.

מען קען ניט לייקענען אַז די דאָזיקע איבערזעצונג האָט אַ שעדלעכן איינפלוס געהאַט אויף דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פון דעם אַלעקסאַנדריער אידנטום, און צוליב דעם דורך פאַרשידענע וועגן אויך אויף דעם ארץ ישראל אידנטום.

אויב איינער פון די פאַקטאָרן, וואָס האָבן די דאָזיקע איבערזעצונג אין לעבן אַרויסגערופן, איז געווען דאָס, וואָס פילע געזעלשאַפטלעכע גרופּן פון דעם מצרימער אידנטום זיינען שוין אין יענער עפּאָכע, אין וועלכער די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן, אָפּגעפרעמדט פון דער העברעאישער שפּראַך געווען, האָט מען דעריבער זיי גאָטס וואָרט אין דער גריכישער שפּראַך געמוזט געבן: איז במשך הימים דער פון אָט דער פאַקטאָר אַרויסגעבראַכטער רעזולטאַט אַליין אין אַ באַדייטנדן פאַקטאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן, אַז דאָס גריכיש־שפּרעכנדע אידנטום זאָל וואָס ווייטער אַלץ מער פון דער העברעאישער שפּראַך אָפּגעפרעמדט ווערן.. האָבנדיק די תורה, וועלכע איז אויך ביי די

גריכיש שפּרעכנדע אידן ניט ווייניקער, ווי ביי די ארץ ישראל אידן הייליק געווען, אין דער גריכישער שפּראַך, האָבן זיי זיך שוין אָן אַ ווידערשטאַנד, ווי עס וואָלט געווען דער פאַל, ווען זיי וואָלטן געווען געמוזט אָנקומען צו דער פאַרמיטלונג פון דער העברעאישער שפּראַך דערויף, זיי זאָלן זיך מיט דעם אינהאַלט פון דער תורה קענען באַ־קענען, דעם פּראָצעס פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, פון פאַרגעסן ווערן פון דער העברעאישער שפּראַך ביי זיי, אונטערגעגעבן.

און אויב די דאָזיקע דערשיינונג — די דערשיינונג פון דעם איבנדערמאָנטן אומווידערשטאַנדלעכן אונטערוואַרפן זיך דעם פּראָצעס פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע — איז אַן און פאַר זיך אַ גרויסער מינוס געווען, איז זי נאָך מער גרעסערער מינוס געווען צוליב דעם, וואָס זי האָט געבראַכט דערצו, אַז די גריכיש שפּרעכנדע אידן אויסער ארץ ישראל זאָלן אויפהערן ביז צו אַ געוויסן גראַד אָריגינעלע אידן צו זיין, נאָר „תרגום"־אידן, אידן, וואָס די שפע פון דער פאָלקס־נשמה ווערט געצויגן פאַר זיי, דורך צנורות פרעמדע, דורך פרעמדע כלי השפעה. אידן, וואָס זיינען קולט די רעליגיעזע אידעען פון אידנ־טום, די עטישע פּרינציפּן ניט אין דער אָריגינעלער פאָרם אין וועלכן זיי זיינען געגעבן געוואָרן, נאָר אין זייער — ביז צו אַ געוויסן גראַד אויך דעם אינהאַלט ענדערנדער — איבערזעצטער פאָרם. וואָרים פרעמדע פאָרם מאַכט אויך דעם איבערזעצטן אינהאַלט פרעמד, ווי שטאַרק עס זאָל ניט זיין איר אָנשטרענגונג קאָרעקט אים איבער־צוגעבן.

און אָט אַזוי איז דורך דעם געקומען דערצו, אַז בנוגע צו געוויסע פּרטים זאָלן זיי טאַקע אויך גאָר אינגאַנצן פון אידישן באָדן אָראָפּ־געפירט ווערן. מיט דער צייט איז די גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה שטאַרק פאַרהייליקט געוואָרן פון גריכיש שפּרעכנדן אידנטום. זיי האָבן געקוקט אויף איר גלייך ווי אויך זי וואָלט פון סיני, ווי די אָריגינעלע תורה, געגעבן געוואָרן. זיי האָבן געגלויבט, אַז זי איז אות און אות, ווי דער אָריגינאַל. זיי האָבן גאָר ניט געקענט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז עס זאָלן זיך אין איר גרייזן געפינען, אַז עס זאָלן אין איר ענדערונגען אַריינגעטראָגן ווערן, און זיי האָבן זי אינגאַנצן, ווי זי איז געווען, גענומען. זיי זיינען אויף אַזוי פיל איינ־געגלויבט געווען אין איר, אַז זיי האָבן געגלויבט, אַז דער ריכטיקער נוסח פון דער תורה אין אָריגינאַל קען און דאַרף לויט דעם נוסח פון דער תורה אין דער „העתקת השבעים" פעסטגעשטעלט ווערן. און זיי האָבן אַזוי אַרום די אַלע גרייזן, וואָס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט

אין דער איבערזעצונג צוליב אומפאַרזיכטיקייט מצד די איבערשרייבער אָדער צוליב דער שווערער אויפגאַבע, וואָס די איבערזעצער האָבן געהאַט פאַר זיך די גראַמאַטיקאַלישע שוועריקייטן גובר צו זיין, די אַלע ענדערונגען, ניט נאָר די אומשעדלעכע, נאָר אויך די שעדלעכע, וואָס זיינען אין איר אַריינגעטראָגן געוואָרן, אַלס גאָטס וואָרט אָנגענומען; און אין דעם נאָמען פון אידנטום זיינען אַזוי אַרום געפריידיקט געוואָרן אַזוינע זאַכן, וואָס זיינען ניט נאָר פרעמד דעם געווען, נאָר זיינען אויך אין קעגנערשאַפט צו דעם געשטאַנען, און האָבן זיך אויך אונטער די סאַמע וויטאַלע עיקרים זיינע אונטערגעגראָבן.

און שעדלעך איז געווען איר איינפלוס אויך צוליב דעם, וואָס אויף וויפיל זי האָט געבראַכט דערצו, די אידן אין מצרים זאָלן די אַלגעמיינע קולטור אין אַ גאָר גרויסער מאָס אַדאָפּטירן, זיי זאָלן די גריכישע וויסנשאַפט, די גריכישע פילאָזאָפיע אַלס זייער אויסשליסלעכע אינטעלעקטועלע באַשעפטיקונג מאַכן, וואָס אויף וויפיל זי האָט געבראַכט דערצו, אַז די אידן אין מצרים זאָלן אין די ברייטע מאַסן זייערע אויסער דעם באַשעפטיקן זיך מיט דעם שטודיום פון דער תורה שבעל פה בלייבן — וואָס דאָס איז ווידער אַן און פאַר זיך אַ גרויסער מינוס געווען — וואָס אויף וויפיל זי האָט געבראַכט צו דעם אַלעם, האָט זי דורך דעם אַ פּירוד בין הדבקים געמאַכט, צעטיילט דאָס אידישע פאָלק אויף זייער ניט ענלעכע איינער אויף דעם צווייטן באַזונדערע טיילן, געמאַכט דעם אַלעקסאַנדריער אידן פאַר אַ באַזונדער טיפּ איד.

אָט דאָס אַלעס צוזאַמען מיט די אַלע אַנדערע מאָטיוון, וועגן וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו ריידן אַ פריערן מאָל, אין ניט אַזאַ דירעקטן צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין, ווי דאָס מאָל — אין דעם אַלעם געפינט זיך דער צד הרע, וואָס די איבערזעצונג פון דער תורה אין גריכיש האָט אין זיך ענטהאַלטן, דורך דעם אַלעם ווערן רעכטפערטיקט די טאַדלונגס מאמרים וואָס געפינען זיך וועגן דער איבערזעצונג אין תלמוד און אין מדרש.

אומגעהויער אָבער איבערוועגנד זיינען געווען די גוטע רעזולטאַטן, וואָס די דאָזיקע איבערזעצונג האָט געבראַכט. מעגלעך, אַז דאָס אידישע פאָלק וואָלט צו אַ געוויסן גראַד פון פאַרגליווערטקייט, פון צוריקגעשטאַנענקייט געוועזן צוגעקומען, ווען ניט די דאָזיקע איבערזעצונג. זי האָט נייע ריכטונגען געגעבן דעם אידישן געדאַנק. זי האָט דעם ווינקלשטיין פאַר דער אידישער — און מעגלעך, אויך פאַר דער אַלגעמיינער רעליגיאָנס פילאָזאָפיע געלייגט. אויף וויפיל עס

רעדט זיך וועגן אַדאַפּטירן די קולטורעלע ווערטן פון דער אַלגעמיינער קולטור, האָט זי דאָס אידישע פאָלק אין אַלע טיילן זיינע פון אַ מזרח פאָלק אין אַ מערב פאָלק פאַרוואַנדלט, האָט זי דאָס אידישע פאָלק אין אַלע טיילן זיינע אין די ציוויליזירטע פעלקער פון דער וועלט אַנגעשלאָסן.

וואָרים אויף וויפיל דאָס ארץ ישראל אידנטום האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, מיט מעטאַפיזישע פראַגן, מיט די אַלע פאַרשידענע וויסנשאַפטן אין אַלגעמיין, אויף וויפיל דאָס אַלעס איז אויך דאָרטן פאָרגעקומען, דאַרף דאָס אין אַ גרויסער מאָס צוגעשריבן ווערן דער ווירקונג פון דער גריכישער איבערזעצונג פון דער תורה. זיי האָבן ניט געקענט דאָרטן גאָר אין גאַנצן ניט רעאַגירנד בלייבן אויף דער גאַנצער טעאָלאָגישער ליטעראַטור, וואָס איז אין אַלעקסאַנדריער אידנטום אַרויסגעבראַכט געוואָרן. זיי האָבן געמוזט רעאַגירן אויף איר אי צוליב צוועקן פון פּאָזיטיוון כאַראַקטער, אי צוליב צוועקן פון נעגאַטיוון כאַראַקטער: צו אַקצעפּטירן דאָס, וואָס זיי האָבן באַטראַכט אין איר אַלס ווערטפול, עס זאָל אין רעליגיעזן דאָקטרין פון אידנטום אַריינגענומען ווערן, ווי אויך צו פאַרוואַרפן דאָס, וואָס זיי האָבן באַטראַכט אַלס שעדלעך, אַלס ניט אָננעמבאַר.

און דורך טעאָלאָגישער מעטאַפיזיק, דורך ריין טעאָלאָגישער פילאָזאָפיע זיינען זיי אין אַלגעמיינער פילאָזאָפיע פאַראינטערעסירט געוואָרן, זיינען זיי צו אַלגעמיינע וויסנשאַפטן צוגעקומען.

און אַזוי אַרום באַצייכנט מיט זיך די גריכישע איבערזעצונג דעם אָנפאַנגס פונקט אין דעם אַנטוויקלונגס פּראָצעס פון דעם אַלגעמיינעם אידנטום פון אַדאַפּטירונג די אַלגעמיינע קולטור פאָרמען. זי איז אין אַ גרויסער מאָס געווען דער שאַפנדער פאַקטאָר פון דעם גרויסן אָנטייל וואָס דאָס פאַראייניקטע אידנטום האָט אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער גענומען אין די אַלע פאַרשידענע צווייגן פון דער אַלגע־מיינער קולטור, און ניט נאָר שטענדיק אַלס ווייטע אומדירעקטע אור סיבה, נאָר אין געוויסע פראַגמענטן פון תקופות אויך אַלס דירעקטע נאָענטע אורזאַכע.

און אין אַ נאָך מער העל ליכט דערשיינען פאַר אונדז די דאָזיקע רעזולטאַטן, ווען מיר שטעלן זיך אָפּ אויף דער ווירקונג, וואָס די דאָזיקע איבערזעצונג האָט געהאַט „כלפי חוץ". דער אַקט פון אי־בערזעצן די תורה אין גריכיש וואַקסט אויס דאַן אין אונדזערע אויגן אַלס אַ דערשיינונג פון ריזיקער וויכטיקייט, אַלס אַ דערשיינונג, וואָס בנוגע דער ווירקונג, וואָס זי האָט געהאַט אויף דעם אַנטוויקלונגס־

גאַנג פון דער מענטשהייט, געפינט זיך, אפשר, קיין צווייטע ניט, וואָס זאָל זיך קענען פאַרמעסטן מיט איר.

זי האָט,ווירקלעך, אויב ניט באַלד, ווי זי איז אין לעבן געקומען, איז אין לויף פון דער צייט, די וועלט אויפגעטרייסלט, די אַלע פון שטענדיק אָן פעסטשטייענדע זיילן פון מענטשלעכער מאָראַל, פון מענטש־לעכע רעליגיעע באַגריפן צום וואַקלען זיך געבראַכט. מיט איר האָט זיך אָנגעהויבן דער וואונדערלעכער פּראָצעס פון דעם לאַנגזאַמען אונ־טערוואָרפן ווערן פון דער גאַנצער וועלט, מאָראַליש, רעליגיעז, אונטער דעם איינפלוס פון איינעם פון די קלענסטע פעלקער, וואָס לעבן אויף איר, אונטער דעם איינפלוס פון אַ נאַציאָנאַלן קבוץ, וואָס איז אין יעדן פעריאָד יאָרן פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר פּאָליטיש, סאָציאַל, מער ווי יעדער אַנדער נאַציאָנאַלער קבוץ אונטערדריקט געוואָרן, אונטער דעם איינפלוס פון אַ נאַציאָנאַלן קבוץ, וואָס איז פון אַלעמען פאַר־שפּאָטעט, פאַרשפּיגן געוואָרן.

עס האָט זיך מיט איר אָנגעהויבן דער יודאַאיזירונגס פּראָצעס פון דער מענטשהייט, וועלכער וועט פריער אָדער שפּעטער מיט אַ פולשטענדיקן זיג זיך פאַרענדיקן וועלכער האָט שוין אויך ביז איצט פאַר זיינע צוועקן פיל אויפגעטאָן.*)

וואָרים פיל מער אמת, ווי עס איז פאַראַן אין דעם אויסרוף: „מיר זיינען דאָך אַלע גריכן”, קען זיין אין דעם אויסרוף: „איר זענט דאָך אַלע אידן”. זייענדיק באַהערשט פון אייך, זיינען מיר די הערשער אייערע. וואָרים וואָס דען פאַר אַן אַנדער בוך איז אַזוי פאַרשפּרייט צווישן אייך, ווי אונדזער תנ״ך איז צווישן אייך פאַרשפּרייט? דער אינהאַלט פון וועלכן אַנדער בוך האָט זיך אַזוי איינגעגעסן אין באַ־וואוסטזיין פון אַזויפיל צענדליקער מיליאָנען מענטשן אין משך פון אַזוי פיל דורות, ווי דער אינהאַלט פון אונדזערע הייליקע שריפטן? דער אינהאַלט פון וועלכן אַנדער בוך איז פון אַזויפיל גרויסע מענגען מענטשן, ווי דער אינהאַלט פון אונדזער תנ״ך, פאַרהייליקט געוואָרן? וואָס נאָך פאַר אַנדערע תפילות ווערן אַזויפיל אויף זייערע ליפּן געטראָגן, ווי אונדזערע תהילים תפילות? דאָס, וואָס איר זאָגט אויף אונדז זענט איר עס. איר זענט עס די גאָט קרייציקער. שוין צוויי טויזנט יאָר, אַז איר קרייציקט אונדז טאָג־טעגלעך. און וואָס מער איר קרייציקט אונדז, אַלץ מער ווערט אונדזער רעליגיעז דאָקטרין

*) געשריבן געוואָרן מיט מער ווי אַ 30 יאָר צוריק, ווען עס האָט נאָך דאָס האַרץ פון דער וועלט אַזאַ פינצטערער יאוש ניט באַהערשט.

אָנגענומען פון אייך, אַלץ מער ווערן אונדזערע מאָראַלע לערן פאַר־שפרייט צווישן אייך. אַלץ מער ווערט אַפילו אונדזער ראַסן פאַר־גאַנגענהייט אַ טייל פון אייער פסיכיק.

מיט דער גריכישער איבערזעצונג האָט זיך דער פּראָצעס פון ווירקנדן אידישן איינפלוס אויף דער מענטשהייט אָנגעהויבן.

אויב באַלד ווי די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן, איז זי פּאָפּולער געווען נאָר צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אין מצרים, איז מיט אַ פּאָר דורות שפּעטער האָט זי שוין אָנגעהויבן דער אָביעקט פון אינטערעס צו ווערן אויך פאַר דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג דאָרטן און זי האָט אָנגעהויבן דאַן איר געבענטשטן איינפלוס אויס־צואיבן אויף איבערצושמעלצן די אַלטע רעליגיעזע באַגריפן פון פילע צווישן די ברייטע שיכטן פון דער גריכישער אינטעליגענץ אין נייע, מער געלייטערטע, מער ריינע, און דערנענטערן זיי אַלץ מער צו דער אידישער רעליגיעזער קאָנצעפּציע וועגן גאָט; איר געבענטשטן איינפלוס אויסצואיבן, אַ שטרעבונג ביי זיי אַרויסצורופן, מער מאָראַלע לעבנס פאָרמען זיך אייגענען, פעסטערע עטישע פּרינציפּן צו דערווערבן.

א

# די דרשות של דופי וועגן דער אידישער געשיכטע פון קריסטלעכע פאָרשער

דאָס וויכטיקסטע אין דער אידישער געשיכטע פאַר דער צייט פון חורבן בית שני איז פאַר די מערסטע קריסטלעכע פאָרשער, וואָס שרייבן וועגן דער דאָזיקער תקופה, דאָס „ישו הנוצרי" קאַפּיטל. — די אידישע געשיכטע האָט פאַר זיי נאָר אויף אַזויפיל אַ ווערט, אויף וויפיל זי האָט זיין דערשיינונג מעגלעך געמאַכט. — די „בכבודיקע" אויפגאַבע זייערע צו פאַרלייקענען וואָס מער דעם ווערט פון די גרויסע אידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געווירקט אין אידישן לעבן פאַר דער צייט פון בית שני, כדי זיי זאָלן קענען וואָס מער „הללויה"ס דעם „אותו האיש" זינגען.

עס איז שוין אַזאַ מנהג ביי די קריסטלעכע געלערטע וואָס באַשעפטיקן זיך מיט שרייבן אידישע געשיכטע, צו פאַרעמפּלען אַלע ווילדע וועגן יעזוסן, ווען מען באַדאַרף און ווען מען באַדאַרף ניט, ווען עס איז דאָ דערויף די פּאַסיקע געלעגנהייט, און אויך דאַן, ווען די פּאַסיקע געלעגנהייט איז דערויף ניטאָ.

עס גייט ביי זיי, כמעט, קיין בלעטל ניט אַוועק, וואו זיי זאָלן ניט דערמאָנען אין צוזאַמעהאַנג — זייער הינקענדן, נאַטירלעך — מיט דעם, וואָס עס ווערט געזאָגט דאָרטן, דעם נאָמען זיינעם. נאָך יעדע עטלעכע שורות פאַרגלאָצן זיי די אויגן פרום און פאַרגייען זיך אין „הללויהס" זינגען צו אים. זיי טוען דאָס מיט מערקווירדיקער סיסטעמאַטישקייט, מיט מערקווירדיקער אויסגעהאַלטנקייט. עס איז עפּעס ווי אַ מין פּינקטלעך צו דער באַשטימטער צייט רפואה איינגעמען פון איינעם, וואָס דער דאָקטאָר האָט זי אים פאַרשריבן פאַר דעם געזונט זיינעם. דער דאָזיקער אַקט פון איינגעמען די פאַרשריבענע אים רפואה שטייט ביי אים ניט אין קיין שום צוזאַמעהאַנג מיט די אַלע אַקטן פון דעם טאָג לעבן וואָס ער מאַכט דורך. ניט די פריערדיקע

האַנדלונגען זיינע האָבן צו אים געפירט און ניט פירט ער ווידער צו די וויטערדיקע האַנדלונגען זיינע. ער שטייט מיט זיי אין קיין שום שייכות ניט. דאָך גיט אים אָבער אַ טראַג אין דער באַשטימטער צייט, ער זאָל דעם געבאָט פון דאָקטאָר מקיים זיין. און אָט אַזוי גיט זיי אויך אַ טראַג אַלע ווילע, אָן אַ שום צוזאַמענהאַנג, אָן אַ שום פאַרבינדונג, דעם קאָפּ צום „אותו האיש" צו פאַררייסן, גלאַט אַזוי זיך פון געזונט וועגן, פון געזונט וועגן פון יעזוסן ער זאָל אין וואָס מער שיינענדן ליכט געזען ווערן, וואָס מער זיין געטלעכקייט אונטער־צושטרייכן וואָס מער דעם גלויבן, אַז ער איז געווען דער שענסטער מענטשלעכער עקזעמפּליאַר, וואָס האָט ווען עס איז געלעבט, אויף יעדן איינעם אַרויפצוצווינגען.

וואָרים טאַקע נאָר דעם נאָמען פון דעם גרינדער פון זייער גלויבן צו פּרייזן, זיין געטלעכקייט צו באַווייזן און דעם גלויבן אין אים צו פאַרשפּרייטן איז דער הויפּט צוועק פון זייער שרייבן די אידישע געשיכטע.

די אַלע קאַפּיטלען פון דער אידישער געשיכטע פאַר דער צייט פון בית שני זיינען פאַר זיי אויף אַזויפיל וויכטיק, אינטערעסירן זיי נאָר אויף אַזויפיל אויף וויפיל זיי פירן צום קאַפּיטל „ישו הנוצרי". די אידישע געשיכטע האָט אין זייערע אויגן נאָר אויף אַזויפיל אַ ווערט, אויף וויפיל זי האָט מעגלעך געמאַכט זיין דערשיינען, אויף וויפיל זי האָט צום געבורט פון קריסטנטום געבראַכט. זיי זעען אים אין צענטער שטיין פון דער גאַנצער אידישער געשיכטע פאַר דער צייט פון בית שני. ער פאַרדונקלט זי פאַר זיי מיט דעם גרויסן ליכט, וואָס שטראַלט — ווי זיי גלויבן — פון אים אַרויס, די אַלע גרעסטע אידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן פאַר אים געלעבט. זיי אַלע זיינען נאָר פאַרבאַרייטונגען צו אים געווען. די אַלע פאַזן פון אַנטוויקלונג אין דער אידישער געשיכטע ביז צו דער „אותו האיש" דערשיינונג, האָבן אין איר — פאַרזיכערן זיי אונדז — זייער העכסטן תיקון געקראָגן. דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק האָט אין איר זיין העכסטע מדרגה דערגרייכט.

און דעריבער האַלטן זיי שטענדיק צו אים זייערע אויגן געווענדט.

זיי קאָרגן גאָר קיין מי ניט אויפצוזוכן איבעראַל, וואו עס לאָזט זיך נאָר, איבעראַל, וואו עס איז נאָר דאָ — אויבנאויף צוגייענדיק — די טעכנישע מעגלעכקייט דערויף, אָט יענע פּונקטן אין אידישן לעבן, אָט יענע פּרטים, וועלכע זאָלן זיי געבן די מעגלעכקייט נאָכאַמאָל און

ווידעראַמאָל זייערע באַהויפּטונגען צו ווידערהאָלן וועגן דעם לעגאַליזם, וואָס האָט — ווי זיי באַהויפּטן — דאָס גאַנצע אידישע לעבן באַהערשט פאַר דער צייט פון צווייטן בית המקדש, וועגן דער אָפּוועזנהייט, ווי זיי פאַרזיכערן אונדז, אין דער פאַר יענער גאַנצער צייט פון רעליגיעזן פּאַטאָס, פון הויכער מאָראַלער דערגרייכונג, פון הויכער מאָראַלער שלימות. זיי האַלטן אין איין קאָמענטירן די אַלע פאַרשיידענע דער־שיינונגען, וואָס לאָזן, אויבנאויף צוגייענדיק צו זיי, אָנהענגען אין זיך די אַלע „דרשות של דופי" זייערע, באַווייזנדיק דורך זיי, ווי ווייט די אידן זיינען געווען אין יענער צייט אַן „עם לא אמון בו", ווי ווייט זייער לעבן איז אַראָפּ דאַן פון דעם וועג פון גאָט זוכן פון אין גאָט זיך באַהעפטן, איבער וועלכן די נביאים האָבן אים געוואָלט פירן, און איז געגאַנגען כסדר איבער דעם וועג פון טויטן ריטואַליזם, פון מאַשינמעסיקער גאָט פאַרכטיקייט, מורמלענדיק דערביי שטענדיק: „עס האָט נאָך דעמאָלט דער גייסט פון יעזוס אויף דעם אידישן לעבן ניט גערוט".

און ווען זיי שטויסן זיך אָן אויף אַזוינע דערשיינונגען אין אידישן לעבן, וואָס די קדושה, וואָס באַלעבט זיי, שרייט פון יעדן „קוצו של יוד" זייערן אַרויס, אויף דערשיינונגען, וואָס שטראַלן פון בלענדענדן ליכט, פון גראַנדיעזער גרויסקייט, אויף מאָמענטן פון וואונדערלעכן מאַרטירערטום, אויף טאַטן פון רירנדער מסירות נפש, האָבן זיי ווידער אַן אַרבעט אַ גרויסן כח זיך אָנצוטאָן, כדי צו מאַכן צו קליין געלט דעם גאַנצן אינהאַלט פון די דאָזיקע דערשיינונגען. אויב זיי קענען ניט פאַרלייקענען זייער ווערט אינגאַנצן, זוכן זיי דערפאַר מיט אַלע מעגלעכקייטן די ווערט זייערע כאָטש וואָס מער צו פאַרקלענערן.

און פונקט ווי אין די אויבנדערמאָנטע פעלע האָבן זיי אויך אין די דאָזיקע פעלע אַ יעזוס שפּרוך צו פאַרענדיקן מיט אים זייערע חקירות.

אויב אין יענע פעלע פאַרענדיקן זיי מיט דעם קרעכץ, אַז די יעזוס שכינה האָט נאָך דאַן אויף דעם אידישן לעבן ניט גערוט, איז דער לעצטער אַקאָרד ביי זיי אין די דאָזיקע פעלע, אַז עס האָט שוין אַ בלאַסער שיין פון דעם גרויסן ליכט, וואָס האָט שפּעטער פון יעזוסן אַרויסגעשטראַלט, אויף יענעם דור גערוט. מיט אַ האַלב מויל זיינען זיי מודה, אַז מען קען ניט פאַרלייקענען, אַז די דאָזיקע דערשיינונגען פאַרמאָגן וויכטיקן אינהאַלט אין זיך. זיי איילן זיך אָבער אונטער צוצוגעבן באַלד אַז ער איז אָבער„ נאַטירלעך, ווערטלאָז, כמעט, ווען

מען פאַרגלייכט אים מיט דעם אינהאַלט פון דער יעזוס דערשיינונג, וואָס איז שפּעטער געקומען.

אָט אַזוי גיבן זיי אַלע זייערע טאַלאַנטן אַוועק, אָט אַזוי ברענגען זיי פיל צייט און ענערגיע אויס אויף די צוויי הויפּט אַרבעטן זייערע, ווען זיי שרייבן די אידישע געשיכטע: די אַלע חסרונות, וואָס זיי געפינען אין איר צו פאַרגרעסערן, און די אַלע מעלות צו פאַרקלענערן. דאָס איז די הויפּט טענדענץ, וואָס באַמערקט זיך ביי זיי אַלעמען.

און עס איז זיך שוין לייכט פאַרצושטעלן, וואָס פאַר אַ מין אָביעקטיוון היסטאָרישן אמת מען קען אין זייערע אידישע געשיכטן געפינען, אַז ביי זיי זיינען הענט און פיס געבונדן פון זייערע פּניות און כוונות דעם נאָמען יעזוס צו פּרייזן, אומאויפהערלעכע „הללויה"ס צו זיין גרויסקייט שטענדיק זינגען, אַז זיי זיינען שטענדיק הענט און פיס געבונדן פון זייערע קנאה־שנאה געפילן צו דער קדושה, וואָס זיי געפינען אין דער אידישער געשיכטע..

ביי דעם גאַנצן קרעדיט, וואָס מען באַדאַרף זיי געבן פאַר די פילע חדושים, וואָס זיי האָבן מחדש געווען בנוגע געוויסע אומקלאָרע פּונקטן אין אונדזער געשיכטע, ביי אַלעם דעם, וואָס מען קען ניט פאַרלייקענען, אַז וואָס אַמבאַלאַנאַגט געוויסע באַלייכטונגען, אויפקלערונגען צו געבן צו אייניקע איינצלנע, באַזונדער שטייענדע אין איר מאָמענטן, האָבן זייווירקלעך פאַרדינסטן גרויסע — ביי אַלעם דעם בלייבן זיי אָבער אַזוי שוידערלעך היגטערשטעליק, ווען עס קומט צום גאַנצן.. זיי האָבן קיין חוש ניט פאַר דעם אַלגעמיינעם גייסט, וואָס גייט, ווי אַ רויטער פאָדים דורך, דורך דער גאַנצער אידישער געשיכטע. נאָך די אַלע איינצלנע אַנאַליזן זייערע, נאָך די אַלע אויספירלעכע איינצלנע שטודיען זייערע, נאָך די אַלע דעטאַליזירטע שילדערונגען פון דעם אָדער יענעם פּרט וואָס זיי רייסן פון גאַנצן כלל אַרויס, דערריידן זיי זיך צו אַזוינע באַהויפּטונגען, וואָס גרעניצן זיך ממש מיט אַבסורדיטעט. זיי האָבן קיין אויגן ניט צו זען דאָס נשמה ליכט, וואָס שטראַלט פון איר אַרויס, איר איינהייטלעכקייט, דעם גייסט, וואָס שוועבט איבער איר. זיי קענען זיך ניט איינטיפן אין דעם זין אירן און איינלעבן זיך אין די צילן און צוועקן, צו וועלכע זי האָט געשטרעבט שטענדיק.. קאַלט, טויט, נשמהלאָז קומט ביי זיי די אידישע געשיכטע אַרויס. אָנשטאָט באַגייסטערונג — פּאָלעמיק. אָנשטאָט פּאַטאָס — סנאָבישע רואיקייט, טענדענציעזע רשעותדיקע חקירות. דאָס גאַנצע בילד, וואָס באַדאַרף געשילדערט ווערן פאַר אונדז, ווערט

איבערגעבראָכן, ווערט צעפאַלן. אָנשטאָט צו געבן אונדז די אידישע געשיכטע אין איר גאַנצקייט, גיבן זיי זי אונדז אין צעברעקלטקייט, אין צעשפּליטערטקייט. אָנשטאָט צו געבן זי פאַר אונדז אויף אַ וועג, זי זאָל פאַר אונדז אַליין מיט איר אויגן מוילריידן, טרעטן זיי מיט זייערע ביין מאָס קטיגורישע רייד אויף איר אַרויס.

וואָרים אין אמתן האַנדלט זיך ניט נאָר אין דעם, וואָס זיי האָבן קיין אויגן ניט צו זען דאָס נשמה ליכט, וואָס שטראַלט פון איר אַרויס, וואָס זיי קענען זיך ניט אין דעם זין אירן איינטיפן, נאָר פיל מאָל מער אין דעם, וואָס פון לכתחילה אָן גייען זיי, ווי איך האָב גאָר פריער געזאָגט, מיט בייזוויליקע כוונות צו צו איר, מיט בייזע שנאה קנאה געפילן צו דער קדושה, אין וועלכער זי איז איינגעהילט, מיט דער זייער בכבודיקער אויפגאַבע פאַרלייקענען וואָס מער דעם ווערט פון די גרויסע אידישע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געווירקט אין איר, כדי די גאַנצע גדולה, דער גאַנצער לויב, דער גאַנצער רום זאָל דעם „אותו האיש״ קענען אַוועקגעגעבן ווערן.

און אויך דער גרויסער ערנעסט רענאַן האָט דעם דאָזיקן וועג ניט אויסגעמיטן. אויך ער האָט זיך אָפּטמאָל אויף דעם דאָזיקן וועג אַוועקגעלאָזט אין דער אידישער געשיכטע זיינער. אויך ער איז באַהערשט געוואָרן פון דער דאָזיקער טענדענץ, וואָס מער די גרויסקייט פון יעזוס אונטערצושטרייכן, וואָס מער דעם ווערט פון די גרויסע אידישע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן פאַר אים געלעבט, צו פאַרקלע־נערן. אויך פאַר אים איז די צענטראַלע פיגור אין דער אידישער געשיכטע פאַר דער גאַנצער צייט פון חורבן בית שני יעזוס געווען. אויך פאַר אים איז יעזוס דער לעצטער, העכסטער פונקט אין דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער אידישער געשיכטע געווען, דער העכסטער אויסדרוק פון די דערגרייכונגען פון אידישן פאָלק.

ב

# ערנעסט רענאַן און בן סירא

ווייניקער נאָך פון פילע אַנדער גרויסע אידישע פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן ביי רענאַנען ניט נושא חן געווען, האָט בן סירא אין זיינע אויגן חן געפונען. — בן סיראס גלויבן, אַז גערכטיקייט רעגירט איבער דער וועלט, און רענאַנס איראָניזירונג איבער דעם דאָזיקן גלויבן. — הייליקע, נאַאיווע גלויביקע, וואָס זעען נאָר קדושה איבעראַל. — דער פלאַכער אינהאַלט פון רענאַנס איראָניזירונג און דער טיפער אינהאַלט פון בן סיראס נאַאיוון גלויבן.

צווישן די פילע היסטאָרישע העלדן אונדזערע, וואָס האָבן ניט זוכה געווען צו סימפּאַטישער באַציאונג מצד ערנעסט רענאַן, ווען ער שרייבט וועגן זיי, ווערט פון אים באַזונדערס אויסגעטיילט אין דער דאָזיקער הינזיכט ישוע בן סירא. ווען ער שרייבט וועגן בן סירא, איז ער נאָך מער איינזייטיק, טענדענציעז, פאַרפירענד, ווי ווען ער שרייבט וועגן די אַלע אַנדערע. ער האַלט אין איין געפינען חסרונות אין אים. אַז ער באַדאַרף פאַרוואַרפן אַ מאָל אַ גוט וואָרט פאַר אים טוט ער עס „כאלו כפאו שד". און אויף יעדער מעלה, וואָס ער געפינט אין אים, שטעלט ער צען חסרונות, צו וועלכע ער דערגראָבט זיך נאָך פיל מי, אַרויס. ער קומט צו אים אָפטמאָל אויך מיט אַזוינע טענות, וואָס מאַכן גאָר ניט קיין קליינעם לעכערלעכן איינדרוק. אָט אַזוי דערציילט ער אונדז אין אַ גאַנץ ערנסטן טאָן, אַז בן סירא באַווייזט אונדז ניט די ריכטיקייט פון זיין באַהויפּטונג, אַז גערעכ־טיקייט רעגירט די וועלט, אַז גאָט צאָלט יעדן נאָר לויט זיינע מעשים נאָך: דעם צדיק, לויט זיינע גוטע מעשים נאָך, און דעם רשע, לויט זיינע שלעכטע מעשים.

„אוי וויי" — שרייט ער אויס — ליידער גיט אונדז ניט בן סירא קיינע באַווייזע, וואָס זאָלן אַרויפצווינגען אויף אונדז די איבערצייגונג אין דער באַהויפּטונג, וואָס ער מאַכט וועגן דעם שטענדיקן טריאומף פון דער צדקות" — גלייך, ווי דאָס, וואָס דאָס לעבן איז אין דערווירקלעכקייט אַ חזיר־שטאַל, קען אַפילו אויף אַ האָר אונדז שטערן

פון צו באַוואונדערן מיט דער גרעסטער אַנטציקונג די הייליקע נאַאיווע פערזענלעכקייטן, וואָס זעען נאָר קדושה איבעראַל אין לעבן, וואָס אַלעס אין לעבן זעט אין זייערע כשרע, ריינע אויגן נאָר ריין און שיין אויס. גלייך, ווי דאָס, וואָס דאָס לעבן איז אין דערווירקלעכקייט אַ שלאַכט־הויז קען אונדז ווייניקער פעאיק מאַכן צו באַוואונדערן דעם וואונדער־לעכן גלויבן פון די טיף־רעליגיעזע נשמות, אַז „עולם חסד יבנה״, אַז דער יסוד, אויף וועלכן די וועלט האַלט איר קיום אָן, איז חסד; די טיפע איבערצייגונג זייערע, אַז „אחרית רשעים נכרתה״, אַז „יש שכר לצדיק״, פונקט, ווי דאָס, וואָס אַפּעלירט אַממערסטן צו אונדז אין די קאַנאַניזירטע עטישע ספרים איז ניט זייער כשרער, פרומער אופן פון אויפנעמען דאָס לעבן, זייער טיפער שטאַרקער גלויבן אין דער געטלעכער השגחה.

און נאָך מער. אויך בנוגע טאַקע דעם עצם עיקר פון דעם פּראָ־בלעם איז די פּאָזיציע פון בן סורא גאָר ניט אַזאַ שוואַכע און די פּאָזיציע פון רענאַן, וואָס איראָניזירט איבער זיין נאַאיוון גלויבן, גאָר ניט אַזאַ שטאַרקע.

דער גלויבן, אין דעם ברייטערן, מער אַרומנעמענדן זין זיינעם, אין שכר ועונש אויף דער וועלט, אין דער עקזיסטענץ פון אַן עטישן פּרינציפּ, וואָס רעגירט איבער דער וועלט, האָט מער באַגרינדונג אין דער אַקטועלער לעבנס־אָרדנונג, ווי די איראָניזירונג איבער דער נאַאיוויטעט פון די וואָס גלויבן אין דעם. ס׳איז אין אים פיל מער טיפע לעבנס וויזהייט פאַראַן, ווי אין דער פלאַכער איראָניזירונג איבער אים. ווי אַלע פילע אַנדערע עטישע פּרינציפּן, וואָס זיינען אַ פּראָדוקט פון פיל דורותדיקער אַנטוויקלונג, פון אָנגעזאַמלטער חכמה, פון אָנגעזאַמלטער דערפאַרונג, פון אָנגעזאַמלטער באַאָבאַכטונג, אַזוי איז אויך דער דאָזיקער גלויבן כלל ניט קיין איינגעשאַפּט פן דעם פּרימיטיוון מענטש־לעכן שכל, נאָר פון העכערער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג, און אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס נאָך, ווי די רעליגיאָן בכלל, אין איר הויפּט עיקר, אין דעם גלויבן אין אַן „עילת כל העילות״ — איז עס.

דער דאָזיקער גלויבן איז דיקטירט פון דערפאַרונג, וואָס דורות פילע האָבן אין זייער לעבן דערוואָרבן. די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז צו אים דערגאַנגען נאָכדעם, ווי דער מענטשלעכער שכל איז שוין רייף געווען גענוג, ער זאָל קענען די לעבנס דערשיינונגען באַאָבאַכטן און אַנאַליזירן, פאָרשן און סיסטעמאַטיזירן און אונטער־וואַרפן זיי אונטער רעגולירנדע און איבער זיי הערשנדע פּרינציפּן.

און ווירקלעך, דער דאָזיקער גלויבן אין דער דעטערמינירטער שייכות צווישן דעם שלעכטן טאַט און די שלעכטע פאָלגן פון דעם, וואָס באַגייט אים איז כלל ניט אויסשליסלעך געאייגנט נאָר צו די גלויביקע. אין דער אָדער אין יענער פאָרם איז ער דער אָנגענומענער גלויבן פון דער גאַנצער קולטורעלער מענטשהייט. און ניט ווייניקער. ווי די אינערלעכע איבערצייגונג פון דעם גלויביקן, איז ער אויך די אינערלעכע איבערצייגונג פון רעגאַן אַליין געווען, טראָץ זיין איראָ־ניזירונג. דער דאָזיקער גלויבן באַלאַנגט ווידער אפשר אויך צו דער צווייטער קאַטעגאָריע פון אינטעלעקטועלע אינסטינקטן, דורך וועלכע דער מענטש ווערט אָפּגעטיילט פון דער בעלי חיים וועלט, מיט וועלכער ער איז אַ שותף אין דער ערשטער קאַטעגאָריע פון ריין פיזיאָלאָגישע אינסטינקטן. זיכער איז אָבער, אַלנפאַלס, אַז דער דאָזיקער גלויבן אין זיין הויפּט טיפערן שורש איז איינער פון די וויכטיקסטע יסודות, אויף וועלכע עס האַלט זיך דאָס צוזאַמענלעבן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

דער גלויבן — אין דער אָדער יענער אינטערפּרעטאַציע — אין דעם עונש, וואָס גייט צוזאַמען מיט דעם חטא, אין דעם לוין, וואָס פאָלגט נאָך דער גוטער אויפפירונג, איז דאָ ביי אַלע מענטשן, פּונקט ווי עס איז פאַראַן די שטרעבונג ביי אַלע מענטשן צו גוטער אויפפירונג, צו איבערצייגונג, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ גוטע אויפפירונג, אַז מען באַדאַרף זיך אין איר האַלטן שטענדיק.

דער „יצר לב האדם רע מנעוריו" מעג זיך זיין אמת, ווען מיר זאָלן אין דעם רע ניט אַריינלייגן קיין צו־עקסטרעמען אינהאַלט, ווען מיר זאָלן אים אויסטייטשן נאָר אין דעם זין פון „סור מטוב". די שטרעבונג אָבער פון מענטשן, דער געדאַנק זיינער, זיינען אין די רעגיאָנען פון טוב. מער ניט, פילע מענטשן זיינען מאָראַליש צו שוואַך, זיי זאָלן קענען רעאַליזירן זייער שטרעבונג אין מעשים. דער טאַט זייערער זאָל דעם געדאַנק קענען אָניאָגן.

רענאַן איראָניזירט אַזוי איבער דער באַהויפּטונג פון בן סירא, אַז גאָט באַצאָלט דעם צדיק כצדקתו און דעם רשע כרשעתו גלייך, ווי עס וואָלט אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט געווען, אַז אין לעבן קומט דווקא נאָר פאַרקערט שטענדיק פאָר, אַז די אַלע צדיקים, וואָס געפינען זיך אויף דער גאָרער וועלט, ליגן ביין היילן אין דער ערד שטענדיק און דער מצב פון די אַלע רשעים איז נאָך בעסער פון גוט שטענדיק, גלייך, ווידער, ווי דער דערפאָלג פון דעם רשע איז

אויסשליסלעך נאָר פון זיין רשעות אָפּהענגיק און אויך דער מיס־דערפאָלג פון צדיק איז נאָר פון זיין צדקות פאַראורזאַכט.

ווי שלעכט אָבער דאָס לעבן איז ניט, איז עס אָבער דאָך אַלץ ניט אַזוי שלעכט, אַז די דערשיינונגען פון „צדיק אובד בעניו״, פון „דרך רשעים צלחה״ זאָלן די נאָרמאַ אין לעבן זיין. ווי שלעכט עס איז ניט, איז עס ווידער, אוודאי, דאָך נאָך אַלץ ניט אַזוי שלעכט, אַז איינער זאָל מוזן דווקא אַ רשע מרושע זיין דערויף, ער זאָל קענען דערפאָלג האָבן אין זיין לעבן אַז דער מיסדערפאָלג פון איינעם זאָל מוזן פאַראורזאַכט ווערן שוין פון דעם אַליין, וואָס ער איז אַ צדיק.

נאָך אַלעמען איז די דערשיינונג פון „צדיק ורע לו״ און „רשע וטוב לו״ ניט די נאָרמא אין לעבן. אויף וויפיל ווידער, מיר זאָלן נאָך דעם צדיק מיט דעם רע און דעם רשע מיט דעם טוב פאַרבינדן, מיר זאָלן זיי אין דער שייכות פון סבה און מסובב שטעלן, איז זי אוודאי ניט די נאָרמא פון לעבן..

און ווייל זיי זיינען ניט די נאָרמא אין לעבן, זיינען זיי ניט גענוג פאַר דעם טיף גלויביקן מענטשן צו לייקענען צוליב זיי אין השגחת הבורא. די איראָניזירונג דעריבער פון רענאַן איבער דעם נאַאיוון גלויבן פון בן סירא אין אַן עטישן סדר העולם איז ס־ווי־סיי באָדנלאָז.

ווי שוין פריער אָבער געזאָגט, איז אויך אָביעקטיוו גענומען האָט די דאָזיקע איראָניזירונג אַ שוואַכן באָדן אונטער זיך. אין אַלגעמיינעם כאַראַקטער אירן האָט די באַהויפּטונג פון בן סירא, אַז גאָט באַצאָלט דעם צדיק כצדקתו און דעם רשע כרשעתו, מער באַרעכטיקונג ווי די איראָניזירונג פון רענאַן איבער דער דאָזיקער באַהויפּטונג.

אויף וויפיל עס מוז אָנגענומען ווערן אַלס אמת, אַז פאַרברעכן ווערט פריער אָדער שפּעטער אין דער אָדער אין יענער פאָרם באַ־שטראָפט, אַז עטישע לעבנספירונג ווערט אין די מערסטע פעלע באַ־לוינונג פאַר דעם מענטשן ברענגען, אַז אַפילו דאָס פיזישע וואוילזיין פון מענטשן, אויף וויפיל דער, וואָס איז צוריקגעהאַלטן, וואָס קאָנטראָ־לירט די עמאָציאָנען זיינע, וואָס גיט ניט נאָך זיינע תאוות, קען מער זיין געזונט אָנהאַלטן, קען מער אויף אריכות ימים האָפן, ווי דער, וואָס ווייסט פון קיין צוים, פון קיין קאָנטראָל ניט, הענגט פון זיין מאָראַלער אויפפירונג אָפּ; אויף וויפיל דאָס אַלעס איז אמת, מוז אויך די דאָזיקע באַהויפּטונג אין דעם ברייטן זין אירן, אין דעם זין, אַז אַ העכערער עטישער פּרינציפּ רעגירט אין לעבן, אַלס אמת באַ־טראַכט ווערן.

און ספּעציעל ווען מען רעדט נאָך וועגן דעם קאָלעקטיוון לעבן פון דער מענטשהייט מוז אוודאי אָנגענומען ווערן אַלס אמת די באַהויפּטונג, אַז די הויפּט נאָרמא אין דער אויפפירונג פון דער וועלט איז ניט די פאַרלעצונג פון די עטישע פּרינציפּן, נאָר די רעאַליזירונג זייערע, אַז „עולם חסד יבנה", אַז די וועלט האַלט איר קיום אָן נאָר דערפאַר וואָס דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין די אַלע פאָרמען זיינע איז ביז צו אַ געוויסער מדרגה אויף חסד, אויף רחמים געבויט. ווען עס וואָלט ניט זיין אַזוי, ווען די אויפפירונג פון דער וועלט וואָלט געווען אויף די פּרימיטיווע אינסטינקטן, וואָלט קיין געזעלשאַפטלעך לעבן ניט געקענט געמאָלט זיין, וואָלט דאָס אַנשטיין, די עקזיסטענץ פון אונדזער גאַנצער קולטור ניט מעגלעך געווען. ווען אַפילו מיר וואָלטן ניט האָבן די דערציילונג וועגן מבול, וואָלטן מיר זיך געקענט גאַנץ לייכט פאָרשטעלן, אַז ווען די מענטשהייט וואָלט צוגעגאַנגען צו דער מדרגה פון „השחית כל בשר את דרכו על הארץ", וואָלטן די רעזולטאַטן פון דעם עונש, וואָס זי וואָלט דערפאַר געהאַט, ניט קיין פיל מער פריילעכע געווען, ווי די רעזולטאַטן, וואָס דער מבול, וועגן וועלכן עס ווערט דערציילט אין דער תורה, האָט מיט זיך געבראַכט.

און דאָסזעלבע איז אויך אין באַצוג צו באַזונדערע פעלקער. עס קען דאָ גאָר ניט העלפן דאָס איראָניזירן וועגן דעם נאַאיוון גלויבן אַז די השגחה העליונה וואַכט איבער דער פירונג פון מענטשן, זי זאָל זיי באַלוינען פאַר זייערע גוטע מעשים און באַשטראָפן זיי פאַר די שלעכטע. דערוויַיל ביז איצט איז פאָרט אַ שטענדיקע דערשיינונג געווען אין לעבן, אַז אַ פאָלק, וואָס וואַרפט גאָר אינגאַנצן אַראָפּ פון זיך די דיקטאַטור פון מאָראַל, אַז אַ פאָלק, וואָס ווערט דעגע־נערירט מאָראַליש, ווערט אויך דעגענערירט אין אַלע פאַזן פון זיין לעבן, אַז אַזאַ פאָלק מוז סוף כל סוף צעפאַלן ווערן נאָך אַ לענגערער אַגאָניע אָדער נאָך אַ קירצערער, אַז אַזאַ פאָלק מוז סוף כל סוף פון דער סצענע אַראָפּ ; אַז דאַגעגן ווידער, אַזאַ פאָלק, וואָס דאָס גאַנצע לעבן זיינס איז דורכגעוועבט מיט די בעסטע מענטשלעכע טוגענדן, וואָס זיין אויפפירונג איז פון זעלבסט קאָנטראָל געצוימט, אַז אַזאַ פאָלק מוז די העכסטע שטופע פון מאַכט, גליק און דערפאָלג דערגרייכן, אַז אַזאַ פאָלק מוז מיט גרויסן אריכות ימים געבענטשט ווערן, מוז לאַנג אָנגעהאַלטן ווערן דער קיום זיינער.

און נאָך וויניקער איז די איראָניזירונג פון רענאַן איבער בן סירא

אַמפּלאַץ, ווען מיר נעמען אין אַמבאַטראַכט, אַז בן סירא רעדט וועגן שכר ועונש אין אַ גאַר ברייטן זין, אַז ער רעדט כלל ניט וועגן דעם שכר אָדער דעם עונש, וואָס באַגלייט דעם טאַט אויף גאָר אַן ענגן, דירעקטן וועג. אַלס שכר אָדער עונש פאַר אַ גוטן טאַט אָדער פאַר אַ שלעכטן ווערט ביי אים פאַררעכנט ניט נאָר דער עונש, וואָס קומט בידי שמים, ניט נאָר אַפילו דער עונש, וואָס קומט בידי אדם אין דער פאָרם פון געריכטלעכער קרימינעלער שטראָף, נאָר אויך די פאַראורטיילונג פון די אַרומיקע מענטשן צום חוטא: זיין שפּלותדיקע שטעלונג וואָס ער האָט אין דער געזעלשאַפט, אָדער, פאַרקערט, דער גרויסער כבוד, וואָס דער צדיק געניסט, דער אָפּשיי, וואָס אַלע האָבן פאַר אים. דער שכר אָדער דער עונש, ווידער, פאַר אַ גוטן אָדער שלעכטן טאַט ווערט פאַרבונדן ביי אים ניט נאָר מיט דער פּערזאָן, וואָס באַגייט דעם טאַט, נאָר אויך מיט די דורות, וואָס קומען אַרויס פון אים, אין דעם זין, אַז די גוטע קינדער, וואָס קומען אַרויס פון פרומען, ערלעכן מענטשן מחמת דעם, וואָס זיי ווערן דערצויגן אין אַ פיין הויז, מחמת דעם, וואָס די גוטע אויפפירונג פון זייערע עלטערן דינט זיי אַלס ביישפּיל, זיינען עס דער שכר פון צדיק, און די שלעכטע קינדער, ווידער, וואָס קומען פון רשעים אַרויס, מחמת זיי ווערן אין אַ פאַרדאָרבענער סביבה דערצויגן, מחמת דעם, וואָס זיי האָבן אַלס אַ שטענדיקן ביישפּיל זייערע עלטערן, זיינען עס דער עונש פון רשע.

ג

# די עטישע לערע פון בן סירא

שפּאַט און פאַראַכטונג. — די בעלי בתישע השגות, וואָס רענאַן געפינט ביי בן סיראַן. — בלבולים און שקרים. — די עפּילעפּטישע קאָנוואולסיע רעליגיע־זיטעט פון עוואַנגעליום און דאָס פיינע רעליגיעזע געמיט, די טיפע רעליגיעזע איבערצייגונגען פון בן סירא. — רענאַנס באַשולדיקונג אין פיליסטעריי. — וואָס עס ווערט פון דער דאָזיקער באַשולדיקונג, ווען מען זוכט אַ באַ־שטעטיקונג פאַר איר אין דעם, וואָס בן סירא האָט געשריבן. — דער וואונדערלעכסטער מוסר־ספר. — בן סיראס עטישע לערע.

אויסער איראָניזירנדן געלעכטער פאַרמאָגט ער, רענאַן, אויך שפּאָט פאַר בן סירא, אויך פאַראַכטונג.

דער גרויסער שיינגייסט — וואָס ער איז עס ווירקלעך געווען רענאַן — קען ניט פאַרטראָגן די בעל־הביתישע געלאַסנקייט, די בעל־הביתישע השגות, די בעל־הביתישע מאָראַל פון בן סירא. ער שטעלט אים אַרויס אַלס בורזשואַ, אַלס פיליסטער. ער איז — פאַרזיכערט אונדז רענאַן — אין די אָנשויאונגען, אין די אידייען, וואָס ער פּריי־דיקט, דער פאָרשטייער פון דעם מיטלקלאַס. דער גרעסטער אידעאַל זיינער — דערציילט ער אונדז — איז וואָס באַקוועמער אין לעבן זיך איינצוּאָרדענען. דערפאַר פּריידיקט ער אַזוי שטאַרק געזעצטקייט, דערפאַר האַלט ער זיך אַזוי פעסט אין מיטלוועג. ער האָט ניט קיין שוואונג, ער האָט ניט קיין רעליגיעזן פּאַטאָס. זיין ווייזהייט איז די ווייזהייט פון דעם קלוגן, פאַרגעניגן זוכנדן בורזשואַ, וואָס גייט האַרט ביי דער ערד שטענדיק.

מען באַדאַרף זיך אָבער אויך וועגן דער דאָזיקער באַהויפּטונג פון רענאַן באַנוצן מיט דעם זעלבן רעטאָרישן אויסרוף, מיט וועלכן ער באַנוצט זיך, ווען ער רעדט וועגן דעם גלויבן, וואָס בן סירא וויל איינפלאַנצן ביי זיינע לעזער וועגן דעם, אַז די וועלט ווערט מיט גערעכטיקייט פון גאָט געפירט, מיט דעם זעלבן רעטאָרישן אויסדרוק זיינעם, וועלכן מיר האָבן אין פאַריקן קאַפּיטל געבראַכט.

אוי וויי — לעזט זיך דער דאָזיקער אויסרוף, לויט ווי מיר האָבן

אים ציטירט דאָרטן — לײדער באַװײזט ער ניט בן סירא די ריכטיקײט פון זײן באַהױפּטונג. לײדער פעלן אין לעבן די באַװײזן, װאָס זאָלן אונדז איבערצײגן, אַז עס קומט, װירקלעך, פאַר אַזױ.

— אױ װײ — קענען מיר אין דעם פאַל מיט פיל מער רעכט אױסשרײען — לײדער — פאַר אים, פאַר רענאַנען — באַװײזט ער ניט די ריכטיקײט פון די באַהױפּטונגען, װאָס ער מאַכט װעגן בן סיראַן. לײדער פעלן אין ספר בן סירא די באַװײזע, װאָס זאָלן אונדז איבערצײגן, אַז בן סירא איז, װירקלעך, געװען אָט דאָס אַלעס, װאָס רענאַן פאַרזיכערט אונדז, אַז ער איז געװען.

אמת, עס איז ניטאָ אין ספר בן סירא קײן רעליגיעזע היסטעריע, װי זי געפינט זיך אין עװאַנגעליום, קײן עפּילעפּטישע, קאָנװאולסיװע רעליגיעזיטעט, װי דאָרטן. דערפאַר אָבער איז דאָרטן פאַראַן פײן רעליגיעז געמיט, טיפע רעליגיעזע איבערצײגונגען, טיפער, דורכגע־לעבטער גלױבן, װי מיר קענען זיך איבערצײגן פון דעם, מיט װאָס פאַר אַ קראַפט, מיט װיפיל פּאַטאָס ער מאַניפעסטירט זײן גלױבן אין גאָט, מיט װאָס פאַר אַן אינערלעכער איבערצײגונג ער פּרעדיקט די אנשויאונג זײנע, אַז מיר באַדאַרפן ניט אורטײלן די השגחה העליונה לױט דעם, װי מיר זעען די פּירונגען אירע אין די אָדער יענע אײנצלנע מאָמענטן אין באַצוג צו מענטשן, נאָר מיר באַדאַרפן זי אורטײלן לױט דעם, װי זי מאַניפעסטירט זיך אין דעם לאַנגן המשכדיקן דױער פון דער צײט, אַז אין דער לעצטער שורה מוז פאַר דער גערעכטיקײט זיג געבראַכט װערן, טראָץ דעם, װאָס אין אײניקע פּאַראױסגײענדע פּונקטן טרעט זי אַרױס פאַר אונדז װי אַ געקריװודעטע.

אָט דאָס אַלעס צוזאַמען מיט די תפלות, װאָס קרײצן דורך דעם גאַנצן ספר, צוזאַמען מיט די תפלות, װאָס זײנען פון אַזױ פיל רעלי־גיעזער דורכלעבונג דורכגעדרונגען, צוזאַמען װידער מיט דער אָפּ־װעזנהײט אין דעם ספר זײנעם פון אבערגלױבנס, צוזאַמען מיט דעם באַקעמפן זײנעם דעם גלױבן אין חלומות, אין כשוף און אַלע אַנדערע ענלעכע גלױבנס, מאַכן דעם ספר בן סירא פאַר אַ ספר, װאָס איז אין אמתער רעליגיעזער אַטמאָספערע אײנגעהילט, װאָס טיף רעליגיעז געפיל אָטעמט פון דעם אַרױס, דאַן, װען דער עװאַנגעליום, אױף װיפיל עס איז אפילו פאַראַן אין דעם אַ ביסל רעליגיעז געפיל, איז דאָס דעגענערירט, איז דאָס מיט װילדן גראָז באַװאַקסן, דאַן, װען דער עװאַנגעליום איז אין הױפּט אינהאַלט זײנעם אָבער גאָר אינגאַנצן ניט קײן רעליגיעז בוך, װאָרים עס איז ניט קײן בוך פון רעליגיעזע

איבערצייגונגען, פון רעליגיעזע אַנשויאונגען, נאָר אַ בוך פון רעלי־גיעזע אבערגלויבנס, פון ווילדע, אומגעלומפּערטע, רעליגיעזע בבא מעשיות. ניט גאָטס גייסט שוועבט איבער דעם אָרום. עס הערשט אין דעם אַן אַטמאָספערע פון שדים, רוחות, גלגולים און דבוקים.

און דאָס זעלבע איז אויך בנוגע דער באַשולדיקונג אין פיליס־טעריי, וואָס רענאַן וואַרפט אויף בן סיראַן. אוודאי פּרעדיקט ניט בן סירא קיין עסקטרעמען אַסקעטיזם, קיין מאַזאָכיסטישע זעלבסטפּאַר־פּייניקונג. אוודאי פּרעדיקט ער ניט קיין פאַרניינונג פון לעבן. זאָגן אָבער אויף אים, אַז אין די אַנשויאונגען, אין די אידייען, וואָס ער פּרעדיקט, איז ער דער פאַרשטייער פון דער בורזשואַזיע, אַז ער איז דער אידעאָלאָג פון דעם פאַרגעניגן זוכנדן און פאַרגעניגן געניסנדן בורזשואַ — קען קיין גרעסערער שקר מוחלט דערפון ניט זיין.

„ברויט און וואַסער, אַ הויז און אַ קלייד צו פאַרדעקן דיין נאַקעט־קייט — דאָס אַלץ איז גענוג פאַר דעם לעבן פון מענטשן״.

„די ליבע צו גאָלד איז ווי אַן אבן נגף פאַר יעדן. די אַלע, וואָס יאָגן זיך נאָך דעם, מוזן געשטרויכלט ווערן״.

„צווישן די פון ווייַן באַזויפטע זאָלסטו זיך ניט געפינען, ווארים פיל זיינען די מחנות פון די, וואָס פאַלן געהרגעט דורך אים״.

„ווי דער פלאָקן, וואָס שפּאַרט פון צווישן די ציגל פון דער וואַנט אַרויס, אַזוי שפּאַרט אויך אַרויס דער אומרעכט פון צווישן דעם האַנד־לען און וואַנדלען״.

אָט דאָ האָט איר די מוסטערן פון די לערן, אין וועלכן בן סירא פּרעדיקט די אַנשויאונגען פון דעם בורזשואַ, אין וועלכע עס געפינט דעם אויסדרוק אירן די אידעאָלאָגיע פון דעם פאַרגעניגן זוכנדן בורזשואַ.

און ווי די דאָזיקע באַהויפּטונג פון רענאַנען וועגן בן סירא געפינט איר פּונקט פאַרקערטע אילוסטראַציע אין די לערן פון לעצטן, אַזוי שטייט עס אויך מיט די אַנדערע באַהויפּטונגען, וואָס רענאַן מאַכט. ער דערציילט אונדז, אַז בן סירא איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פון רייכע לייט, ווי בכלל פון אַלע מאַכטהאָבער, אַז ער הייסט זיין געהאָרכזאַם צו זיי, ניט שטעלן זיך זיי אַנטקעגן. און כאָטש ער ציט ניט דערביי קיין פּאַראַלעלן צווישן ישוע בן סירא און ישוע פון נצרת, פילט מען פונדעסטוועגן, אַז ער האָט דאָך אין זינען געהאַט בשעת ער האָט די דאָזיקע באַהויפּטונג געמאַכט, עס זאָל אונטערשטראָכן ווערן די גוואַלדיק גרויסע מדרגה פון ישוע פון נצרת, וועלכער האָט

שוועבל און פעך געשאָטן אויף די רייכע לייט, וועלכער האָט זיי צום אייביקן גיהנום פאַראורטיילט.

סיי ווי אָבער, ווען מען גייט צום טעקסט פון בן סירא, זעט מען, אַז אויב ער קען עפּעס אילוסטרירן איז דאָס נאָר אַ באַהויפּטונג, וואָס וואָלט זיין דער היפוך פון דער באַהויפּטונג, וואָס רענאַן מאַכט.

אמת, בן סירא שרעקט ניט די נגידים מיט דעם גיהנום, ווי ישוע הנוצרי טוט עס. בן סירא אָפּערירט גאָר אינגאַנצן ניט מיט דעם ענין פון גיהנום, ווי ער אָפּערירט אויך ניט מיט דעם ענין פון שדים, רוחות, וועלכע געפינען אַזאַ וואַרעמען נעסט פאַר זיך אין עוואַנגעליזם. אין די אַלע רייד אָבער, וואָס מיר געפינען אין בן סירא וועגן די רייכע לייט, זעט מען גענוג בולט, ווי ווייט ער איז געווען פון קוקן אויף זיי פון אונטן אַרויף, וואָס פאַר אַ מין וואַרעמע געפילן, וואָס פאַר אַ שטאַרקע ליבע ער האָט פאַרמאָגט פאַר זיי, אויף ווי ווייט ער האָט געקוקט אויף דעם גביר, ווי אויף אַ העכערן טיפּ מענטש, און אויף דעם אָרימאַן — ווי אויף אַ נידעריקן מענטשלעכן עקזעמפּלאַר.

„אומכבוד פאַר אַן אָרימאַן אַ צדיק און כבוד פאַר אַ רייכן אַ רשע — אומווירדיק זיינען די דאָזיקעביידע זאַכן".

„דו זאָלסט זיך ניט חברן מיט קיין גביר און עושר, ווארים דו וועסט נעמען דורך דעם אויף די אַקסלען דיינע אַן עול, וואָס י״ו וועסט ניט קענען טראָגן".

„וואָס פאַר אַ חברשאַפט קען עס זיין צווישן דעם ערדענעם טאָפּ און דעם קופּערנעם טאָפּ? ווען זיי קומען זיך צוזאַמען, איז דער ערשטער מוז ברעכן און דער צווייטער מוז צעבראָכן ווערן".

„דער רייכער בעוולהט און באַליידיקט נאָך דערצו און דער אָרימאַן ווערט געקריוודעט און דאַרף נאָך דאַנקען דערפאַר".

„ווען דו וועסט אים נוצלעך זיין — דעם רייכן — וועט ער דיר מקרב זיין און ווען דו וועסט זיין אין נויט, וועט ער זיך דערווייטערן פון דיר".

„ווי דער שלום צווישן דעם הונט מיט דער היענע אַזוי איז דער שלום פון דעם נגיד מיטן אָרימאַן".

„ווי דער לייב פאַרצוקט די ווילדע חיות פון דער מדבר, אַזוי איז דער אָרימאַן די פּאַשע פון דעם רייכן".

מיט אַזוינע שבחים און פילע אַנדערע, וואָס זיינען ענלעך אויף

די דאָזיקע, באַזינגט בן סירא די „נשמה יתירה" פון דעם רייכן מאַן, דעם „יתר שאת" זיינעם איבער די ניט רייכע מענטשן.

און עס איז אמת אפילו, ווי רענאַן זאָגט, אַז בן סירא הייסט געהאָרכזאַם זיין די רייכע לייט און די מאַכטהאָבער. פון דעם אַלעם אָבער, וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט פון בן סירא, איז קלאָר, אַז בן סירא האָט בשום אופן ניט געקענט פרעדיקן געהאָרכזאַמקייט צו די רייכע דערפאַר, וואָס ער איז אַ „רבי מכבד עשירים" געווען, ווי רענאַן וויל אונדז מאַכן גלויבן. מען מוז דעריבער זוכן דערפאַר גאָר אַן אַנדער מאָטיווירונג, אַ מאָטיווירונג, וואָס זאָל זיין אין איינ־קלאַנג מיט דעם, וואָס בן סירא האָט צו זאָגן אין די פאַרשידענע שטעלן פון זיין בוך וועגן די רייכע לייט. און אָט אַזאַ מאָטיווירונג גיט אונדז טאַקע בן סירא אַליין. ער האָט אָפּנים ניט געוואוסט, אַז רענאַן וועט האָבן אַ פאַרטיקע מאָטיווירונג פאַר זיין פאַרגעשריבענער געהאָרכזאַמקייט, האָט ער זיך דערוויייל פאַרזאָרגט מיט אַן אייגענער. און דורך דער דאָזיקער מאָטיווירונג ווערט שוין פאַרוואַנדלט די געפּרעדיקטע פון אים געהאָרכזאַמקייט צו די רייכע לייט און מאַכט־האָבער פון אַן אויסדרוק פון רעספּעקט גרויסן, פון פאַרגעטערונג צו די רייכע לייט אין איינעם פון די פילע אַנדערע זייער פיינע קאָמ־פּלימענטן, מיט וועלכע ער — בן סירא — איז זיי מהנה אין ספר זיינעם.

פאַרנעם און הער אויס — זאָגט בן סירא — די אַלע רייד פון דעם הערשער. ווארים דו שפּילסט זיך מיט דעם לעבן דיינעם".

אָט דאָס איז די מאָטיווירונג זיינע פון דער געהאָרכזאַמקייט צו די מאַכטהאָבער, וואָס ער שרייבט פאַר. זי איז אַזוי אַרום אין דער זעלבער מאָס קאָמפּלימענטירענד פאַר זיי, ווי די גאַנצע איבעריקע כאַראַקטעריסטיק, וואָס ער גיט וועגן זיי אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאַרשריפטן זיינע פאַר דעם לעזער, ווי אַזוי ער זאָל זיך באַגיין.

„דו זאָלסט ניט זוכן — שרייבט ער מיט עטלעכע שורות פריער — פון מאַכטהאָבער פריינטשאַפט און וועלן פאַרברענגען מיט אים. און אויף די רייד זיינע זאָלסטו זיך ניט פאַרלאָזן אַפילו, ווען ער וועט צו דיר זיסע רייד ריידן. ווען ער וועט עס פאַר נויטיק געפינען, וועט ער אָן רחמנות זיין ווארט ברעכן און אָנשטאָט די זיסע רייד, וואָס ער האָט צו דיר גערעדט, וועסטו האָבן שטראָף און תפיסה.

און נאָך פריער:

„מיט דעם תקיף זאָלסטו זיך ניט אָנהויבן, כדי דו זאָלסט אין

זיין האַנט ניט אַריינפאַלן. מיט אַ רייכן זאָלסטו זיך ניט קריגן, וואָרים דאָס געלט זיינס וועט דיך איבערוועגן".

און עס איז מערקווירדיק ווי אַזוי רענאַן איז איינזייטיק בלבולים זוכענד אין באַצוג צו בן סירא. אַפילו די באַהויפּטונגען זיינע וועגן בן סירא, וועלכע האָבן אַ שיינבאַרע אחיזה אין טעקסט פון ספר „בן סירא", זיינען אויך שקר בתכלית השקר, זיינען אויך מער ניט ווי נאָר בייזוויליקע בלבולים, וואָס באַזירן אויף פאַלשער אינטערפּרעטאַציע פון אייניקע שטעלן אין בן סירא, אויף בייזוויליקער אויסטייטשונג פון איין פראַזע, וואָס באַדאַרף גענומען ווערן אין צוזאַמענהאַנג מיט פילע אַנדערע, וואָס גייען צוזאַמען מיט איר, אויף אויסדריקע אין עקסטרעם קאָנקרעטן בוכשטעבלעכן זין. אָט אַזוי פאַרזיכערט אונדז רענאַן, אַז בן סירא האָט זיך ניט געקענט דערהויבן איבער דין באַגריפן פון דעם דורכשניטלעכן פאַרמעגלעכן „חאַוואַדזשאַ" אין זיינע אינ־סטרוקציעס, וואָס ער גיט צו די לעזער זיינע, ווי זיי זאָלן זיך מיט זייערע קנעכט באַגיין. ער שטעלט אים אַרויס אַלס פּריידיקער פון האַרצלאָזיקייט, פון אכזריות אין דעם באַהאַנדלען פון קנעכט. טאָמער געפינט זיך איין פראַזע ביי בן סירא, אין וועלכער ער זאָגט, אַז מען באַדאַרף זיך באַנוצן מיט אַ בייטש, באַהאַנדלענדיק אַ ווידערשפּע־ניקענדן קנעכט, כאַפּט זי רענאַן אויף אַלס די מאַסגעבנדע פאַר בן סיראס מיינונגען וועגן דעם, ווי אַזוי אַ קנעכט דאַרף פון זיין האַר באַ־האַנדלט ווערן. ניט ציטירנדיק די אַנדערע פילע שטעלן, וואָס געפינען זיך אין בן סירא, אין וועלכע עס ווערט גערעדט בדרך כלל, ווי די קנעכט דאַרפן באַהאַנדלט ווערן פון די, ביי וועמען זיי דינען, ציטירט ער נאָר די אויבנדערמאָנטע שטעלע, דערביי אויך ניט אונטערשטרייכנ־דיק כלל, אַז דאָ רעדט זיך נאָר וועגן אַ שלעכטן קנעכט.

די האַרצלאָזע, אכזריותדיקע באַהאַנדלונג, וואָס בן סירא פּריי־דיקט, לויט ווי רענאַן פאַרזיכערט אונדז, ווערט אויף אַ מערקווירדיקן אופן אילוסטרירט די פאָלגנדע שטעלן פון בן סירא, וואָס מיר ברענגען דאָ:

„אַ געטרייען קנעכט זאָלסטו ניט דריקן".

„דו זאָלסט קיין משא ניט אָנוואַרפן אויף דיין הויז און זאָלסט קיין אכזר ניט זיין צו דיין קנעכט".

„האָב ליב דיין קנעכט ווי זיך אַליין, און דו זאָלסט ניט פאַרמיידן קיין פרייע מינוטן פון אים".

„אַ באַגלויבטן קנעכט זאָלסטו היטן ווי דיין אייגן לעבן, וואָרים דיין לעבן איז אין זיין לעבן אָנגעקניפּט".

„ווי דיין אייגן פליייש זאָל ער פאַר דיר זיין, און דו זאָלסט אים ליב האָבן ווי זיך אַליין".

אָט אַזאַ האַרצלאָזע, אכזריותדיקע באַהאַנדלונג פּריידיקט עס בן סירא פאַר קנעכט.

און דאָסזעלבע טוט ער, רענאַן, אויך, ווען ער רעדט וועגן בן סיראס מיינונגען וועגן פרויען. ער שטעלט אים אַרויס אַלס פרויען־פאַראַכטער, שטיצנדיק זיך אויף אַ פּאָר שטעלן אין בן סירא, אין וועלכע עס ווערט אומגינסטיק גערעדט וועגן פרויען, ווען ער רעדט וועגן א אשה רעה, אויסלאָזנדיק די אַלע שטעלן, וועלכע זיינען פול מיט ליוב פאַר פרויען. אָדער ער נעמט אַ פּאָר פּראַזן, אין וועלכע עס רעדט זיך, מען זאָל ניט באַלעווען קיין קינדער צופיל, און אויף דעם סמך פון די דאָזיקע שטעלן שטעמפּלט ער בן סיראַן אַלס דעספּאָט, אַלס טיראַן אי אַלס פאָטער, אי אַלס מאַן, ניט רעכענענדיק זיך כלל מיט אָט יענע אַלע שטעלן, אין וועלכע עס ווערט געפּריידיקט ליבע, צערטלעכקייט צו דער פאַמיליע ניט דערקלערנדיק כלל, אַז ווען אפילו בן סירא פּריידיקט שטרענגע באַהאַנדלונג פאַר די קינדער, איז דער מאָטיוו די אינטערעסן פון פאַרהיטן זיי, זיי זאָלן ניט קיין שלעכטע מענטשן אויסוואַקסן. רענאַן דערציילט אונדז מיט אַזאַ פרומען ערנסט, אַז בן סירא זאָגט אָן דעם פאָטער, אַז עס זאָל זיך קיינמאָל קיין שמייכל ניט באַווייזן אויף זיינע ליפּן, ווען ער רעדט מיט זיינע טעכטער, אַז ער זאָל קיינמאָל קיין פריילעך פּנים ניט ווייזן. ווען מען גייט אָבער צום טעקסט אַליין פון בן סירא, זעט מען, אַז דער דאָזיקער פאַרבאָט איז כלל גאָר ניט אַזוי טויט ערנסט, ווי רענאַן וויל אונדז מאַכן גלויבן. ווען מען גייט אָבער צום טעקסט, זעט מען, אַז די באַדייטונג פון דעם אויסדרוק: „דו זאָלסט זיי קיין פריילעך פּנים ניט ווייזן" איז מען זאָל זיי ניט באַכגעבן אין אַלץ, מען זאָל פון איבער זיי די השגחה ניט צונעמען, ניט אַז מען זאָל זיי גאָר פראָסט און פּשוט קיין פריילעכע מינע קיינמאָל ניט ווייזן.

און די גאַנצע אַבסורדיטעט פון רענאַנס טענות קעגן בן סירא, פון דעם אופן ווי אַזוי ער זוכט חטאים אויף אים, האָט איר מוסטער־האַפטן אויסדרוק אין דער אונטערשטרייכנדער קאָנסטאַטירונג זיינער פון דעם פאַקט, אַז בן סירא האָט קיין וויסנשאַפטן ניט געקענט. דער דאָזיקער פאַקט ווערט דערציילט פון אים שיער ניט אין דער פאָרם

פון נאָך אַן אויסגעפונענעם חטא אויף בן סיראַן, ווי נאָך אַן איבעריקן באַוויַז, ווי גרויס עס איז די אומוויכטיקייט זיינע.

אַז מען מוז צוגעבן, אַז דאָס מאָל איז „האלהים מצא את עוונו״. אמת, עס קען אַפילו זיין, אַז בן סיראַן זיינען ניט אין גאַנצן פרעמד געווען די אַלע וויסנשאַפטן פון זיין צייט. אויף וויפיל אָבער מען דאַרף אורטיילן וועגן דעם דורך דעם ספר זיינעם, זעען מיר עס ניט. מען מוז מודה זיין, אַז וואָס אַמבאַלאַנגט דעם ספר זיינעם געפינען דאָרטן די אַלע פאַרשידענע וויסנשאַפטן, פון וועלכע עס שוויבלט און גריבלט, למשל, אין עוואַנגעליום כידוע, קיין פּלאַץ פאַר זיך ניט. עס איז דאָרטן קיין זכר ניט פאַראַן פון פיזיק אָדער פון חכמת הרפואה אָדער כאָטש פון אַנדערע שבע חכמות. עס איז דאָרטן פאַראַן נאָר דאָס, וואָס עס באַדאַרף זיך, ווירקלעך, געפינען אין אַזאַ בוך, אין אַ בוך פון עטיק, פון לעבנס־פירונג.

און אַלס אַ ספר פון דעם מין צייכנט זיך אויס דער ספר „בן סירא״ דורך דעם טאָן און אינהאַלט זיינעם, דורך דעם כאַראַקטער פון די לערן, אַנשויאונגען און לעבנס־פירונגען, וואָס ווערן אין אים געפּריידיקט, דורך דער טיפער און גייסטרייכער לעבנסוויזהייט, וואָס שפיגלט זיך אָפּ אין די אַפאָריזמען, עפּיגראַמען און משלים, פון וועלכע ער איז צוזאַמענגעשטעלט, דורך זייער געדאַנקלעכער, געשליפענער שאַרפקייט און פּאָעטישער בילדלעכקייט און געטאָקטקייט פון שפּראַך און סגנון אַלס דער פיינסטער, וואונדערלעכסטער ספר צווישן די אַלע ספרים, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אויף דעם געביט.

ד

# אנטיגנוס איש סוכו

דער ערשטער גרויסער איד מיט אַ גריכישן נאָמען. — אין וועלכער צייט האָט ער געלעבט ? — אייזיק הירש ווייס' מיינונג. — דער תירוץ אויף די אַלע האַרבע קשיות, וואָס ווייס פרעגט. — דער מאמר אין „אבות", וואָס עס איז פון אים — פון אנטיגנוס — געבליבן. — שוין אין זיין צייט האָט זיך אַ קענטיקער גריכישער איינפלוס אויף די ארץ ישראל אידן געמערקט.

נאָך דעם טויט פון שמעון הצדיק, איז דער אַמט פון „מופלא שבסנהדרין" איבערגעגאַנגען צו זיין תלמיד מובהק, וועלכער האָט אַ גריכישן נאָמען געטראָגן, אַנטיגנוס איש סוכו. צווישן די אַלע אונדז באַקאַנטע גרויסע אידן מיט גריכישע נעמען איז ער דער ערשטער.

און רבי אייזיק הירש ווייס באַשטימט זיין צייט אין די יאָרן פון אַנטיוכוס עפיפאַנוס. ער שרייבט: נאָך דער משנה אין אבות א', קומט אַפילו אויס, אַז ער האָט געלעבט אין אַ סך פריערער צייט. וואָרים דאָרטן ווערט דערציילט, אַז ער האָט איבערגענומען קבלות פון יענעם שמעון הצדיק, וואָס איז געווען פון די לעצטע אנשי כנסת הגדולה, דאָס מיינט פון דעם ערשטן שמעון הצדיק, וואָס איז געווען אַ לאַנגע צייט פאַר אַנטיוכוס עפיפאַנוס. ווען מיר זאָלן אָבער באַטראַכטן די גאַנצע רייע פון די כהנים גדולים, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט נאָך דעם ערשטן שמעון הצדיק, וועלן מיר זען, אַז באַלד נאָך אים איז ניט געווען קיין אורזאַכע, פאַר וואָס די אָנפירערשאַפט אין סנהדרין האָט געזאָלט איבערגיין פון דעם כהן גדול צו אַ מענטשן פון פאָלק. נאָכן טויט פון דעם ערשטן שמעון הצדיק איז זיין ברודער אליעזר געוואָרן כהן גדול. נאָך אים — זיין אינגערער ברודער מנשה. דער לעצטער איז זייער אַ קורצע צייט געווען אין אַמט. ער איז באַלד געשטאָרבן, און דאַן איז געוואָרן כהן גדול שמעונס זון חוניו. נאָך זיין טויט איז געוואָרן כהן גדול זיין זון, שמעון דער צווייטער, וועמען מען האָט אויך געקרוינט מיטן טיטול צדיק. די דאָזיקע אַלע כהנים גדולים האָבן היילִיק דערפילט זייערע אַמט פליכטן

און האָבן געדינט טריי דעם פאָלק. אַלע שרייבער פון דער אידישער געשיכטע אין יענער צייט, ווען זיי קומט אויס צו ריידן וועגן די אָנפירער פון דעם דאַמאָלסטדיקן גרויסן בית דין דערמאָנען זיי נאָר דעם כהן גדול, ווייל דער הויפּט און דער אָנפירער פון דעם דאַמאָלסט־דיקן גרויסן בית דין איז שטענדיק געווען דער כהן גדול. ווען מיר דערזעען דאָ דעריבער מיט אַמאָל, ווי אַ מאַן ווי אַנטיגנוס, וואָס איז ניט געווען קיין כהן גדול, איז דערהויבן געוואָרן צו זיין דער הויפּט פון גרויסן בית דין, מוזן מיר זאָגן, אַז אַזאַ זאַך האָט ניט געקענט פּאַסירן אָן אַ וויכטיקער אורזאַכע. און דאָס גיט אונדז דעם שליסל צו באַשטימען די צייט, ווען אַנטיגנוס איז געווען. מיר קענען זאָגן מיט זיכערקייט, אַז ניט נאָר באַלד נאָך דעם ערשטן שמעון הצדיק, נאָר אַפילו אין דער גאַנצער צווישנצייט פון דעם ערשטן ביז דעם צווייטן שמעון הצדיק וואָלט אַ מאַן ווי אַנטיגנוס ניט געקענט ווערן דער הויפּט פון סנהדרין. דאָס האָט געקענט פּאַסירן ערשט נאָך דעם טויט פון דעם צווייטן שמעון הצדיק, אין דער רעגירונגס צייט פון אַנטיוכוס עפּיפאַנוס. אָט דער דעספּאָט טאַקע, ניט לאַנג נאָכדעם, ווי ער איז אַרויף אויפן טראָן, האָט זיך גענומען אָנשטעלן כהנים גדולים, איינעם נאָך דעם אַנדערן, מיט זיין אייגענער מאַכט. די אַלע, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר כהנים גדולים, זיינען געווען אויסגעלאַסענע און פאַרדאָרבענע מענטשן. זיי האָבן זיך ניט אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט דער תורה און האָבן געזוכט נאָר צו שטיצן די פּלענער פון דער רעגירונג און רואינירן די אידישע רעליגיע. דאַ־מאָלט האָבן די געלערטע, ווירקלעך, געהאַט אַ וויכטיקע אורזאַכע אַוועקצושטעלן אָן דער שפּיץ פון די סנהדרין אַ מאַן ווי אַנטיגנוס, וואָס ער האָט זיך יעדנפאַלס אייגנגעשטעלט שטאַרק פאַר דער תורה.

און ער זאָגט, אַז די לעצטע ידיעה אין דער דערציילונג פון דער משנה וועגן אַנטיגנוס איש סוכו, אַז ער האָט פון זיין זייט איבער־געגעבן קבלות צו יוסי בן יועזר, שטימט גענוי מיט די פאַקטן. די צייט פון יוסי בן יועזר שליסט זיך טאַקע מיט אַנטיגנוסעס צייט, ווען מיר נעמען אָן, אַז ער איז געווען אין דער צייט פון אַנטיוכוס עפּיפאַנוס. וואָס אַמבלאַנגט אָבער צו דער ערשטער ידיעה, אַז אַנטיגנוס האָט איבערגענומען זיינע קבלות פון ערשטן שמעון הצדיק, מוזן מיר זאָגן, אַז צוליב דער גלייכקייט פון זייערע נעמען, האָבן די בעלי המשנה צונויפגעמישט דעם צווייטן שמעון הצדיק מיט דעם ערשטן. וואָרים אין אמתן האָט אַנטיגנוס איבערגענומען זיינע קבלות פון דעם צווייטן

שמעון הצדיק, ניט פון דעם ערשטן, וואָס איז געווען אין דער כנסת הגדולה.

אין אַ פּאַריקן קאַפּיטל האָבן מיר שוין אָבער באַוויזן, אַז די משנה לאָזט זיך ניט איינטייטשן, ווי ווייס וויל זי איינטייטשן, אַז עס איז קלאָר פון איר, אַז די מסורה איז געווען, אַז אַנטיגנוס איש סוכו האָט פון ערשטן שמעון הצדיק זיינע קבלות איבערגענומען, אַז די אָריגינעלע מסורה לויט דעם, ווי זי ווערט אין דער משנה איבערגעגעבן, האָט געמוזט נאָר וועגן איין שמעוןריידן.

און וואָס אַמבאַלאַנגט די אַלע האַרבע קשיות, וואָס ווייס שטעלט, איז „מעיקרא דדינא פירכא". ילויט ווי דער הלוי באַהויפּטעט — און ער באַגרינדעט מיט פעסטע ראיות זיין באַהויפּטונג — איז דער „מופלא שבסנהדרין" קיינמאָל ניט געווען דער כהן גדול. נאָר אין אויסנאַממספעלע, אין שעות של חרם, אין מאָמענטן, ווען ידם של הצדוקים גברה, זיינען אין שפּעטערע צייטן כהנים גדולים די ראשי הסנהדרין געווען. אַזוי אָבער פלעגט איינער פון די גרעסטע גדולי התורה, וואָס דער דור האָט פאַרמאָגט, דער ראש הנהדרין זיין. נאָר מיט שמעון הצדיק איז אַן אויסנאַמע געווען. ער איז אויסער כהן גדול אויך דער מופלא שבסנהדרין געווען, ווייל ער האָט אויסער דעם כתר כהונה, אויך דעם כתר תורה פאַרמאָגט, ווייל ער איז דער גרעסטער צווישן די אַלע חכמי התורה פון זיין דור געווען. נאָך זיין טויט אָבער איז מצב הדברים שב ווידער אַמאָל לקדמותו. דער אַמט פון מופלא שבסנהדרין איז איבערגעגאַנגען צום מאַן, וואָס איז דער יותר מצויין געווען צווישן די אַלע חכמי התורה פון זיין דור.

---

אַנטיגנוס איש סוכו האָט, אַלזאָ, געווירקט אין זיין אַמט אַלס „מופלא שבסנהדרין" צווישן די יאָרן 270 און 220 פאַר דער ניט־אידישער צייטרעכענונג און האָט געלעבט אַרום זיבעציק־אַכציק יאָר.*)

פון זיין פּערזענלעכן לעבן, ווי אויך פון זיין טעטיקייט איז אונדז כמעט גאָר ניט געבליבן. מיר האָבן ניט וועגן דעם אַלעם קיינע אויס־פירלעכע ידיעות. אין דער משנה אין אבות, וואָס מיר האָבן שוין

*) און דער הלוי שרייבט, אַז אנטיגנוס איז געשטאָרבן אין די ערשטע יאָרן פון תלמי אייערגעטעס ממשלה, וואָס דאָס דאַרף הייסן אַרום דעם יאָר 235 פאַר דער נייער צייטרעכענונג. עס דאַרף אָבער צוזאַמען דערמיט אַרויסגעבראַכט ווערן קלאָר דער פּונקט, אַז מ׳וועט דאַן דאַרפן געבן יוסי בן יועזר אַן אריכות ימים פון אַרום הונדערט יאָר.

ציטירט, אין וועלכער עס ווערט איבערגעגעבן, ווי אַזוי די קבלת התורה איז פון דור צו דור איבערגעגאַנגען, ווערט אונדז נאָר איין מאמר מוסרי אָנגעגעבן, וועלכער לעזט זיך ווי פאָלגט: „אל תהיו כעבדים, המשמשים את הרב על מנת לקבל פרס, אלא כעבדים, המשמשים את הרב שלא על מנת לקבל פרס ויהי מורא שמים עליכם": איר זאָלט ניט זיין, ווי יענע קנעכט, וואָס באַדינען זייער האַר אויף צו באַקומען געצאָלט. איר זאָלט זיין ווי יענע קנעכט, וואָס באַדינען זייער האַר ניט צוליב באַקומען געצאָלט. און עס זאָל זיין די מורא פון גאָט אויף אייך.

אויב אָבער דער דאָזיקער מאמר גיט אונדז ניט אין קיין געהעריקער מאָס דעם שליסל צו דער אינערלעכער וועלט, אין וועלכער אַנטיגנוס איש סוכו האָט געלעבט, אויב ער גיט אונדז ניט קיין מעגלעכקייט, מיר זאָלן זיך קענען דורך אים באַקענען מיט דער טעטיקייט, וואָס ער האָט אָנגעפירט אַלס גייסטיקער פאָרשטייער פון אידישן פאָלק, איז ער דאָך אָבער פון גרויס באַדייטונג פאַר אונדז, צו העלפן אונדז זיך שאַפן אַ בילד וועגן דעם קולטורעלן צושטאַנד פון דעם ארץ ישראל אידנטום פאַר יענער צייט.

דער דאָזיקער מאמר, הויפּטזעכלעך אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מסורה, וואָס איז אָנגעהאַנגען אין אים וועגן דעם, אַז צוויי פון אַנטיגנוס תלמידים האָבן שלעכט אויסגעטייטשט זיינע רייד, וואָס דורך דעם זיינען זיי צו כפירה געקומען, באַווייזן אונדז, אַז עס איז דאַן שוין געווען אַ קענטיקער גריכישער איינפלוס אויך אויף דעם ארץ ישראל אידנטום.*)

דער כנוי „שמים", וואָס קומט אין דעם מאמר מוסרי, וואָס ער האָט כסדר אויף זיין מויל געטראָגן, על השם יתעלה — שרייבט דער רנ"ק — געפינט זיך ניט אין גאַנץ תנ"ך או זער איז גענומען בלי ספק פון דעם דרך הלשון היוני. מיר זעען, אַלזאָ, אַז צו יענער צייט

*) וואָרום, ווען מיר זאָלן אַפילו ניט אַקצעפּטירן דעם ספור המעשה, וואָס ווערט דערציילט אין אָבות דרבי נתן וועגן דעם אַנטשטיין פון די צדוקים אין דעם ווערטערלעכן, דעטאַליזירטן אינהאַלט זיינעם, ווען מיר זאָלן אַפילו ניט דענקען, אַז דאָס אַנטשטיין פון דער כת הצדוקים איז פאָרגעקומען צוליב דעם, וואָס צוויי פון זיינע תלמידים האָבן שלעכט פאַרשטאַנען דעם מאמר מוסרי זיינעם, דאַרפן מיר אים אָבער אַלנפאַלס אַקצעפּטירן אין דעם זין, אַז אין אנטיגונס שולע האָט מען זיך אויך מיט דעם שטודיום פון חכמת יון אָפּגעגעבן און אַז אַ פּאָר פון זיינע תלמידים האָבן זיך דורך דעם פון דער תורה און פון מורשת אבות אָפּגעפרעמדט.

איז שוין אין אַ גאָר קענטיקער מאָס פאַרשפּרייט געוואָרן די גריכישע שפּראַך און די גריכישע אויסדרוקן פאַר העכערע באַגריפן אין ארץ ישראל. אַ באַוויז דערויף, אַז די אידן אין ארץ ישראל זיינען ניט געווען אָפּגעשניטן שוין אויך אין די גאָר פריסטע יאָרן פון דעם גריכישן איינפלוס איז שוין אויך דער נאָמען אַנטיגנוס אַליין. מיר זעען, אַז אין אַ הויז, פון וועלכן עס איז דער גרעסטער צווישן די חכמי התורה פון זיין דור אַרויסגעקומען, האָט מען זיך ניט אָפּגעהאַלטן אַ גריכישן נאָמען זייערע קינדער צו געבן.

ה

# די אויסטייטשונג פון אנטיגנוס מאמר

די חלוקי דעות וועגן דעם, אין וואָס פאַר אַ זין מען באַדאַרף אין דעם מאמר פון אנטיגנוס גריכישן איינפלוס זען. — לויט אייניקע דאַרף מען אים אויס־טייטשן אַלס אויסדרוק פון אַקצעפּטירונג פון געוויסע דאָמינירנדע אַנשוי־אונגען אין דער גריכישער קולטור. — לויט אַנדערע, פאַרקערט: אַלס אַ באַקעמפער פון אַזוינע אַנשויאונגען. — „מעיקרא דדינא פּירכא". — די צווייטע גירסא אין דעם דאָזיקן מאמר. — דעם „תוספות יום טובס" קשיא אויף דער צווייטער גירסא. — ווי אַזוי מען קען די דאָזיקע קשיא פאַר־ענטפערן.

דעם צוגעשריבענעם צו אַנטיגנוס איש סוכו מאמר אל תהיו כעבדים המשמשים את הרב על מנת לקבל פרס, וואָס מיר האָבן אין פריערדיקן קאַפּיטל ציטירט, נעמען פילע פאָרשער אין צוזאַמענ־האַנג מיט די נייע אידייען שטרעמונגען, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַרום זיין — אַנטיגנוס — צייט פלאַץ פאַר זיך געפינען אין אידנטום, אין צוזאַמענהאַנג מיט געוויסע פילאָזאָפישע, עטישע אנשויאונגען, דאָק־טרינען, וואָס די גריכישע קולטור האָט פון זיך אַרויסגעבראַכט אין יענער צייט. אייניקע מיינען, אַז דער דאָזיקער מאמר איז אַן אויס־דרוק פון אַקצעפּטירונג פון די דאָזיקע אנשויאונגען. אַנדערע פאַר־קערט,טייטשן אים אויס אַלס באַקעמפונג פון די דאָזיקע אַנשויאונגען. בײדע מיינונגען אָבער, ווי געזאָגט, שטימען איין, אַז ער איז אַרויס־גערופן געוואָרן דורך דעם איינפלוס, וואָס געוויסע גריכישע עטיש־פילאָזאָפישע אידייען האָבן אויסגעאיבט אויף אייניקע גרופּן פון ארץ ישראל אידנטום צו יענער צייט.

די ערשטע זעען אין דעם דאָזיקן מאמר אַן איבערפלאַנצונג פון די לערן פון דער באַוואוסטער פילאָזאָפישער שולע אין גריכנלאַנד — די סטאָאיקער. „זיי — די סטאָאיקער — האָבן געלערנט — שרייבט ווייס — אַז ווען מיר טוען גוטס צוליב דעם פאַרגעניגן, וואָס

מיר דערוואַרטן דערפון אָדער צוליב אַנדערע צוועקן, קומט דאָך אונדז דערפאַר קיין דאַנק ניט. מיר דאַרפן טאָן גוטס, ווייל דאָס איז אַ זעלבסט־צוועק. אין דעם גופא דאַרפן מיר געפינען אונדזער באַ־פרידיקונג. עס איז זייער וואַרשיינלעך, שרייבט וויס, אַז ער — אַנטיגנוס — האָט זיך טאַקע געפונען אונטער דעם איינפלוס פון די גריכישע פילאָזאָפן, ווען ער האָט געזאָגט, אַז מיר דאַרפן טאָן גוטס ניט מיט דעם אויסזיכט צו ווערן באַלוינט דערפאַר.

אמת, זיי גיבן אפילו צו, אַז ער איז ניט געווען, חלילה, קיין כופר, אַז דער דאָזיקער געדאַנק פון דינען גאָט ניט צוליב דער דערוואַר־טעטער פאַרגיטיקונג, דער געדאַנק, אַז מען דאַרף טאָן גוטס, ווייל דאָס גופא איז פאַר זי דאַליין שוין אַ צוועק, שטייט ניט — יאסט און וויס — אין ווידערשפרוך מיט די גרונט פרינציפּן פון דער תורה, וועלכע זאָגט צו פאַרשידענע גליקן די, וואָס טוען גוטס. אַנטיגונס האָט גאָר ניט געהאַט בדעה — דערקלערן זיי — צו זאָגן, אַז די גוטע מעשים ברענגען ניט פאַר דעם, וואָס טוט זיי, קיין גוטע רעזולטאַטן. ער האָט געגלויבט מיט דעם גאַנצן האַרצן, אַז פריער־־שפּעטער באַצאָלט גאָט יעדערן נאָך זיינע מעשים נאָך. ער האָט נאָר געמיינט צו זאָגן, אַז, בשעת מיר טוען גוטס, דאַרפן מיר דערמיט ניט אויסן זיין די דאָזיקע פניה: מיר דאַרפן ניט אויפהערן צו טאָן גוטס, ווען מיר זעען, אַז די דערוואַרטעטע באַפרידיקונג איז ניט געקומען. עס דאַרף ביי אונדז רעכט זיין צו טאָן גוטס אַפילו אָן אַ שום אויסזיכט אויף פאַרגיטיקונג.

און אין לשיטתו אַז אַנטיגנוס איש סוכו האָט געלעבט אין דער צייט פון אַנטיוכוס עפיפאַנוס, דערקלערט ער, וויס, דער דאָזיקן מאמר אַלס אַזעלכן, וואָס צורך הזמן גרמו. אין יענע שלעכטע צייטן — דערקלערט וויס זיין באַהויפּטונג — זיינען פילע געווען ביי זיך אָפּהענטיק און האָבן אָנגעהויבן צו מאָנען: וואו איז פאַר די גוטע מעשים דער לוין, אויף וועלכן זיי האָבן שטענדיק געהאָפט? האָט דעריבער אַנטיגנוס די דאָזיקע לערע זיינע צום פאָלק געפּריידיקט.

און מען באַדאַרף ניט אָנווענדן קיין שטאַרקע אַרגומענטן אויף צו באַווייזן, ווי הינקעדיק דער „הא בהא תליא", וואָס ער האָט אָנ־געגעבן, איז.

אויב אַנטיגנוס אַבזיכט איז געווען צו שטילן די פאַרצווייפלונג פון פאָלק, צו ענטפערן אויף דער פראַגע: וואו איז דער לוין פאַר די גוטע מעשים? וואָלט אונדז פון אים אָנשטאָט דעם מאמר „אל תהיו כעבדים המשמשים את הרב על מנת לקבל פרס" באַדאַרפט געווען

בלייבן אַ מאמר פון אַ גאַנץ אַנדער אינהאַלט. ער וואָלט באַדאַרפט ענטהאַלטן אַן אינהאַלט, וואָס זאָל דירעקט ענטפערן אויף דער פראַגע פון פאָלק. די פאַרזיכערונג פון ווייס, אַז ער, אַנטיגנוס, האָט גע־גלויבט מיט דעם גאַנצן האַרצן, אַז פריער־שפּעטער באַצאָלט גאָט יעדערן לויט זיינע מעשים נאָך, דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער באַהויפּטונג וועגן דעם גלויבן פון אַנטיגנוס, וואָס אין מאמר זיינעם געפינט ער זיך אָבער ניט, טראָץ דעם, וואָס מיר קענען גאָר דעם קלענסטן צווייפל אַפילו ניט האָבן, אַז אַנטיגנוס איז, ווירקלעך, פון אַזאַ גלויבן באַהערשט געוואָרן, אָט דאָס אָ וואָלט באַדאַרפט זיין דער אינהאַלט זיינער. נאָר אָט אַזאַ מאמר וואָלט געקענט אַ דירעקטער ענטפער זיין אויף דער פראַגע פון פאָלק. נאָר אין אַזאַ מאמר וואָלט דאָס פאָלק געקענט געוועזן זיין נחמה געפינען. דער מאמר אָבער „אל תהיו כעבדים" איז ניט אַזאַ דירעקטער ענטפער. דאָס פאָלק האָט אין אים ניט געקענט געפינען קיין טרייסט פון זיין פאַרצווייפלונג.

און ווידער, ווי באַלד אַז די נויטווענדיקייט פון דער לערע מיט וועלכער אַנטיגנוס איז אַרויסגעטראָטן פאַרן פאָלק, איז געוועזן אַ פּראָ־דוקט פון די ספּעציעלע אומשטענדן, אין וועלכע דאָס אידישע לעבן האָט זיך דאַן געפונען, ווי באַלד, אַז ער האָט דורך דעם דאָזיקן מאמר גאָר ניט אַזוינס געפּריידיקט, וואָס זאָל זיין קעגן די גרונט פּרינציפּן פון דער תורה, ווי באַלד ער איז מער אויסן געוועזן מיט דעם דאָזיקן מאמר זיינעם צו פּריידיקן שטאַרקן גלויבן אין דער הנהגה ישרה פון גאָטס השגחה, ווי עבודת השם אָן שום יעדן ריקזיכט אויף תשלום גמול, טו צו וואָס איז גאָר אינגאַנצן נויטיק צו געפינען גריכישן איינפלוס אין דעם דאָזיקן מאמר? טאָ ווי אַזוי איז גאָר אינגאַנצן מעגלעך זיין ענטשטיין אין די לערן פון די סטאָאיקער צו זוכן.

סיי ווי אָבער דער דאָזיקער גריכישער איינפלוס, וואָס שפּיגלט זיך כלומרשט אָפּ אין דעם לערזאַץ, וואָס איז אונדז פון אַנטיגנוס איש סוכו געבליבן, איז אין דער ווירקלעכקייט גאָר במציאות ניטאָ, טראָץ די אַלע רייד פון די, וואָסריידן וועגן אים אַזוי פיל. אויב מען קען ריידן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן גאַנצן ענין וועגן אַ געוויסן איינפלוס איז דאָס, ראשית, ניט וועגן גריכישן איינפלוס און, שנית, נאָר אין דעם זין אַז אין זיי אַליין, אין די דאָזיקע רייד זייערע שפּיגלט זיך אַ געוויסער איינפלוס אָפּ, דער איינפלוס פון זייער — פון די באַהויפּטער — באַגער ניט נאָר ווען מען באַדאַרף, נאָר מער נאָך, ווען מען באַדאַרף ניט, לופט־בריקן צווישן אידנטום און צווישן פער־

סישן און גריכישן און דעם גאַנצן איבעריקן „ש״י עולמות״דיקן וועלטנ־טום פאַרוואָרפן.

אויב עס איז אין דעם מאמר פון אַנטיגנוס קיין גריכישער איינ־פלוס ניט פאַראַן, איז דערפאַר אָבער אין דער באַהויפּטונג וועגן דעם דאָזיקן גריכישן איינפלוס גאָר אַ גרויסע פּאַרציע איינפלוס פאַראַן פון זייער — פון די באַהויפּטער — פאַנטאַזיע צו זען פרעמדן איינפלוס אין יעדער זאַך פון אידנטום, צו וועלכער עס געפינט זיך די וויטסטע צופעליקע ענלעכקייט אפילו אויך ביי אַנדערע פעלקער.

---

און דער מאמר „אל תהיו כעבדים״, וועגן וועלכן איך רייד דאָ די גאַנצע צייט, לייענט זיך אין פולן אויף פאָלגנדן אופן: „אל תהיו כעבדים המשמשים את הרב על מנת לקבל פרס, אלא כעבדים המשמשים את הרב שלא על מנת לקבל פרס״. און נאָך אַ נוסח איז פאַראַן „על מנת שלא לקבל פרס״. און דער „תוספות יום טוב״ שרייבט: „ולא הבינותי אותה נוסחא, דלא שייך לאמר, לעבוד על מנת ועל תנאי שאם יתן לו שכר שלא יעבדהו״ — און איך פאַרשטיי ניט אָט יענע נוסחא, ווארים עס איז דאָך ניט שייך צו זאָגן, צו דינען מיט דעם אָפּמאַך און מיט דעם תנאי, אַז אויב ער וועט אים געבן שכר, וועט ער אים ניט דינען.

מען קען אָבער אפשר פאַרענטפערן די קושיא און זאָגן, אַז אַפילו, ווען מיר לייענען „על מנת שלא לקבל פרס״, מוזן מיר כלל ניט טייטשן דעם על מנת אין זין פון תנאי, און דערצו נאָך, „כתנאי שהתנו בני גד ובני ראובן״, נאָר אין זין פון מיט דעם געדאַנק, אין דער איבערצייגונג. דער „שלא לקבל פרס״ קען דאַן קומען ניט אַלס אורזאַכע, וואָס ביי אַ קעגנגעזעצטן צו איר אינהאַלט אַקט מוז אויך אַ קעגנגעזעצטע קאָנסעקווענץ פון אָט יענער קאָנסעקווענץ, וואָס דאַרף פון איר פאַראורזאַכט ווערן, אַרויסגעבראַכט ווערן.

דער אונטערשייד, אַלזאָ, צווישן די דאָזיקע צוויי נוסחאות, צווישן דער נוסחא „שלא על מנת לקבל פרס״ און צווישן דער נוסחא „על מנת שלא לקבל פרס״ באַשטייט ניט אין דעם, וואָס לויט דער ערשטער נוסחא דינען ניט די קנעכט זייער האַר, כדי זיי זאָלן מקבל פרס זיין פון אים דאַן, ווען לויט דער צווייטער נוסחא קומט אויס, אַז זיי דינען דווקא יאָ זייער האַר מיט דעם תנאי, זיי זאָלן מקבל פרס זיין פאַר זייער דינסט: מער ניט — דער פרס זייערער באַשטייט אין דעם, אַז זיי זאָלן ניט מקבל פרס זיין.

דער אונטערשייד צווישן די דאָזיקע צוויי נוסחאות באַשטייט נאָר אין דעם: לויט דער ערשטער נוסחא דינען טאַקע די קנעכט זייער האַר נאָר מתוך אהבה, ניט צוליב דער באַלוינונג, וואָס דערוואַרטעט זיי. זיי ווייסן אָבער דאָך — זע „תוספות יום טוב" — אַז עס דערוואַרטעט זיי אַ באַלוינונג. זיי וועלן די דאָזיקע באַלוינונג אויך נעמען, ווען זי וועט זיי געגעבן ווערן. דאַגעגן אָבער איז די אהבה פון די קנעכט צו זייער האַר לויט דער לעצטער נוסחא פון אַזאַ הויכער מדרגה, אַז זיי קענען זיך מסיח דעת זיין פון דער באַלוינונג, וואָס עס דערוואַרטעט זיי פאַר דינען זייער האַר, איינלעבן זיך אין אַ געדאַנק, אַז זיי וועלן געוויס ניט קריגן קיין באַלוינונג פאַר זייער דינסט. אָדער: די אהבה מתוך וועלכער זיי דינען זייער האַר, וואָלט זיי ווי פירן אָנצונעמען אַ באַשלוס, אַז זיי זאָלן בשום אופן קיין באַלוינונג ניט נעמען פאַר זייער דינסט. אָדער מען קען ווידער די ווערטער „המשמשים את הרב על מנת" — ניט אויף דעם מנת אָבער באַציט זיך דער אָדער — שלא לקבל פרס אויסטייטשן: די קנעכט, וואָס טוען אָט יענע אַרבעטן פאַר זייער האַר, פאַר וועלכע זיי נעמען קיין געצאָלט ניט.

ו

# די לערן פון סטאָאיציזם און עגאָהעדניזם

ד׳ גרונדלאָזיקייט פון פאַרבינדן דעם אינהאַלט פון אנטיגונס מאמר מיט די לערן פון גריכישן סטאָאיציזם. — דער אמתער כאַראַקטער פון דער שכר ועונש אידייע אין דער תורה. — זיי—שכר און עונש—זיינען ניט קיין אורזאַכן פאַר מקיים זיין די מצוות, נאָר פאַראורזאַכטע קאָנסעקווענצן פון מקיים זיין זיי. — דער יסוד כל היסודות אין עבודת השם, לויט די לערן פון אידנטום, איז דער ענין פון „ואהבת את ה׳ אלהיך". — סטאָאיציזם איז מער אַ פּראָדוקט פון אָריענטאַליזם ווי פון העלענישער קולטור. — איבערוועגענדער אידישער איינפלוס פון וועלכן ער איז באַווירקט געוואָרן.

זען אין דעם מאמר „אל תהיו כעבדים" אויסשליסלעך גריכישן אינהאַלט, פּשוטע איבערפלאַנצונג פון אַ גריכיש דאָקטרין איז אוודאי ביז צום העכסטן גראַד גרונדלאָז, פּשוט צוליב דעם, וואָס די ענלעכע לערע צו דער לערע פון אַנטיגנוס מאמר — פון די סטאָאיקער האָט גאָר ניט צו טאָן מיט ענייני אמונה, זי רעדט כלל ניט פון עבודת השם. זי איז אינגאַנצן פון הומאַניטאַרן כאַראַקטער. זי רעדט וועגן טאָן גוטס אין זין פון צדקה געבן, פון רחמנות האָבן, פון אונדזער הילף געבן צו די, וואָס נויטיקן זיך אין איר. דער מאמר אָבער פון אַנטיגנוס איש סוכו רעדט וועגן עבודת השם, וועגן דעם מקיים זיין פון די מצוות פון דער תורה.

ניט נאָר אָבער איז אויסגעשלאָסן יעדע מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דעם מאמר פון אַנטיגנוס אַלס איבערפלאַנצטער פּראָדוקט פון גריכיש פילאָזאָפישע דאָקטרינען, נאָר עס איז אויך אומנויטיק, אוממעגלעך צו זען אים אַלס אַ פון גריכישן איינפלוס באַווירקטן, אַלס אַ דורך די לערן פון די סטאָאיקער אַרויסגעבראַכטן. עס איז, ווירקלעך ניט נאָר אומנויטיק, נאָר אויך אוממעגלעך צו זאָגן, אַז אַנטיגנוס איש סוכו האָט אָנגעווענדט אין באַצוג צו דער עבודת השם, וואָס ער האָט גע־פּרעדיקט, די אָנשויאונגען פון די סטאָאיקער וועגן דעם ענין פון עשות טוב, אַז דאָס, וואָס די סטאָאיקער האָבן געלערנט, אַז מען דאַרף

טאָן גוטס, ניט דערוואַרטנדיק קיין שום נוצן פאַר זיך, האָט אים געבראַכט דערצו, ער זאָל פּרעדיקן עבודת השם שלא על מנת לקבל פּרס. ווארים וואו איז דאָ, פרעגט זיך דער גריכישער איינפלוס אין דעם דאָזיקן מאמר, ווי באַלד, אַז עס מוז, ווירקלעך, אָנגענומען ווערן אַז ער ענטהאַלט אין זיך גאָר ניט אַזוינס, וואָס זאָל קענען אויסגע־טייטשט ווערן אַלס כפירה אין שכר אָדער אין עונש לויט דעם באַ־גריף פון דער תורה וועגן דעם דאָזיקן ענין? פאַרוואָס מוז די אָנשוויאונג אויף אַ עבודת השם, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין דעם דאָזיקן מאמר באַטראַכט ווערן דווקא נאָר אַלס אַזעלכע, וואָס האָט געקענט אַנטשטיין אין אידנטום נאָר דורך דער אָנרעגונג פון פרעמדע אידייען? פאַרוואָס מוז זי גאָר אינגאַנצן באַטראַכט ווערן אַלס אַ ניי אַנטשטאַנענע? פאַרוואָס מוזן מיר זאָגן, אַז מיט דעם דאָזיקן מאמר זיינעם האָט אַנטיגנוס אַ נייעם אויפטו ממציא געווע׳ אין דעם ענין ווי אַזוי די עבודת השם באַדאַרף געטאָן ווערן, אַז ער האָט אַ נייע אידייע געפּריידיקט, און ניט, אַז ער האָט נאָר מזהיר אזהרה חמורה געווען אויף אַן אַלטן פון לאַנג אַ באַוואוסטן כלל גדול בעבודת השם, אַז ער האָט נאָר אונטערגעשטראָכן אַן אַלטן יסוד גדול ועיקר נכבד פון די לערן פון אידנטום?

פון ווען אָן איז דאָס געוואָרן אָדער ווען איז דאָס געווען אַן עיקר גדול אין יהדות, אָדער א מצוה, אַז מיר זאָלן זיך מתרחק מן העבודה זיין אָדער אַ מצוה טאָן דווקא נאָר צוליב דער מורא פאַר דעם עונש אָדער נאָר צוליב דעם שכר, מיט וועלכן מיר וועלן באַלוינט ווערן?

דער עונש אָדער שכר זיינען ניט קיין אורזאַכן, נאָר קאָנסע־קווענצן. ניט דערפאַר דאַרפן מיר מקיים זיין גאָטס פאָרשריפטן, ווייל אויב מיר וועלן זיי ניט מקיים זיין, וועלן מיר געשטראָפט ווערן. נאָר דערפאַר, וואָס מיר זיינען ניט גאָטס פאָרשריפטן מקיים, טרעפט אונדז די שטראָף זיינע. מיר דאַרפן גומל חסד זיין מיט מענטשן, ווייל מיר דאַרפן קיין אכזרים ניט זיין, ווייל מיר דאַרפן רחמנות האָבן אויף מענטשן, מיטלייד האָבן מיט זיי. מיר דאַרפן אַלע פאָרשריפטן פון דער תורה מקיים זיין, ווייל אין זיי איז פאַרקערפּערט גאָטס ווילן, ווייל טאָן גאָטס ווילן דאַרף פאַר דעם מענטשן אַלס דער גרעסטער טוגענד פאַררעכנט ווערן. דער ענין פון דינען גאָט מתוך אהבה, מתוך יראה, יראת הרוממות, יראת כבודו, איז דאָס שטענדיקע טעמע ניט נאָר אין די לערן פון די לעצטע מדרשים, פון חסידות, פון קבלה;

ניט נאָר דאָרטן פאַרנעמט ער אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ, נאָר אויך אין די לערן פון קלאַסישן אידנטום, אין די לערן פון דער תורה, פון די נביאים, ווערט דאָס אַלעס אומאויפהערלעך געפּריידיקט. דער ענין פון „ואהבת את ה׳ אלהיך" איז דער יסוד כל היסודות און עבודת השם לויט די לערן פון אידנטום. און צו וואָס דען קען אין לעצטן סך הכל נאָך אַ געהעריקן אַנאַליז צוגעפירט ווערן דער אינהאַלט פון דעם מאמר פון אַנטיגנוס אויב ניט צום ענין פון אהבת השם, צו דינען גאָט מתוך אהבה, מתוך יראת הכבוד, ניט מתוך יראת העונש.

ווען אָבער אפילו דער מאמר פון אַנטיגנוס איש סוכו וואָלט ניט וועגן עבודת השם בכלל גערעדט, ווען ער וואָלט נאָר פון הומאַניטאַרן כאַראַקטער געווען, ווען ער וואָלט, ווירקלעך, אפילו נאָר וועגן דברים שבין אדם לחבורו גערעדט, נאָר וועגן אונדזער גומל חסד זיין מיט אונדזערע מיטמענטשן, ווען ער וואָלט דערצו נאָך גאָר אינגאַנצן אין צוזאַמענהאַנג מיט אהבת השם ניט געווען, אַפילו דאַן וואָלט מען אין אים ניט געקענט זען קיין גריכישן איינפלוס צוליב די לערן פון די סטאָאיקער. וואָרים אויב די לערע פון די סטאָאיקער, וועלכע מען פאַרגלייכט מיט דעם מאמר פון אַנטיגנוס, איז אַ נייע געווען, איז אַן אַנטאַגאָניסטישע צו אַנדערע אידייען געווען, איז זי געווען אַזאַ נאָר אין באַצוג צו די פילאָזאָפישע לערן פון אַנדערע גריכישע שולן, אָבער ניט אין באַצוג צום אידנטום. די לערע פון די סטאָאיקער, אַז די גוטע טאַטן דאַרפן פון אונדז געטאָן ווערן נאָר דערפאַר, וואָס זיי זיינען גוטע, ניט צוליב קיינע אַנדערע צוועקן, קאָן אין קעגנזאַץ געשטעלט ווערן מיט דעם עגאָאיסטישן העדאָניזם; אין קעגנזאַץ צו די לערן פון אָט יענע פילאָזאָפן, וואָס האָבן געפּרעדיקט עגאָאיזם. די דאָזיקע פילאָזאָפן האָבן געלערנט, אַז דער העכסטער צוועק פאַר דעם מענטשן באַדאַרף זיין זוכן וואָס מער גליק, וואָס מער פאַרגעניגן פאַר זיך. די גוטסקייט אָדער די שלעכטקייט פון אַ טאַט דאַרף דעריבער געמאָסטן ווערן נאָר דורך דעם, אויף וויפיל ער קען אונדז גליק ברענגען, אויף וויפיל ער קען אונדז פאַרגעניגן פאַרשאַפן. ווערט דורך דער לערע פון די סטאָאיקער באַקעמפט די דאָזיקע שעדלעכע מאָראַל. אין קעגנערשאַפט צו די עגאָ־העדאָניסטן האָבן זיי געלערנט, אַז דער צוועק פון די גוטע טאַטן, די ווערט זייערע, איז אין זיי אַליין, ניט אויסער זיי; אַז ווען מיר טוען גוטס, דאַרפן מיר דורך דעם קיין אייגן נוצן ניט זוכן; אַז אַ גוטער טאַט איז ניט דווקא דער, דורך וועלכן עס ווערט געבראַכט גליק פאַר זיך; אַז מיר באַדאַרפן זיין

גרייט אונדזער הילף יעדן איינעם צו געבן אפילו דאַן, ווען אונדז קען דערפון קיין טובה ניט אַרויסקומען; אַז מיר דאַרפן נזהר זיין קיינעם ניט גורם רעה זיין אפילו, ווען דורך דער רעה, וואָס מיר וואָלטן יענעם געטאָן, וואָלט אונדז אַ טובה אַרויסגעקומען. און וואָס עפּעס אַנדערש דען קען נאָך אַזוי קלאָר ווי דער טאָג זיין, אַז אָט די אַלע זאַכן זיינען אומבאַרירבאַרע עיקרים אין אונדזער תורה, אַז דאָס אַלעס, ווערט אוממאויפהערלעך געפּרעדיקט פון איר? צי נויטיקט זיך עס נאָך אין באַווייזן, אַז די תורה אונדזערע דערלויבט ניט גליק פאַר זיך צו דערווערבן דורך אכזריות טרייבן בנוגע צו אַנדערע, אַז זי פּרעדיקט, אַז די מעשים טובים, וואָס מיר טוען זאָלן אַרויסקוועלן פון אַ טיפן רחמנות געפיל צו אַנדערע, פון טיפן מיטלייד צו אונדזערע מיט־מענטשן? און וואָס נאָך פאַר אַ געזעצגעבונג איז די ליבע צום מענטשן, דאָס רחמנות געפיל צו אַלעם דעם, וואָס לעבט, דער הויפּט באַזיס פון אַלע אירע פאַרשריפטן, דער לעבנס־נערוו אירער, ווי אין אונדזער תורה?

אויב מען קען ריידן וועגן איינפלוס, פאַרבינדנדיק אַ שייכות צווישן דעם מאמר פון אַנטיגנוס און די אויבנדערמאָנטע לערן פון די סטאָאי־קער, קען מען עס נאָר אין אַ פאַרקערטער ריכטונג טאָן פון דער, אין וועלכער די אויבנדערמאָנטע פאָרשער טוען עס. ניט די דאָזיקע לערן האָבן אויסגעאיבט אַן איינפלוס אויף דעם אידנטום: ניט אונטער זייער ווירקונג איז דער מאמר פון אַנטיגנוס איש סוכו געשאַפן געוואָרן, נאָר דאָס אידנטום האָט זייער אַנטשטיין באַווירקט. אונטער דעם איינפלוס פון דער תורת המוסר של היהדות אויף אייניקע גרופּן פון דער גריכישער אינטעליגענץ זיינען די דאָזיקע לערן פון די סטאָאיקער אַנטשטאַנען, ווי זיי — די סטאָאיקער — זיינען בכלל אין זייערע פּירוג־גען, אין זייערע לערן זייער פיל אונטער אידישן איינפלוס געשטאַנען. עס איז באַוואוסט, אַז דער סטאָאיציזם האָט זיך אַנטוויקלט און פאַר־נאַנדערגעבליט ניט אין די צענטראַלע גריכישע שטעט, נאָר אין די העלעניזירטע שטעט פון אַזיע און אַפריקע, וואָס זיינען אונטער דער הערשאַפט פון גריכישע מושלים אונטערגעפאַלן. דער סטאָאיציזם איז געווען פיל מער אַ פּראָדוקט פון אָריענטאַליזם, ווי אַ פּראָדוקט פון העלענישער קולטור. אַלנפאַלס איז ער מער געמישטער פּראָדוקט פון דער העלענישער און אָריענטאַלישער קולטורן געווען, ווי זעלבסט־שטענדיקער, ריינער פּראָדוקט פון העלעניזם. צווישן די באַדייטנדסטע פאָרשטייער פון סטאָאיציזם, צווישן די באַדייטנדסטע גרינדער און

אויסטייטשער זיינע, האָבן זיך געפונען פילע פערזענלעכקייטן, וואָס זיינען ניט פון גריכישער אָפּשטאַמונג געווען, פילע אָריענטאַלן, וואָס זייער געבורטס פּלאַץ און זייער רעזידענץ איז ניט אין גריכנלאַנד געווען, נאָר אין די שטעט פון די אונטערגעוואָרפענע אָריענטאַלע טעריטאָריען אונטער דער ממשלה פון גריכישע הערשער. שוין איר ערשטער גרינדער איז געווען אַ פעניציער, זענאָ פון קיטיום און אין אַ גאַנצע רייע פון די וויטערע פאָרשטייער פון סטאָאיציזם געפינט זיך ניט קיין איינער פון גרויס באַדייטונג, וואָס זאָל געווען שטאַמען פון סאַמע האַרץ פון גריכנלאַנד, נאָר זיי האָבן זיך אַלע געפונען אין העלעניזירטן מזרח. און וואָס מער דער סטאָאיציזם האָט אין די וויי־טערע סטאַדיען פון זיין אַנטוויקלונג אָנגעהויבן אַן עטישע לערע פון פּראַקטישער מאָראַלער לעבנס־אויפפירונג צו ווערן, איז ער אַלץ מער אין דער באַווירקונגס־ספערע געשטעלט געוואָרן ניט נאָר פון סתם אָריענטאַלן איינפלוס, נאָר אויך פון איבערוועגנדן אידישן איינ־פלוס. דער שטרענגער עטיציזם פון דער אידישער לעבנס־אויפפירונג איז זיין אינספּיראַטאָר געווען, זיין לערער און וועגווייזער אין זיין זוכן און שטרעבן.

ז

# די אויסטייטשונג פון פראַנקל וועגן דעם מאמר פון אנטיגנוס

פראַנקלס אויסטייטשונג פון אנטיגנוס מאמר. — ער שטעלט אים אין נעגאַטיווער שייכות מיט געוויסע גריכישע דאָקטרינען. — אַנשטאָט צו פאַרבינדן אים מיט די לערן פון די סטאָאיקער, פאַרבינדט ער אים מיט די לערן פון די עפּיקורעער. — נאָך אַן אַנדער מיינונג, לויט וועלכער אנטיגנוס אַליין איז גאָר אַ כופר בשכר ועונש געווען. — די מסורה וועגן דעם, אַז דורך דעם דאָזיקן מאמר איז די כת הצדוקים ביי אידן געבוירן געוואָרן.

רבי זכריהו פראַנקל זעט אויך די ווירקונג פון די גריכיש פילאָזאָפישע לערן אין דעם דאָזיקן מאמר, מער ניט, ניט אין פּאָזיטיוון, נאָר אין נעגאַטיוון זין. ער זאָגט ניט, ווי אַנדערע טוען עס, אַז דער אינהאַלט פון דעם דאָזיקן מאמר שטייט אין פּאָזיטיווער שייכות, אַלס דירעקטע איבערפלאַנצונג אָדער איבעראַרבעטונג, מיט געוויסע גריכיש פילאָזאָפישע לערן. ער זעט ניט אין דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן מאמר דעם זעלבן אָדער ענלעכן אינהאַלט, וואָס אָט יענע לערן ענטהאַלטן. ער שטעלט אים אין נעגאַטיווער שייכות מיט זיי. ער טייטשט אויס דעם אינהאַלט זיינעם אויף אַן אופן, ער זאָל אַ דיאַמעטראַל קעגנגעזעצטן אינהאַלט צום אינהאַלט פון אָט יענע לערן אַנטהאַלטן. די לערע, וואָס דער דאָזיקער מאמר אַנטהאַלט, איז, לויט דער אויס־טייטשונג פון פראַנקל, כל עיקרו געקומען נאָר דערויף, צו באַקעמפן אָט יענע לערן. זייער ווירקונג אויף דעם אַנטשטיין פון דעם דאָזיקן מאמר באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס, ווען דער איינפלוס פון אָט יענע גריכיש פילאָזאָפישע לערן האָט זיך אויך צווישן געוויסע גרופּן פון דער אידישער אינטעליגענץ פאַרשפּרייט, איז אַרויסגעטראָטן אַנטיגנוס איש סוכו מיט דעם דאָזיקן מאמר זיינעם צו באַקעמפן אָט יענע שעד־לעכע לערן, צו באַקעמפן דעם איינפלוס זייערן אויף דעם אידישן לעבן.

און ניט אין צוזאַמענהאַנג מיט די לערן פון די סטאָאיקער שטעלט רבי זכריהו פראַנקל דעם מאמר פון אַנטיגנוס. ערשטעלט אים אין צוזאַמענהאַנג מיט די לערן פון די עפּיקורעיער.

אין יענער צייט — שרייבט ער — האָט זיך געשטאַרקט די כתה פון די עפּיקורעיער, די אָנהענגער פון דעם גריכישן פילאָזאָף עפּיקור, וואָס איינער פון די הויפּט עיקרים פון זיין לערע איז געווען: דער גרעסטער גליק פאַר דעם מענטשן איז, ער זאָל נאָר פריילעך זיין שטענדיק. און כאָטש ער האָט געלערנט, אַז די גרעסטע פרייד איז די פרייד, וואָס קומט פון טאָן גוטס און אַז די בעסטע זאַך פאַר דעם מענטשן איז, ער זאָל בדרך טובים גיין, איז אָבער אין דעם עיקר למוד זיינעם האָט ער געגעבן אַן אָרט זיך טועה צו זיין. וואָרים ווי־באַלד דער עיקר כל העיקרים איז די שמחה פאַר דעם מענטשן, קען דאָך שוין מעגלעך זיין, אַז דער מענטש זאָל, לויט דער לערע פון עפּיקור, זוכן שמחה פאַר זיך אויך אויף גאַנץ אַנדערע וועגן, ווי גוטס טאָן. און אין אמתן האָבן דער רוב פון זיינע תלמידים און נאָכפאָלגער קערפּערלעכן פאַרגעניגן געזוכט שטענדיק און זיי פלעגן זאָגן אַז דאָס בעסטע צו טאָן פאַר דעם מענטשן איז נאָר עסן און טרינקען און אַלע תאוות זיך נאָכגעבן.

און ווידער — שרייבט ווייטער פראַנקל — האָט באַזירט עפּיקורס לערע נאָך אויף אַ צווייטן יסוד, וועלכער איז נאָך מער, ווי דער ערשטער אַ מקור משחת געווען: היות, אַז דער תכלית פון אַלץ איז שמחה, און דער תכלית פון שמחה איז רו און גלייכגעוויכט, דעריבער איז דער גרעסטער כבוד, וואָס דער מענטש קען גאָט אָפּגעבן, איז צו זאָגן, אַז גאָט אין הימל אויבן זיצט אין אַבסאָלוטער רו שטענדיק און שענקט קיין אויפמערקזאַמקייט ניט די מעשים פון די מענטשן און ער באַזיצט ניט — ניט דאָס געפיל פון רחמנות, און ניט דעם פאַרלאַנג פון וועלן אָפּרעכענען זיך פאַר זינד. און ער וויסט אויך ניט דעם ענין פון גומל טוב זיין. וואָרים דורך די דאָזיקע אַלע זאַכן מוז די שלוה און מנוחה בטל ווערן. און עס קען גאָר — אַרגומענטירט פראַנקל ווייטער — קיין מער שעדלעכע לערע פון דער ניט זיין, וואָרים זי איז כמעט דאָס זעלבע, ווי כפירה גמורה בהוויית האלהות. און עפּיקור אַליין איז געווען גענייגט צו דער דאָזיקער דיעה. נאָר ווייל ער האָט מורא געהאַט צו לערנען עפנטלעך, אַז עס איז קיין גאָט ניטאָ, האָט ער דערפאַר דאָס אַלץ פאַרשטעלט געלערנט. און דערפון נעמט זיך, וואָס די חכמי ישראל זיינען געוואוינט געווען צו רופן אַ כופר בעיקר

מיט דעם נאָמען אפיקורס.*) און אויך — פאַרענדיקט אַזוי אַרום פראַנקל זיין באַהויפּטונג, די רייד פון אַנטיגנוס איש סוכו, וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט, אין דער צייט, ווען עפּיקורס געדאַנקען און לערעס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אין מזרח, זיינען געזאָגט געוואָרן, לויט אונדזער השערה, אין דער עיקר כוונה זייערער, אַנטקעגן דער דאָזיקער דיעה, וואָס זי האָט געפונען חן אין די אויגן פון פילע חוטאים און מופקרים. דער אינהאַלט פון אַנטיגנוס מאמר איז אַזוי אַרום פאָלגנדער: אין אמתן איז די גרעסטע מדה, אַז דער מענטש זאָל מקיים זיין די מצוות צוליב זיין אויסוואַל אין גוטס, ניט צוליב דעם חוב, וואָס ליגט אויף אים און דעם שכר, וואָס ער באַקומט דורך טאָן די מצוות, נאָר דורך זיין פרייען ווילן און צוליב זיין וויסן, אַז ווייל די נשמה פון מענטשן איז אַ חלק אלוה ממעל, דעריבער קען זי פאַר זיך קיין גרעסערן פאַרגעניגן ניט געפינען, ווי טאָן גוטס. טאָמער אָבער וועסטו זיך טועה זיין צו וועלן זוכן פאַר זיך אַן אַנדער פאַרגעניגן און דו וועסט זאָגן: איך וועל טאָן, וואָס מיר געפעלט אין מיינע אויגן און וואָס איך האָב באַאורטיילט אַלס פאַרגעניגן, בין איך מוסיף און זאָג: ו„יהי מורא שמים עליך״, דאָס הייסט, אוודאי איז אַן אלהים שופטים פאַראַן אויף דער וועלט, ניט ווי די דיעה פון עפּיקור, און גאָט קוקט אויף די מענטשן און אויף די מעשים זייערע.

אויך אָבער צו דער דאָזיקער אויסטייטשונג פון פראַנקל זיינען מיר ניט געצוואונגען. די אייגענע אַרגומענטן, וואָס מיר האָבן אָנגעווענדט פריער קעגן דער אויסטייטשונג פון מאמר, אַז ער אַנטהאַלט אין זיך אין דער אָדער יענער פאָרם עלעמענטן פון גריכיש-פילאָזאָפישע דאָקטרינען, קענען אויך אָנגעווענדט ווערן קעגן דער דאָזיקער אויסטייטשונג, אַז ער איז געצילט צו באַקעמפן געוויסע גריכיש--פילאָזאָפישע דאָקטרינען.

דער דאָזיקער מאמר לערנט דעם ענין פון עבודת השם מתוך אהבה, ניט מער. אין דער לעצטער זאַץ „ויהי מורא שמים עליכם״ איז ניט עטוואָס אַנדערש, ווי די ערשטע זאַצן. ער דערגאַנצט זיי נאָר.

---

*) און עס איז אינטערעסאַנט צו ברענגען ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט די אויסטייטשונג פון רמב״ם וועגן דעם וואָרט אפּיקורס. אין פירוש המשניות זיינעם אין חלק „סנהדרין״, שרייבט ער: און דאָס וואָרט אפּיקורס איז ארמית און דער ענין אירער איז: דער, וואָס איז מבזה און מפקיר די תורה אָדער די, וואָס לערנען זי. און דעריבער רופט מען מיט דעם דאָזיקן נאָמען יעדן איינעם, וואָס גלויבט ניט אין די יסודות פון דער תורה.

ער מיינט דאָסזעלבע, וואָס די פריערדיקע. איר זאָלט ניט זיין, לערנט אונדז דער דאָזיקער מאמר, ווי די קנעכט, וואָס דינען זייער האַר, כדי צו באַקומען באַלוינונג דערפאַר, נאָר ווי די, וואָס דינען אים פאַר ליבשאַפט. ניט צוליב מורא פאַר דעם עונש זאָלט איר גאָט דינען, נאָר פאַר יראת הרוממות, אויס מורא פאַר זיין גרויסקייט, מפני יראת כבודו, אויס טיפן רעספּעקט און ליבע געפיל צו אים. דער אינהאַלט פון דעם „הן", וואָס בפירוש איתמר, פון דעם סופו דקרא, פון דעם „ויהי מורא שמים עליכם" איז דער זעלבער*) ווי דער „שלא על מנת לקבל פרס".

און אין צוזאַמענהאַנג מיט די אויסטייטשונגען פון דעם מאמר פון אַנטיגנוס, וואָס מיר האָבן ביז אַהער געבראַכט, וועלן מיר ברענגען דאָ נאָך אַן אויסטייטשונג.

לויט דער דאָזיקער אויסטייטשונג זאָל עס הייסן, אַז אַנטיגנוס איש סוכו איז ניט געווען צופרידן דערפון, וואָס די אמונה אין שכר ועונש נאָך דעם טויט האָט זיך צו יענער צייט צו שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן פאָלק. דעריבער האָט ער אַזוי שטאַרק אונטערגעשטראָכן, אַז די הויפּט עבודה דאַרף זיין נאָר מתוך אהבה, נאָר מתוך יראת הרוממות.

און זיי באַפעסטיקן זייער מיינונג דערמיט, וואָס עס ווערט איבער־געגעבן אין אבות דרכי נתן, אַז דורך דעם דאָזיקן מאמר איז די כת הצדוקים אַנטשטאַנען, וואָס האָבן מכחיש געווען אין דער תורה שבעל פה. די תלמידים פון אַנטיגנוס, ווערט דאָרטן דערציילט, צדוק ובייסוס, האָבן געזאָגט**): ווען אונדזערע רביים זאָלן געווען וויסן, אַז עס איז דאָ אַ יענע וועלט, אַז עס איז דאָ תחית המתים, וואָלטן זיי דאָס

*) און נאָכדעם, וואָס איך האָב דאָס געשריבן האָב איך געזען, אַז דער תוספות יום טוב טייטשט אויך אַזוי דעם „ויהי מורא שמים עליכם" אויס. ער שרייבט: כנהו בשם „שמים" לאמר שלא תהיה היראה מחמת עונש חס ושלום אלא מצד גדולתו.

**) די אגדה במלוא לשונה — לייענט זיך דאָרטן, ווי פאָלגט: אנטיגנוס איש סוכו היו לו שני תלמידים, והיו שונים לתלמידים ותלמידים לתלמידים. עמדו ובדקו אחריהן ואמרו: מה ראו אבותינו לאמר דבר זה, אפשר שיעשה פועל מלאכה ולא יקבל שכר פעולתו, אלא היו יודעים אבותינו שיש עולם אחר, שיש תחית המתים לא היו אומרים כך. עמדו ופרשו מן התורה ונפרצו מהם שתי פרצות, צדוקים ובייסוסים. און זע מיין בריוו צו פּראָפ. דאַווידזאָן, ע"ה, וואָס איז איבערגעדרוקט אין נומער 35 פון מיין „וואָרט־ביבליאָטעק" — בנוגע אַ פראַגע, וואָס ער האָט געשטעלט אויף אַ לעקציע, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן פון „סקריפּטאַ מאַטעמאַטיקאַ" פאָרום, אָנגעפירט פון פּראָפ. יקותיאל גינצבורג. דער בריוו האָט אַ שייכות צו אונזער טעמע דאָ.

ניט געוועזן געזאָגט. זיינען זיי געגאַנגען און געלייקנט אין דער תורה שבעל פה. דאָס היסטאָרישע קערענדל פון דער דאָזיקער אגדה, ווייל די דאָזיקע אויסטייטשונג האָבן, באַשטייט אין דעם, אַז אין די פריער־דיקע דורות איז געווען באַוואוסט צווישן די חכמי התורה, אַז אַנטיגנוס איש סוכו אָנשויאונגען וועגן שכר ועונש זיינען, ווי די אָנשויאונגען וועגן דעם פון די צדוקים געווען. דעריבער איז אויף דעם גרונט פון דעם דאָזיקן באַוואוסטן אין יענע דורות פאַקט געשאַפן געוואָרן די לעגענדע, אין וועלכער עס ווערט אָנגעהאַנגען דאָס אַנשטיין פון די צדוקים אין דעם דאָזיקן מאמר פון אַנטיגנוס דורך זיינע תלמידים, אַז דאָס פאַרוואַרפן פון דער דאָזיקער אמונה, וואָס איז קבלת אבות געווען, וואָס די ערשטע סופרים האָבן געפּריידיקט, האָט זיי געבראַכט דערצו, זיי זאָלן די גאַנצע תורה שבעל פה פאַרוואַרפן.

אויף וויפיל עס ווערט אין דער דאָזיקער לעגענדע, הייסט עס לויט דער דאָזיקער אויסטייטשונג, בכלל קאָנסטאַטירט אַ סמיכות הפרשיות צווישן דעם אַנטשטיין פון דער כת הצדוקים און דעם מאמר פון אַנטיגנוס באַזירט זי אויף דער מסורה, וואָס האָט אין די פריערדיקע דורות געלעבט צווישן די חכמי התורה וועגן די אָנשויאונגען פון אַנטיגנוס בנוגע שכר ועונש. אָן אויף וויפיל עס ווערט גערעדט אין איר בדרך פרט וועגן דעם אַנטשטיין פון דער כת הצדוקים דורך דעם דאָזיקן מאמר, ווייל זיי האָבן זיך טועה געווען אין זיין אויסטייטשונג איז ער אַ פּראָדוקט פון דעם, וואָס אין די שפּעטערדיקע דורות האָט מען זיך, נאַטירלעך, גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַזאַ גדול הדור, ווי אַנטיגנוס, זאָל ניט געווען גלויבן אין שכר ועונש נאָך דעם טויט.

און, נאַטירלעך, איז עס גאָר איבעריק צו באַטאָנען, אַז פון די אַלע אויסטייטשונגען איז די דאָזיקע אויסטייטשונג די אומזיניקסטע. אויב עס איז קיין נויטווענדיקייט, קיין מעגלעכקייט ניט פאַראַן צו אויסטייטשן דעם מאמר פון אַנטיגנוס אויף אַן אופן, ער זאָל אין זיך ענטהאַלטן אַ לערע, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן אין אירגענד וועלכן היניזיכט דורך גריכישן איינפלוס, אין וועלכן עס זאָל פאַר זיך אויס־דרוק געפינען ניט נאָר אַקצעפּטירונג פון געוויסע ניט אין קעגנער־שאַפט צו די יסודות פון דער אידישער אמונה שטייענדע גריכיש־פילאָזאָפישע דאָקטרינען, נאָר אויך באַקעמפונג פון געוויסע אַנטאַגאָ־ניסטישע צום אידנטום גריכיש־פילאָזאָפישע לערן, איז על אחת כמה וכמה ניט קיין נויטווענדיקייט און ניט קיין מעגלעכקייט פאַראַן אַריינ־לייגן אין דעם דאָזיקן מאמר אַן אינהאַלט פון כפירה בשכר ועונש.

ח

# חוניו דער צווייטער

די צרות, וואָס זיינען דורך חוניו דעם צווייטן אויף די אידן אין ארץ ישראל געקומען. — ער האָט אויפגעהערט צאָלן די תלמעער אין עגפיטן דעם יערלעכן אָפּצאָל, וואָס ער פלעגט זיי צאָלן שטענדיק. — דער קעניג שיקט אַ ספּעציעלן שליח וועגן דעם קיין ירושלים. — די שרעק, אין וועלכער דאָס אַנקומען פון שליח האָט די אידן דאָרטן אַריינגעוואָרפן. — די געפערלעכע לאַגע, וואָס ס'איז דאַן פאַר דעם ישוב אין יהודה געשאַפן געוואָרן. — יוסף בן טוביה, חוניוס פּלימעניק, פאַרמיידט די דראָענדע געפאַר. — נאָך פיל מי פועלט ער ביי חוניון, ער זאָל אים שיקן קיין אַלעקסאַנדריע, ער זאָל דעם קעניג איבערבעטן.

חוניו, ווי מיר האָבן שוין געשריבן איינמאָל, איז געבליבן אַ קליין קינד, ווען זיין פאָטער שמעון הצדיק איז געשטאָרבן. איז דאַן געוואָרן כהן גדול אליעזר שמעון הצדיקס ברודער. און נאָך זיין טויט איז מנשה זייער ברודער — דער ברודער פון שמעון הצדיק און אליעזר — געוואָרן כהן גדול. און ערשט נאָך דעם טויט פון מנשהן, איז געוואָרן כהן גדול חוניו, וועלכער איז געווען צו יענער צייט שוין אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן. ער איז געוואָרן כהן גדול אין די יאָרן צווישן 245 און 235 פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג און איז אַלט געווען דאַן אַ יאָר 40־50. דורך חוניו דעם צווייטן איז אַ שיין ביסל צרות געקומען אויף די אידן אין ארץ ישראל. ער האָט די ראָל פון אַ גאָר גרויסן פאַקטאָר געשפּילט אין דער בייער ווענדונג, וואָס די אידישע געשיכטע האָט דאַן אָנגענומען. דורך זיין האַנדלונג האָט ער מיטגעהאָלפן, כאָטש ער איז גאָר ניט אויסן געווען די אַרויס־געקומענע פון איר רעזולטאַטן צו ברענגען, דערצו, עס זאָל זיך גאָר אינגיכן דאָס ווילדע בושעווען פון הפקרות העלעניזם אָנהויבן אין ארץ ישראל. דורך זיין אַ האַנדלונג האָט ער אין דעם מאָמענט, ווען זי איז פאָרגעקומען דעם גאַנצן אידישן ישוב אין ארץ ישראל אין אַ געפאַר פון אונטערגיין געשטעלט.

נאָך דעם אומאויפהערלעכן אַרומרייסן זיך, נאָך די פילע קריגערייען

צווישן די סעלייקעער און תלמעער, נאָך די פילע פאַרזוכן מצד יעדן איינעם פון די קעמפנדע צדדים, די גרעניצן פון זיין ממשלה אויף דעם חשבון פון די ממשלה טעריטאָריען פון צוייטן ברייטער צו מאַכן, איז שלום געשלאָסן געוואָרן צווישן די צוויי קעמפנדע דינאַסטיעס. עס איז צווישן זיי אַן אָפּמאַך געשלאָסן געוואָרן אין יאָר 240, און נידער־סיריען און יהודה זיינען געבליבן פאַראייניקט מיט עגיפּטן.

אויך אָבער דער דאָזיקער נייער ענדגילטיקער, ווי ער האָט געזאָלט זיין, אָפּמאַך, האָט זיך ווי אויף משקולת געהאַלטן. דער פערטער קעניג פון די סעלייקעער, אַנטיוכוס קאַליניקאָס האָט גע־העצט די דאָזיקע אויבנדערמאָנטע פּראָווינצן צו רעוואָלטירן קעגן עגיפּטן, און, ווי עס שיינט, האָט ער געוואונען חוניו דעם צווייטן, ער זאָל אויף זיין זייט איבערגיין. האָט זיך חוניו דאַן אָפּגעזאָגט צו צאָלן דעם יערלעכן אָפּצאָל צו די תלמעער. אמת, די סומע איז געווען זייער אַ קליינע, ניט מער ווי נאָר 20 טאַלאַנטן. דאָס צאָלן אָבער פון דעם אָפּצאָל איז באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ צייכן פון הכנעה, פון אונטערוואָרפן זיך פילן אונטער דעם פאָלק, צו דער ממשלה פון וועלכן מען האָט דעם אָפּצאָל געצאָלט. און דעריבער איז אָט דאָס אָ, וואָס חוניו האָט זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן דעם יערלעכן צינז צו די תלמעער, באַטראַכט געוואָרן אַלס גרויסע באַליידיקונג אין עגיפּטישן הויף. און נאָכדעם וואָס תלמי האָט ערפאָלגלאָז עטלעכע מאָל געפאָדערט, אַז חוניו זאָל אים אָפּשיקן דעם אָפּצאָל, האָט ער געדראָט חוניון אַז ער וועט צעטיילן די פּראָווינץ יהודה צווישן פאַרשיידענע פון דער פרעמד געבראַכטע קאָלאָניסטן. ער האָט געשיקט איינעם פון זיינע פאַוואָריטן, אַטעניאָן, אַלס ספּעציעלן שליח קיין ירושלים.

דאָס אָנקומען פון שליח אין שטאָט האָט אַ גרויסן שרעק אָנגע־וואָרפן אויף די אידן דאָרטן. זיי האָבן זיך אין שרעק און פאַרצווייפלונג געווענדעט צו חוניון, בעטנדיק אים, ער זאָל זיך אונטערגעבן, כדי די דערוואַרטעטע שטראָף אויסצומיידן. בלייבנדיק טריי אָבער צו תלמיס שונאים, וואָס האָבן אים קעגן ערשטן אויפגעהעצט, האָט ער אָפּגעזאָגט דעם פאַרלאַנג פון פאָלק, האָט ער קיין אויפמערקזאַמקייט ניט צו זייער געבעט געשענקט.

און אָט אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אַ געפערלעכע לאַגע פאַר דעם אידישן ישוב אין יהודה. עס האָט געשוועבט די געפאַר, אַז תלמי זאָל ניט זיין דראָאונג רעאַליזירן, ער זאָל ניט אַוועקנעמען דאָס לאַנד ביי די אידן און באַזעצן עס מיט זיינע זעלנער.

די דאָזיקע געפאַר איז באַזייטיקט געוואָרן נאָר אַ דאַנק די באַמי־
אונגען פון יוסף בן טוביה, וועלכער איז געווען חוניו דעם צווייטנס
אַ פּלימעניק. וואָרים זיין מוטער איז געווען חוניוס שוועסטער, שמעון
הצדיקס טאָכטער.

דער דאָזיקער יוסף בן טוביה האָט פון לאַנג שוין געהאַט די
אַמביציעס אַ גרויסער פירער פון פאָלק צו ווערן. האָט אים דער
דאָזיקער מאָמענט אַמבעסטן צוגעדינט. ער האָט פאַר זיך אין דער
פאַסירונג אַ פּאַסנדע געלעגנהייט דערזען דערויף, ער זאָל קענען זיינע
טרוימען רעאַליזירן, ער זאָל קענען די פירערשאַפט איבער דעם פאָלק
אין זיינע הענט איבערנעמען.

ווען ער איז געוואָר געוואָרן וועגן דער געפאַר, וואָס דראָט דעם
אידישן ישוב אין ארץ ישראל, וועגן דעם שליח, וואָס תלמי האָט
געשיקט קיין ארץ ישראל, איז ער שנעל פון זיין וואוינונגס פּלאַץ
אויף דער פּראָווינץ קיין ירושלים געקומען, און מיט זיין חכמה און
שלויקייט האָט ער זיין ווילן אויף חוניון אַרויפגעצוואונגען, ער זאָל
ניט זיין מער האַרטנעקיק, פאַרטצוזעצן זיין מרידה אין תלמין. און
באַלד האָט ער דעם גאַנצן ענין אַזאַ ווענדונג געגעבן, אַז ער, יוסף,
זאָל אין פראָנט אַרויסגערוקט ווערן ער זאָל פון פאָלק אויפגעפאָדערט
ווערן, ער זאָל זייער פירער ווערן. ער האָט צונויפגערופן אַ גרויסע
פאָלקס פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט אין פילע דאַנק אויסדריקע סאַנק־
ציאָנירט די מיסיע, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען מיט חוניוס
צושטימונג צו גיין קיין אלעקסאַנדריען איבערבעטן דעם קעניג און זיין
כעס שטילן.

און די שליחות זיינע האָט זיך, ווירקלעך, מיט דערפאָלג געקרוינט.

מיט זיין חכמה, פיינעם טאַקט און שיינע מאַניערן און הויפּטזעכלעך,
דורך די רייכע מתנות, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט פאַר דעם
קעניג און זיינע מקורבים, דורך די גרויסע סומען געלט, וואָס ער האָט
אויף דעם דערגרייכן פון צוועק אויסגעגעבן, האָט ער זייער אַ גוטן
איינדרוק געמאַכט אויף דעם קעניגלעכן הויף, און עס האָט זיך אים
איינגעגעבן זיין כעס צו שטילן, זיין פריינטשאַפט צום אידישן ישוב
אין יהודה, זיינע גוטע באַציאונגען צום אידישן פאָלק ווידער צום
לעבן ברענגען.

און אַזוי האָט ער צוזאַמען דערמיט, וואָס ער האָט דעם דראָענדן
אומגליק פאַר דעם אידישן פאָלק באַזייטיקט, אויך פאַר זיך גליק
געבראַכט. ער האָט איצט זיין טרוים רעאַליזירט אַן אָנגעזעענע פּי־

גור, אַ פירער צו ווערן. דער וויזיט זיינער ביים קעניג האָט אים צו אומגעהויערן רייכטום, צו כבוד גרויסן געפירט. ער איז געוואָרן אַ רעכטע האַנט ביים קעניג. איינער פון זיינע גרעסטע פאַוואָריטן. ער האָט אים געמאַכט פאַר דעם הויפּט קאָלעקטאָר פון ציגזן איבער גאַנץ נידער־סיריען און פעניציען, דורך וועלכן ער איז צו אַ הויכער מדרגה פון מאַכט, רייכטום און כבוד דערהויבן געוואָרן.

און מיט דער דערהויבונג פון יוסף בן טוביה איז דערנידערונג פאַר חוניו דעם צווייטן געקומען. יוסף בן טוביה איז פון דאַן אָן געוואָרן דער פאַקטישער הערשער פון לאַנד, דערווירקלעכער פאַר־מיטלער צווישן דעם קעניג אין עגיפּטן און די אידן אין יהודה, דאַן ווען חוניו האָט קיין שום ראָל שוין מער ניט געשפּילט. ער האָט נאָר דעם אַמט פון כהן גדול באַקליידעט און האָט זיך אָפיציעל פאַר דעם פאָרשטייער פון אידישן פאָלק גערעכנט. ער האָט אָבער קיין ממשות־דיקע ממשלה ניט געהאַט. ניט ער איז דער מושל געווען. ער האָט אויף קיין שום זאַך קיין דעה ניט געהאַט און קיין שום זאַך האָט זיך ניט אונטער זיין דיקטאַטור געפונען.

חוניו דער צווייטער איז מיט אויסערגעוויינלעכער אריכות ימים באַשענקט געווען. נאָכדעם, וואָס ער האָט דורך זיין אייגענער שולד די פירערשאַפט איבער דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל פאַרלאָרן, האָט ער נאָך פילע צענדליקער יאָרן געלעבט, צוזעענדיק, ווי אַנדערע געניסן פון דעם אַלעם, וואָס האָט צו אים באַלאַנגט, צוזעענדיק די אַלע שרעקלעכע פאָלגן, וואָס זיינען אַלס רעזולטאַט פון זיין אומבאַ־טראַכטן אומפאַראַנטוואָרטלעכן שריט געקומען. ער האָט גענוג גע־לעבט, ער זאָל קענען מיט זיינע אייגענע אויגן זען די אַלע העלעניס־טישע וואַקכאַנאַליעס, וואָס האָבן אין ארץ ישראל געבושעוועט, דאָס יאָגעניש נאָך געלט, נאָך פאַרגעניגן, וואָס האָט גרויסע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג אַרומגעכאַפּט, די אָנשטרענגונגען פון די „מרשיעי ברית", פון די מתיונים דאָס אידישע פאָלק מעביר על דתו און מעביר על דעתו של קונו זיין. ער האָט גענוג געלעבט, ער זאָל מיט זיינע אייגענע אויגן זען דאָס אַלץ, וואָס איז אַן אומדירעקטער פּראָדוקט געווען פון דער עקשנות, וואָס ער האָט געפירט אַנטקעגן תלמי דעם דריטן, תלמי אייערגעטעס, וואָס איז אַ דירעקטער רעזולטאַט געווען פון דעם, וואָס יוסף בן טוביה איז דורך זיין שולד, דורך חוניוס שולד, צו מאַכט געקומען, פון דעם וואָס האָט זיך אַ דאַנק דער טעטיקקייט פון יוסף בן טוביה געבילדעט אַ גאַנצער קלאַס פון

מִיִט פיל רייכקייט באַלאָדענע מענטשן, פון אַריסטאָקראַטן, וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט לויט זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן צו גע־פינען חן אין קעניגלעכן הויף, צו אויסנעמען ביי די גריכישע נאָבל־לייט, פון גרופן מענטשן, וואָס זיינען אי מאַטעריעל, אי גייסטיק צוגעפּאַסט געווען צו שטרעבן צו אַסימילירן זיך מיט די גריכן, אַ באַדייטנדע גרופּע פון עקלהאַפטע משומדים, וואָס האָבן אויף זיך די פאַררעטערישע טעטיקייט גענומען צו ווערן די מיסיאָנערן פון דער דעגענערירטער צו יענער צייט גריכיש־אַזיאַטישער קולטור, צו ווערן שאלאטן שמשים ביי די אַזיאַטיש־גריכישע הערשער אין זייער אָנ־שטרענגונג אַרויפצוצווינגען אויף דעם אידישן פאָלק די אויסערלעכע דעגענערירטע פאָרמען פון אָריענטאַלן העלעניזם.

ט

# יוסף בן טוביה

יאָזעפוס כאַראַקטעריסטיק פון חוניו דעם צווייטן. — יוסף בן טוביהס אַמביציעס. — זיין גרויסער יחוס און זיינע אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן. — די פעאי־קייטן זיינע אַלס דורכגעטריבענער פּאָליטיקער. — איינער פון אַט יענעם קלאַס פּאָליטיקער, וואָס ווייסן וואו די שליסלען צום פון זיי געגאַרטן גליק צו זוכן. — אויף אַ געשיקטן אופן נוצט ער אויס די געפאַר, אין וועלכער די אידן אין ארץ ישראל האָבן זיך געפונען, פאַר זיינע אייגענע אינטערעסן. — די באַשרייבונג פון יאָזעפוס וועגן דעם דאָזיקן ענין.

יאָזעפוס שרייבט ניט צו קיין פּאָליטישע מאָטיוון דער איינגע־שפּאַרטקייט פון חוניון אין זיין אָפּזאָגן זיך צו צאָלן דעם יערלעכן אָפּצאָל, וואָס ער האָט באַדאַרפט אַריינטראָגן צו תלמין. ער שרייבט עס צו צו זיין טאַקטלאָזיקייט, קליינלעכקייט און קאַרגשאַפט. ער גיט וועגן אים, טראָץ אין זייער קורצע ווערטער, אַ בולטע, זייער ניט שמייכלהאַפטע שילדערונג, אַ זייער שאַרף קאָמפּראָמעטירנדע כאַראַק־טעריסטיק.

דער דאָזיקער חוניו — שרייבט יאָזעפוס — איז געווען אַ מאַן, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ זייער קליינע נשמה, און ער איז געווען אַ זייער גרויסער ליבהאָבער פון געלט. און צוליב אָט דער אורזאַכע, וואָס ער האָט ניט געצאָלט דעם צינז פון די צוואַנציק טאַלאַנטן זילבער, וואָס זיינע עלטערן פלעגן צאָלן צו די דאָזיקע קעניגע, האָט ער אַריינגע־בראַכט דעם קעניג אייערגעטעס אין כעס. אייערגעטעס האָט געשיקט אַן אַמבאַסאַדאָר קיין ירושלים. ער האָט אויסגעדריקט זיין פאַרדרוס, פאַר וואָס חוניו האָט ניט געצאָלט זיינע צינזן און האָט געדראָט, אַז אויב ער וועט ניט אָפּצאָלן די גאַנצע סומע, וואָס ער איז שולדיק, וועט ער קומען באַהערשן זייער לאַנד און שיקן סאָלדאַטן, זיי זאָלן זיך באַזעצן דאָרטן. און ווען די אידן האָבן געהערט די דאָזיקע שליחות פון קעניג, זיינען זיי זייער באַאומרואיקט געוואָרן. ער איז

אָבער אויף אַזאַ געמיינעם אופן געלט־גייציק געווען חוניו, אַז אפילו אָט די געפּאַר, וואָס האָט געדראָט די אידן, האָט ביי אים דאָס געפיל פון בושה ניט אַרויסגערופן.

אַזוי צי אַזוי, דער אומפּאַראַנטוואָרטלעכער, שעדלעכער פּאַר די אינטערעסן פון דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל טאָט פון חוניו דעם צווייטן האָט אַרויסגעבראַכט צום פּראָנט פון אידישן לעבן יוסף בן טוביה, האָט רעאַליזירונג פּאַר זיינע טרוימען און שטרעבונגען גע־בראַכט.

גרויס ווי עס איז געווען זיין אַמביציע אַן אָנגעזעענע פיגור צו זיין, אַ הויכע מדרגה אין פירערשאַפט איבער דעם פאָלק צו דערווערבן, האָט ער,ווירקלעך, אויך גרויסע פעאיקייטן פאַרמאָגט וואָס האָבן אים ראוי געמאַכט, ער זאָל אַן אָנפירנדע ראָל אין לעבן פון פאָלק שפּילן. שטאַמענדיק פון דער גרעסטער אַריסטאָקראַטיע אין לאַנד, זייענדיק אַן אייניקל פון שמעון הצדיק און אַ פלימעניק פון חוניו דעם צווייטן, האָט ער אויך גרויסן יחוס עצמו פאַרמאָגט. געניסנדיק פון אַ געהויי־בענער דערציאונג אין זיינע יונגע יאָרן, זייענדיק געבענטשט מיט געבוירענע פעאיקייטן גרויסע, איז ער אויסגעוואָקסן אַלס איינער פון די גרעסטע אינטעלעקטואַלן אין לאַנד. זייענדיק באַשענקט פון דער נאַטור מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, מיט טאַקט, חכמה און אינטעליגענץ, איז ער געווען איינער פון די פיינסטע עקזעמפּליאַרן איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט אין ארץ ישראל געפונען, איינער פון די פאַסיקסטע קאַנדידאַטן אַ פאָלקס־פירער צו ווערן.

און גרויס, ווי עס זיינען געווען זיינע פעאיקייטן דערויף, ער זאָל קענען דעם אַמט פון אַ פאָלקס־פירער באַקליידן, גרויס, ווי עס איז געווען זיין אַמביציע צו אַזאַ קאַריערע זיך דערשלאָגן, זיינען אויך גרויס געווען די פעאיקייטן זיינע דערויף, ער זאָל דעם ריכטיקן וועג קענען געפינען, וועלכער זאָל אים צו דער רעאַליזירונג פון זיינע אַמביציעס פירן. ווארים ניט אין אַ קלענערער מאָס, אין וועלכער ער האָט די אַלע אַנדערע מעלות זיינע פאַרמאָגט, האָט ער אויך די פעאיקייטן פון אַ דורכגעטריבענעם פּאָליטיקער פאַרמאָגט. ער האָט באַלאַנגט צו אָט יענעם קלאַס פּאָליטיקער פעאיקע, וואָס ווייסן וואו די שליסלען צום פון זיי געגאַרטן גליק צו זוכן, וואָס קענען דעם וועג געפינען, וואָס זאָל זיי צו זייער געוואונטשטער קאַריערע ברענגען, וואָס זיינען וואַכזאַם שטענדיק, אַרויסקוקנדיק אויף אַ גינסטיקן מאָ־

מענט, וועלכן זיי ווייסן שוין ווי געהעריק פאַר זייערע אינטערעסן אויסצונוצן.

און אָט אַזוי האָט אויך יוסף בן טוביה געוואוסט, ווי אויסצונוצן די דראָענדע סיטואַציע פאַר דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער חוצפּהדיקער אַרויסטרעטונג פון חוניון אַנטקעגן תלמין, פאַר זיינע אייגענע אינטערעסן. געפינענדיק זיך דאַן אויף זיינע גיטער אויסער ירושלים, איז ער באַלד ווי ער האָט דערהערט וועגן דעם אָנקומען פון אַמבאַסאַדאָר, שנעל געלאָפן קיין ירושלים און אָנגעהויבן דירעקטירן דעם גאַנצן ענין אין דער ריכטונג פון רעאַליזירונג ברענגען פאַר זיינע אַמביציעס. ער האָט צו לאַנג געוואַרט אויף דעם אָנקומען פון אַזאַ גינסטיקן מאָמענט, ער זאָל די איצטיקע געלעגנהייט, וואָס איז צו אים אומדערוואַרטעט גע־קומען, פאַרנאַכלעסיקן.

עס האָט געלעבט דאַמאָלט — ווערט ביי יאָזעפוס דערציילט דער ספּור המעשה וועגן דעם, ווי אַזוי יוסף בן טוביה איז געקומען צו דער מאַכט — איינער אַ יוסף, יונג אין יאָרן, מיט אַ גרויסער רעפּו־טאַציע אָבער צווישן דער באַפעלקערונג אין ירושלים פאַר זיין ערנסט חכמה און געפיל פון יושר. זיין פאָטערס נאָמען איז געווען טוביה און זיין מוטער איז געווען די שוועסטער פון חוניון, דער כהן גדול, וועלכער האָט אים אינפאָרמירט וועגן אָנקומען פון דעם אַמבאַסאַדאָר. וואָרים ער האָט געלעבט דאַן צייטווייליק אין דעם קליינעם ישוב פיכול, וואו ער איז געבוירן געוואָרן. איז ער באַלד געקומען אין שטאָט און אויסגערעדט חוניון פאַר ניט שענקען געהעריקע אויפמערקזאַמקייט די אינטערעסן פון זיינע לאַנדסלייט, פאַר וואָס ער שטעלט די נאַציאָן אין אַ געפאַר, דורך דעם, וואָס ער וויל ניט אָפּצאָלן די סומע געלט, וואָס מען מאָנט פון אים. ער האָט צו אים געזאָגט אַז נאָר דערויף האָט ער באַקומען דעם אויטאָריטעט איבער זיי, ער זאָל שטיין אויף דער וואַך שטענדיק צו היטן זיי פון געפאַר. נאָר צוליב דעם איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס כהן גדול. נאָר אויב ער איז אַזאַ גרויסער ליבהאָבער פון געלט, אַז עס איז ביי אים רעכט געווען צו ברענגען זיין לאַנד אין געפאַר צוליב דעם און גורם זיין דעם פאָלק צו ליידן פיל שאָדן, עצהט ער אים איצט, ער זאָל גיין צום קעניג און בעטן אים, ער זאָל די גאַנצע געפאָדערטע סומע אָדער אַ טייל פון איר מבטל זיין.

„חוניוס ענטפער איז פאָלגענדער געווען ער האָט געענטפערט, אַז עס אַרט אים ניט פאַר זיין אויטאָריטעט און אַז ער איז גרייט, אויב

דאָס איז נאָר ראַטזאַם צו אָפּזאָגן זיך פון זיין אַמט אַלס כהן גדול; און אַז ער וועט ניט גיין צום קעניג, וואָרים עס באַאומרואיקן אים גאָר אינגאַנצן ניט אַזעלכע זאַכן.

„יוסף האָט אים דאַן געפרעגט, צי ער וואָלט אים ניט געגעבן קיין דערלויבעניש, ער זאָל גיין אַלס אַן אַמבאַסאַדאָר אין נאָמען פון פאָלק. האָט ער אים געענטפערט, אַז ער וועט אים אַזאַ דערלויבעניש געבן. איז יוסף באַלד געגאַנגען צום בית המקדש און גערופן די מאַסן צו אַ פאַרזאַמלונג און געמוטיקט זיי, זיי זאָלן ניט זיין באַזאָרגט אָדער אָנגעשראָקן צוליב זיין אָנקלס אומפאָרזיכטיקייט. נאָר ער האָט פאַרלאַנגט פון זיי, זיי זאָלן בלייבן רואיק און זיך ניט באַאומרואיקן מיט שרעק וועגן דעם. וואָרים ער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז ער וועט זיין זייער אַמבאַסאַדאָר ביים קעניג און וועט אים איבעררעדן און באַווייזן, אַז זיי האָבן אים קיין שלעכטס ניט געטאָן.

„און ווען דער המון האָט דאָס געהערט, האָבן זיי זייער פיל געדאַנקט יוספן.

„און אַז די פאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט, האָט ער פאַרלאָזט דעם בית המקדש און האָט באַהאַנדלט תלמיס אַמבאַסאַדאָר אויף אַ זייער העפלעכן וועג. ער האָט אים אויך פּרעזענטירט מיט זייער פיל רייכע מתנות און ער האָט אויך געפּראַוועט פאַר אים אימפּאָזאַנטע שמחות אין אַ משך פון עטלעכע טעג. און דאַן האָט ער אים אויף פריער צום קעניג אַוועקגעשיקט און אים געזאָגט, אַז ער וועט גאָר גיך אים נאָכפאָרן. וואָרים ער איז איצט נאָך פיל מער וויליק געווען צו גיין צום קעניג, דורך דער דערמוטיקונג פון דעם אַמבאַסאַדאָר, וועלכער האָט אים ערנסט צוגערעדט צו קומען קיין עגיפּטן און צוגעזאָגט אים, אַז ער וועט שוין אַכטונג געבן, ער זאָל קריגן אַלעס, וואָס ער וועט ווינשן פון תלמין. וואָרים יוסף האָט ביי אים זייער איינגענומען מיט זיין אָפּענעם און ליבעראַלן כאַראַקטער און מיט זיין פיינער, ערנסטער האַלטונג.

„און ווען תלמיס אַמבאַסאַדאָר איז געקומען קיין עגיפּטן האָט ער דערציילט דעם קעניג וועגן חוניוס כאַראַקטער, וועגן זיין אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, זיין אומבאַטראַכטקייט. און ער האָט אים אינפאָרמירט וועגן דער גוטער דיספּאָזיציע פון יוספן, און אַז ער האַלט ביי קומען צו אים, צו בעטן אַנטשולדיקונג פאַר דער באַפעלקערונג. אין קורצן, ער האָט אַזויפיל געלויבט דעם יונגן יוסף, אַז ער האָט געבראַכט דערצו, אַז זייביידע, אי דער קעניג אי די קעניגין, זיין

ווייב קלעאָפּאַטראַ, זאָלן אַ וואַרימן געפיל פילן צו אים נאָך איידער ער איז געקומען.

„און אַזוי האָט יוסף געשיקט צו זיינע פריינד אין שומרון און ער האָט געבאָרגט געלט פון זיי; און ער האָט צוגעגרייט אַלעס, וואָס ער האָט נויטיק געהאַט פאַר זיין נסיעה אין דעם ווערט פון אַ סומע פון צוואַנציק טויזנט דראַכמעס און האָט זיך געלאָזט קיין אַלעקסאַנ־דריען. איצט האָט געטראָפן, אַז צו יענער צייט זיינען אַלע וויכטיקע מענער און רעגירער זיך צונויפגעקומען פון די שטעט פון סיריען און פעניציען צו נעמען אין אַרענדע דעם מס המלך, וואָס ווערט דאָרטן איינגעמאָנט. ווארים יעדן יאָר פלעגט דער קעניג פאַרקויפן די צינזן צו די לייטע, וואָס זיינען די אָנגעזעענסטע פיגורן געוועזן אין זייערע שטעט.

„די דאָזיקע לייט האָבן, אַלזאָ, געזען יוסף פאָרנדיק אויף דעם וועג און זיי האָבן געלאַכט פון אים, פון זיין אָרימקייט און איינפאַכקייט.

## י

# דער דערפֿאָלג פֿון יוסף בן טוביה ביים קעניג

יוסף ווערט פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דעם קעניג. — יוספס קלוגע רייד מאַכן זייער אַ גוטן איינדרוק אויף אים. — דער קעניג לעגט אים פֿאָר, אַז פֿאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער וועט זיך געפֿינען אין אַלעקסאַנדריע, זאָל ער האָבן זיין שפּייז אין קעניגלעכן הויף. — יוספס מיסיע פֿאַרענדיקט זיך מיט דערפֿאָלג און ער קריגט אויך אומגעריכט באַלדיקע באַלוינונג פֿאַר דער מי זיינער. — ער ווערט גענעראַל קאָלעקטאָר פֿון די שטייערן פֿאַר דעם קעניג. — שוין אין די ערשטע מאָמענטן פֿון זיין טעטיקייט ווייזט ער ברוטאַלע אכזריות אַרויס.

יוסף איז געקומען קיין אַלעקסאַנדריען — גיט איבער וויטער יאָזעפֿוס דעם ספּור המעשה וועגן יוסף בן טוביה — און געהערט, אַז דער קעניג תּלמי געפֿינט זיך אין מעמפֿיס, איז ער געגאַנגען וויטער צו באַגעגענען אים. איז אויסגעקומען, אַז ער האָט אים באַגעגנט, ווען ער איז געזעסן אין זיין קאַרעטע מיט זיין פֿרוי און מיט זיין פֿריינט אַטעניאַן, וועלכער איז די זעלבע פּערזאָן וואָס איז געקומען אַלס אַמבאַסאַדאָר קיין ירושלים, און האָט פֿאַרבראַכט מיט יוספֿן. אַזוי שנעל דעריבער, ווי אַטעניאַן האָט אים דערזען, האָט ער אים באַלד פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דעם קעניג און דערציילט אים, וואָס פֿאַר אַ גוטער און ליבער יונגערמאַן ער איז. תּלמי האָט אים אַזוי אַרום באַגריסט צום ערשטן און אויסגעדריקט זיין וואונטש, ער זאָל זיך אַריינזעצן אין זיין קאַרעטע. און ווי יוסף האָט זיך אַהין אַריינגעזעצט, האָט ער — תּלמי — זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן אויף חוניוס פֿאַרוואַלטונג, אויף וועלכן יוסף האָט געענטפֿערט: „דו קענסט ניט, זיכערלעך, ניט זיין באַקאַנט מיט דעם, אַז אַלטע לייט און קליינע קינדער אַרבעט ביי זיי זייער מאַרך אויף אַ גלייכן אופֿן. אָבער דו וועסט האָבן פֿון אונדז יונגע מענטשן, אַלעס וואָס דו וועסט ווינטשן און דו וועסט ניט האָבן אויף וואָס צו באַקלאָגן זיך“.

„מיט דעם דאָזיקן גוטן הומאָר און פֿיינעם טאַקט פֿון דעם יונגן

מאָן איז דער קעניג אויף אַזויפיל צופרידנגעשטעלט געבליבן, אַז ער האָט שוין אָנגעהויבן, גלייך ווי ער וואָלט שוין געהאַט פיל דערפאָ־רונג מיט אים, צו האָבן נאָך אַ מער וואַרים געפיל צו אים, אויף אַזויפיל אַז ער האָט פאַרגעלייגט, ער זאָל האָבן זיין שפייז אין קעניג־לעכן פּאַלאַץ און זיין אַ גאַסט ביי זיין אייגענעם טיש יעדן טאָג.

„און אַז דער קעניג איז געקומען קיין אַלעקסאַנדריען, האָבן די אָנגעזעענע מענער פון סיריען געזען יוספן זיצנדיק מיט דעם קעניג, און דאָס האָט זיי פיל פאַרדרוס פאַרשאַפט.

„און ווען עס איז געקומען דער טאָג, ווען דער קעניג האָט באַדאַרפט אַוועקגעבן אין אַרענדע די אָפּצאָלונגען פון די שטעט, און די, וואָס זיינען געווען די הויפט מענער צווישן דעם אדעל אין זייערע פאַרשידענע לענדער האָבן באַדאַרפט קומען דאַן צו פאַרשלאָגן זייער פרייז, האָט אָנגעטראָפן די סומע פון די אַלע אָפּצאָלונגען וואָס האָבן באַדאַרפט אַריינקומען פון די אַלע פאַרשידענע שטעט אין נידער סיריען און אין פעניציען און יהודה מיט שומרון, אַכט טויזנט טאַלאַנטן. האָט יוסף באַשולדיקט די אָנבאָטער, אַז זיי האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז זיי זאָלן אָפּשאַצן די ווערט פון די אָפּצאָלונגען אין אַ צו נידעריקן פרייז; און ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער וואָלט געגעבן צוויי מאָל אַזוי פיל פאַר דער אַרענדע פון די אָפּצאָלונגען. און פאַר די, וואָס וועלן ניט וועלן באַצאָלן, וועט ער אַוועקשיקן צום קעניג זייער גאַנצן פאַרמעגן.

דער קעניג איז זייער צופרידן געווען צו הערן דעם דאָזיקן אָנבאָט. און היות אָט דער אָנבאָט האָט געקענט פאַרגרעסערן זיינע איינקונפטן, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט באַשטימען צו פאַרקויפן אים די אָפּצאָלונגען. ווען ער האָט אים אָבער די פאָלגנדע פראַגע געפרעגט, צי ער האָט אירגנד וועלכע גאַראַנטיעס, וואָס זאָלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער סומע געלט, וואָס ער וועט באַדאַרפן באַצאָלן, האָט ער זייער טאַקטפול געענטפערט: איך וועל געבן אַזוינע גאַראַנטיעס. און זיי וועלן זיין פון פערזאָנען, וואָס עס קען גאָר קיין בעסערע און פאַראַנטוואָרטלעכערע פון זיי ניט זיין. פערזאָנען, וואָס דו וועסט קיין אורזאַכע ניט האָבן דו זאָלסט צו זיי קיין צוטרוי ניט האָבן.

און ווען דער קעניג האָט אים געבעטן, ער זאָל די דאָזיקע פער־זאָנען אָנרופן ביים נאָמען, האָט ער געענטפערט: איך גיב ניט קיין אַנדערע פערזאָנען, אָ, קעניג, אַלס מיינע גוטזאָגער, ווי דו אַליין,

און אָט די, דיין פרוי און איר זאָלט זיין די גאַראַנטיעס פאַרביידע צדדים.

האָט תלמי געלאַכט, ווען ער האָט געהערט דעם דאָזיקן פאָרשלאָג און ער האָט אים אָפּגעגעבן אין אַרענדע די אָפּצאָלונגען אָן קיינע גאַראַנטיעס. דער דאָזיקער אינצידענט האָט פאַרשאַפט שמערצלעכע זאָרג צו די, וואָס זיינען געקומען פון די שטעט קיין עגיפּטן. זיי האָבן זיך שרעקלעך אַנטוישט געפילט. און יעדער איינער פון זיי האָט זיך אומגעקערט צו זיך אין לאַנד אַריין מיט חרפה.

און יוסף האָט גענומען מיט זיך צוויי טויזנט סאָלדאַטן פוסגייער ביי דעם קעניג, ווארים ער האָט געוואָלט האָבן הילף, צו קענען צווינגען די, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אין די שטעט צו צאָלן; און באָרגנדיק פון דעם קעניגס פריינד אין אַלעקסאַנדריען פינף הונדערט טאַלאַנטן האָט ער זיך געאיילט, ער זאָל זיך גיך צוריקקערן קיין סיריען.

און ווען ער איז געווען אין אשקלון און געפאָדערט פון דער באַ־פעלקערונג אין אשקלון, זיי זאָלן באַצאָלן די צינזן, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט צו טאָן עס. זיי האָבן קיינע איינצאָלונגען ניט געוואָלט מאַכן און זיי זיינען נאָך דערצו אויך אָנגעפאַלן אויף אים. האָט ער גענומען צוואַנציק פון די הויפּט מענער און געהרגעט זיי און צונויפגענומען אַלעס, וואָס זיי האָבן געהאַט צוזאַמען און אַוועקגעשיקט אַלצדינג צום קעניג, און אינפאָרמירט אים וועגן אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן. דער קעניג האָט באַוואונדערט די געוואַגטע און פאַרנונפטיקע האַנדלונג זיינע און געלויבט אים פאַר דעם, וואָס ער האָט געטאָן און געגעבן אים דערלויבעניש צו טאָן אַלעס, וואָס ער וועט געפינען פאַר בויטיק צו טאָן. ווען די איינוואוינער פון סיריען האָבן דאָס דערהערט, זיינען זיי געווען ערשטוינט; און האָבנדיק פאַר זיך אַ טרויעריקן ביישפּיל אין די מענער פון אשקלון, וואָס זיינען געהרגעט געוואָרן, האָבן זיי אויפגעעפנט זייערע טויערן און האָבן מיט זייער גוטן ווילן אַריינגעלאָזט יוספן און אָפּגעצאָלט זייערע צינזן.

און ווען די איינוואוינער פון סקייטאָפּאָליס — בית שאן — האָבן געמאַכט אַ פאַרזוך צו שטעלן זיך אַנטקעגן אים און האָבן אים ניט געוואָלט צאָלן די צינזן, וואָס זיי האָבן, געוויינלעך, פריער יאָ גע־צאָלט, ניט אַריינלאָזנדיק זיך אין קיין שום וכוחים וועגן דעם, האָט ער דאָרטן אויך געהרגעט די הויפּט מענער פון שטאָט און אָפּגעשיקט זייער פאַרמעגן צום קעניג.

דורך די דאָזיקע מיטלען האָט ער צונויפגענומען גאָר גרויס רייכטום און ער האָט געמאַכט גרויסע פּראָפיטן פון דעם, וואָס ער האָט געהאַט אין אַרענדע דאָס איינמאָנען פון די צינזן. און ער האָט זיך באַנוצט מיט דעם פאַרמעגן, וואָס ער האָט פאַר זיך געמאַכט אויף צו באַפעסטיקן זיין פּאָזיציע, צו שטאַרק מאַכן זיין אויטאָריטעט. וואָרים ער פלעגט פּריוואַט שיקן אַ סך מתנות צום קעניג און צו קלעאָפּאַטראַ און צו זייערע פריינד און צו אַלע די, וואָס זיינען געווען מעכטיק אין קעניגלעכן הויף. און אַזוי אַרום האָט ער געקראָגן דעם גוטן ווילן פון אַלעמען און געמאַכט זיך אַ סך פריינד.

## י"א

# יוסף אין אַמט פון צינזן־קאָלעקטאָר

יוסף האַלט אָן דעם אַמט פון צינזן קאָלעקטאָר אין אַ משך פון 22 יאָר. — דער האַרצלאָזער אופן, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט די טעטיקייט זיינע פאַר דער צייט פון תלמי דעם דריטן און תלמי דעם פערטן. — „יוסף רייסט אַרויס דאָס פלייש פון סיריען און לאָזט איבער נאָר די ביינער." — זיין פּאָזיציע אין קעניגלעכן הויף. — דער איינציקער געפאַר מאָמענט, וואָס ער האָט אין זיין גליקלעכער קאַריערע איבערגעלעבט. — די אויסגעלאַסענע פאַר־ווילונגען אין די עגיפּטישע קעניגלעכע הויפן. — דער „בכבודיקער" אַנטייל, וואָס יוסף האָט אין די קעניגלעכע אַרגיעס גענומען.

יוסף האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט פון צינזן קאָלעקטאָר איבער דעם גרויסן טייל פון תלמיס טעריטאָריע פאַר דעם לעבן פון תלמי דעם דריטן, אַזוינע אַכט יאָר. און דער דאָזיקער אַמט איז געבליבן ביי אים אויך נאָך תלמי דעם דריטנס טויט אין יאָר 223, אין די אַלע יאָרן, כמעט, וואָס דער נאָכפאָלגער פון תלמי דעם דריטן, תלמי דער פערטער, תלמי פילאָפּאַטאָר, 206־222 — האָט געקעניגט.

און אויף דעם זעלבן האַרצלאָזן אופן וואָס ער האָט אָנגעפירט זיין טעטיקייט אַלס צינזן קאָלעקטאָר פאַר דער צייט פון תלמי דעם דריטן, אויף דעם זעלבן האַרצלאָזן אופן האָט ער די דאָזיקע טעטיקייט זיינע אָנגעפירט אויך פאַר דער צייט פון תלמי דעם פערטן. אין יענער צייט איז דאָס באַשאַפן געוואָרן די באַרימטע כאַראַקטעריסטיק וועגן אים, אַז „יוסף רייסט אָפּ דאָס פלייש פון סיריען און לאָזט איבער נאָר די ביינער". ער איז געווען אָנגעזען ביי תלמי פילאָפּאַטאָר, ווי ביי תלמי אייערגעטעס, און ער האָט די גאַנצע צייט, די אַלע צוויי און צוואַנציק יאָר, וואָס ער איז דער צינזן קאָלעקטאָר געווען פאַר די תלמיס, אַ פרייע האַנט געהאַט צו באַנוצן זיך מיט אכזריותדיקע מיטלען, ביים אַרויפלייגן די שטייערן אויף די איינוואוינער און ביים אויפמאָנען זיי פון זיי, רייך מאַכנדיק אויף אַזאַ אופן זיך אַליין און די

קעניגלעכע קאַסע, ווי אויך די אַלע אַרויסהעלפער און משמשים זיינע. עס האָבן קיינע אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציעס קעגן אים און קיין באַקלאָגן זיך אויף אים פאַר דעם קעניג ניט געהאָלפן. זיין פּאָזיציע אין קע־ניגלעכן הויף איז פעסט און זיכער געווען. ער איז דער ליבלינג פון הויף געווען צוליב זיינע פּערזענלעכע מעלות, צוליב זיין אַדעליקער האַלטונג, צוליב זיין טאַקט און חכמה, און נאָך מער צוליב דעם, וואָס דורך אים איז גרויס רייכטום אין קעניגלעכן הויף אַריינגעבראַכט געוואָרן.

און אַט אַזוי האָט זיין מזל שטערן העל געלויכטן אין משך פון זיין גאַנצן לעבן. נאָר איינמאָל האָט זיין לייכטנדער שטערן געהאַלטן ביים אויסגעלאָשן ווערן. דאָס איז געווען אייניקע יאָר נאָכדעם, וואָס תלמי פילאָפּאטאר האָט באַשטיגן דעם טראָן. אין יאָר 218 האָט אַנטיוכוס דער גרויסער געמאַכט אַ פאַרזוך אַוועקצונעמען סיריען פון עגיפּטן. און ער איז אין די ערשטע אַטאַקעס זיינע אויך זייער דער־פאָלגרייך געווען. די עגיפּטישע קאָמאַנדירן האָבן זייער קעניג פאַר־ראַטן. זיי זיינען איבערגעגאַנגען צום שונא און איבערגעגעבן די גאַרניזאָנען זייערע אין זיינע הענט. יהודה און ירושלים אונטער דער פירערשאַפט פון יוסף זיינען טריי געבליבן תלמין. דאָס איז אָבער געטאָן געוואָרן ניט דערפאַר, וואָס די זיכערקייט איז בעין געווען, אַז תלמי וועט צולעצט דער זיגער אַרויס, נאָר אויס דעם מאָטיוו פון לאָיאַליטעט, ווי אויך צוליב דער ניט זיכערקייט אין ענדגילטיקן זיג פון אַנטיוכוס. און דעריבער האָט דאַן דער אידישער ישוב אין יהודה אַ שרעקלעכע צייט איבערגעלעבט. זיי האָבן אין שרעק געלעבט פאַר דעם, וואָס דער אויסגאַנג פון דער מלחמה קען פאַר זיי ברענגען. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז אויב אַנטיוכוס דער גרויסער וועט דער זיגער אַרויס, וועט ער פון זיי נקמה נעמען פאַר זייער קעגן שטעלן זיך אַנטקעגן אים. און נאָך מער אורזאַכן צו שרעקן זיך פאַר דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה האָט געהאַט יוסף בן טוביה. עס איז פאַר אים קלאָר געווען, אַז אויב עס זאָל געלינגען אַנטיוכוסן צו פאַרענדיקן דעם קאַמף זיינעם קעגן תלמין אַזוי דערפאָלגרייך, ווי ער האָט אים אָנגעהויבן, וועט אַ סוף קומען צו זיין — יוספּס — ממשלה. ער האָט דעריבער, ווירקלעך, געמוזט איבערלעבן דאַמאָלסט אַ שמערצלעכן מאָמענט.

דער סוף איז אָבער געווען, אַז אָנשטאָט דער דאָזיקער געפאַר מאָמענט, וואָס יוסף בן טוביה האָט איבערגעלעבט, זאָל געווען ברענ־

גען צו דעם, עס זאָל זיין מזל שטערן איננאַנצן אויסגעלאָשן ווערן, האָט ער געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל נאָך העלער אָנהויבן צו לייכטן. אַנטיוכוס איז אין אַ יאָר אַרום באַזיגט געוואָרן פון תלמין, און דער לעצטער האָט אים — יוספן — זיין איבערגעבענקייט און טרייהייט געדענקט און מיט אַ פולער האַנט דערפאַר באַלוינט. ער איז צוליב דעם נאָך מער חשוב ווי פריער ביי אים געוואָרן.

יוסף בן טוביה האָט פיל רייכטום אָנגעזאַמלט און ער האָט פאַר זיך אַ גוטע שולע געהאַט אין קעניגלעכן הויף אין עגיפּטן צו לערנען זיך דאָרטן ווי אויסצונוצן זיין רייכטום, אין וואָס מער לוקסוס זיך צו באָדן, פון וואָס מער תענוגי בשר צו געניסן.

אין זיין פירונג, אין זיינע זיטן, אין זיין אַרט לעבן ,איז ער אַזוי ווייט געווען פון די גייסטיקע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק צו יענער צייט, אַז ער האָט מער געקענט באַטראַכט ווערן אַלס אַ פאָרשטייער פון גריכישן אַדעל ווי פון אידישן, אַלס איינער פון די מיטגלידער פון דעם קעניגלעכן הויף, ווי איינער פון די מיטגלידער פון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע.

יעדן מאָל, ווען די געשעפטן זיינע האָבן אים געבראַכט קיין אַלעקסאַנדריען, פלעגט ער זיך אויפהאַלטן שטענדיק אין קעניגלעכן הויף, ביי פילאָפּאַטאָרן. און אויב אויך די הויפן פון די פריערדיקע קעניגע האָבן זיך ניט אויסגעצייכנט מיט צופיל צניעות, מיט צופיל זיטלעכקייט, האָט זיי דער קעניגלעכער הויף פון תלמי פילאפּאטאר איבערגעשטיגן אין דעם אַלעם. דער קעניגלעכער הויף פאַר זיינע יאָרן איז אַן אמתער נעסט געווען פון פאַרדאָרבענער זיטלעכקייט. ביי טאָג און ביי נאַכט פלעגט מען האַלטן אין איין מאַכן סעודות און שמחות, אויף וועלכע עס זיינען די שענדלעכסטע טאַטן באַגאַנגען געוואָרן.

מיט דעם אָנקום פון דער מאַקעדאָניש־גריכישער הערשונג אין מזרח, איז ניט נאָר דער מזרח אין אַ גרויסער מאָס פון דער גריכישער קולטור באַאיינפלוסט געוואָרן, נאָר זי איז אויך פון אים באַאיינפלוסט געוואָרן. דער דאָזיקער איינפלוס האָט זיך אין די העכסטע ספערן פאַרשפּרייט און האָט אויך די קעניגע דערגרייכט. נאַטירלעך, האָבן זיי — די קעניגע — זיך אַממערסטן פון זייער גלייכן געלאָזט באַ־איינפלוסן.

און אַזוי איז זיי זייער געפעלן געוואָרן דער ענין, וואָס די עגיפּ־

טישע קעניגגע פלעגן ניט, ווי קיינע פשוטע בשר ודמס פון פאָלק באַ־טראַכט ווערן, נאָר, ווי געטער, און האָבן אויך אָנגעהויבן צו פּאַראַ־דירן אין געטלעכע מאַנטלען פאַר די פעלקער, וואָס זיי האָבן באַ־הערשט און גערופן זיך מיט געטלעכע און האַלב געטלעכע נעמען, ווי דער דערלייזער, דער שטראַלנדער און דער געטלעכער און נאָך אַזעלכע נעמען. זיי האָבן געפאָדערט פון זייערע אונטערטאַנען מען זאָל זיי געטלעכן כבוד אָפּגעבן, און האָבן אויך זיך אַליין איינגערעדט, אַז זיי זיינען געטלעך, אויף אַזויפיל, ווייניקסטנס, אַז אויב זיי זיינען אַליין ניט געטער, שטאַמען זיי פון געטער. פילע פון די גריכישע קעניגע אין די שפּעטערע צייטן האָבן מיט די פולסטע דעטאַלן געקענט זייערע יחוס בריוו צושטעלן וואָס האָבן קלאָר ווי דער טאָג געקענט באַווייזן, אַז זיי זיינען געטלעך. פילע פון זיי האָבן געקענט גאַנץ געגוי ביים נאָמען אָנרופן דעם גאָט אָדער די גאָטיכע פון וועלכע זיי שטאַמען.

און אָט פון אַזאַ גאָט־אָפּשטאַמונג איז אויך געווען, ווי ער האָט אַלנפאַלס אַליין פאַרזיכערט, תלמי פילאָפּאַטאָר. ער איז אַליין זיכער געווען און האָט אויך אַנדערע פאַרזיכערט, אַז זיינע אור־עלטערן האָבן די גרויסע זכיה געהאַט געבוירן צו ווערן פון דעם שטענדיק פריילעכן, שטענדיק שכורן גאָט פון וויין, באַקכוס.

און, נאַטירלעך, אַז מען האָט אַ גאָט אַ שכור פאַר אַן עלטער־זיידן, דאַרף מען אַליין אויך שטענדיק מיט אַ פריילעכן לחיים אויף די ליפּן אַרומגיין. „כבוד אב" איז אַ גרויסע זאַך. און מיט וואָס דען נאָך קען מען ערן דעם אָנדענקען פון אַ זיידן, וואָס האָט ליב געהאַט אין אַ ים פון וויין שטענדיק אַרומצושווימען, אויב ניט דערמיט, וואָס מען זאָל אַליין אויך געטריי אין די טראַדיציעס פון לוט עליו השלום זיך האַלטן. ער האָט עס דעריבער געהאַלטן פאַר זיין פליכט צו פאַרשפּרייטן וואָס מער שכרות אין זיין מלוכה, און יעדער איינער, וואָס האָט געוואָלט חן געפינען אין די אויגן פון קעניג, וואָס האָט זיך צווישן זיינע באַליבטע פריינד געוואָלט ציילן, האָט געמוזט אַן אָנטייל נעמען אין די וואַקכאַנאַליעס, וואָס פלעגן בצבור געפּראַוועט ווערן אין הויף לכבוד דעם גאָט פון וויין, דעם עלטער־זיידן פון קעניג.

און אַזוי האָט יוסף בן טוביה געהאַט דעם כבוד יעדן מאָל וואָס ער איז קיין אַלעקסאַנדריען געקומען, איינגעלאַדן צו ווערן צום קעניגס אָרגיעס, און משמח זיין זיך צוזאַמען מיט דער גאַנצער פריילעכער חברה לכבוד דעם באַרימטן וויין טרינקער באַקכוס.

און אויב ער האָט אפשר די ערשטע צייט ניט קיין צו גרויסן טאַלאַנט אַרויסגעוויזן, ער זאָל זיך צווישן די אריות שבחבורה קענען רעכענען, ווארים ער האָט זיך דאַן ניט געקענט פילן באַפרייט נאָך איינגאַנצן פון דער זיטלעכקייט פון לאַנד, פון וועלכן ער איז געקומען, פון דעם ריינעם צנועתדיקן לעבן, וואָס האָט אין יהודה געהערשט ביז צו זיין צייט, האָט עס אָבער דאָך לאַנג ניט גענומען, ער זאָל אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד מיט אַלע אַנדערע ווערן. עס איז דער זכות פון דעם קעניגס זיידע דער חברה בייגעשטאַנען, און אויך, ער, דער נעאָפיט, איז גאַר גיך בלב שלם צו די וואַקכאַנאַליעס און אויס־געלאַסענע אָרגיעס באמת ובלב שלם באַקערט געוואָרן, און צייטנווייז זיי נאָך אויך איבערגעטראָפן, אַזוי אַז ער האָט מיט זיין אויפפירונג ביי דער גאַנצער חבריא שטוינונג און פאַרוואונדערונג אַרויסרופן.

אַזוי האָט ער איינמאָל אַ גאַנץ שטורמדיקן סקאַנדאַל אַרויסגערופן אין דער פריילעך פאַרברענגענדער געזעלשאַפט, מיט זיין ווילדן אָנפאַל פון ליידנשאַפט צו איינער פון די טאַנצנדע פרויען, וואָס האָבן אַמוזירט אויף יענער שמחה די פאַרזאַמלטע.

## י״ב

# די הויכע דערגרייכונגען פון עקאָ־נאָמישן מזל ברכה אין יהודה

די מאַטעריעלע דערהויבונג, וואָס יוסף בן טוביה האָט דעם אידישן ישוב אין יהודה געבראַכט. — עס האָט אין זיין צייט מיט גאָלד אין לאַנד גערעגנט. — דורך אים איז יהודה אויך צו אַ מדרגה פון אָנגעזעענקייט דערהויבן געוואָרן אין די אויגן פון די אַרומיקע שכנים. — די באַציאונגען זייערע צו יוספן אַ דאַנק דעם פאָסטן, וואָס ער האָט פאַרנומען, אַ דאַנק דער מאַכט, וואָס ער איז באַזעסן, זיינען אויך אויף דעם פאָלק, פון וועלכן ער האָט גע־שטאַמט, איבערגעטראָגן געוואָרן.

יוסף האָט פיל אויפגעטאָן פאַר דעם וואוילזיין פון אידישן ישוב אין יהודה, פאַר זיין מאַטעריעלער דערהויבונג. ער האָט ניט נאָר זיך אַליין רייך געמאַכט, נאָר אויך דאָס גאַנצע לאַנד. „ער האָט אַרויס־געפירט — שרייבט יאָזעפוס — דאָס לאַנד פון אָרימקייט און גע־דריקטקייט און אַריינגעבראַכט עס אין אַ מצב פון שפע און קאָמפאָרט״. דערויף, מ׳זאָל קענען קאָלעקטירן די שטייערן פון אַזויפיל פאַרשידענע שטעט, האָט ער געמוזט אָנקומען צו דער הילף פון פאַראַנטוואָרטלעכע אַגענטן אַרויסהעלפער, וועלכע ער האָט אויסגעקליבן פון צווישן זיין אייגן פאָלק. די דאָזיקע אַגענטן האָבן געוואוסט, ווי צו זאָרגן אויך פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן, ניט נאָר פאַר די אינטערעסן פון דער קעניגלעכער קאַסע, ניט נאָר פאַר די געלט אינטערעסן פון זייער אויבערהאַר יוסף בן טוביה. זיי האָבן שוין אַכטונג געגעבן דערויף, אַז זיי זאָלן אויך פאַר זיך גרויס רייכטום קענען אָפשפאָרן. און אַזוי־אַרום איז געשאַפן געוואָרן אין לאַנד אַ גרויסער קלאַס מענטשן, וואָס האָט רייכטום פאַרמאָגט, און געקענט זיך דערלויבן צו לעבן אין רחבות, וואָס דאָס האָט ווידער פיל שפע געקענט אַריינברענגען צו פילע זייטיקע גרופן פון דער באַפעלקערונג. אַן אויסשליסלעך אַגרי־קולטור פאָלק, ווי די אידן אין יהודה זיינען ביז דער תקופה פון יוסף בן טוביה געווען, האָבן זיך איצט ביי זיי אויף אַן אומגעהויער גרע־סערן מאַסשטאַב ווי פריער, פאַרשידענע אינדוסטריעלע צווייגן, פאַר־

שידענע קאָמערציעלע אונטערנעמונגען אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. די נייע באַדינגונגען אין וועלכע דאָס לאַנדאיז געשטעלט געוואָרן, די נייע באַדערפענישן, פון וועלכע דאָס לאַנד האָט פריער, אין דעם צושטאַנד פון אויסשליסלעכער אַגריקולטור, ניט געוואוסט, אין וועלכע עס איז אָבער איצט, ווען עס האָט שוין פאַרמאָגט אַזאַ גרויסן קלאַס פון רייך געוואָרענע מענטשן, אַזאַ גרויסע צאָל באַאמטע, אַדמיניסטראַטאָרן, וואָס שוין נאָר צוליב דעם מאָטיוו פון געהעריקן פרעסטיזש צוגעוואוינט, האָבן זיי ניט געקענט אַזוי איינפאַך זיך האַלטן אין זייער קליידונג, אין זייער גאַנצער לעבנספירונג, אַ גרויסע נויטווענדיקייט געווען, האָבן די דאָזיקע פאַרצווייגטע קאָמערציעלע טעטיקייט צום לעבן אַרויסגערופן. דאָס אַנטשטיין פון דעם נייעם צווייג פון באַשעפטיקונג פאַר פילע פון דער באַפעלקערונג, האָט אַזוי אַרום געבראַכט מאַטעריעלן גליק צום גאַנצן לאַנד. מלאכה, ווי אויך מסחר, זיינען איצט — שוין גאָר אין אָנהויב פון יוסף בן טוביהס טעטיקייט — געוואָרן אַ גרויסער קוואַל פון פּרנסה פאַר אַ צאָל באַדייטנדע גרופּן פון דער באַפעלקערונג. און וואָס ווייטער זיינען זיי צו אַלץ מער בליאונג, צו אַלץ מער אַנטוויקלונג געקומען. ווארים וואָס מער איין צווייג פון אינדוסטריע, פון מלאכה, פון מסחר האָט זיך אין לאַנד אַנטוויקלט, אַלץ מער האָט זיין אַנטוויקלונג געבראַכט צו דעם אנטשטיין פון נייע אַנדערע צווייגן פון מסחר, פון מלאכה. די מעגלעכקייט פון די אָדער יענע פּרטים פון דער באַפעלקערונג צו פאַרדינען פיל האָט פאַרגרעסערט זייער מעגלעכקייט, האָט פאַרשטאַרקט זייער פאַרלאַנג צו פאַרלעבן פיל. און דער דאָזיקער פאַרשטאַרקטער פאַרלאַנג, די דאָזיקע פאַרגרעסערטע מעגלעכקייט פון די פּרטים, האָבן ווידער פון זייער זייט פאַרגרעסערט די מעגלעכקייט צו פאַרדינען פיל פאַר דעם גאַנצן כּלל. וואָס מער מעגלעכקייט איינע פון דער באַפעלקערונג האָבן געהאַט צו פאַרדינען פיל ביי איין צווייג פון מסחר, ביי איין צווייג פון מלאכה, אַלץ מער מעגלעכקייט איז געשאַפן געוואָרן פאַר די אַנדערע צו פאַרדינען פיל ביי אַן אַנדער צווייג פון מלאכה, ביי אַן אַנדער צווייג פון מסחר. די פאַרשידענע גרופּן, וואָס זיינען באַשעפטיקט געווען מיט פאַרשידענע באַשעפטיקונגען, האָבן איינע פאַר דעם גליק פון די אַנדערע געאַרבעט. דער פאַרלאַנג פון דער באַפעלקערונג, וואָס ברייטער, וואָס רייכער צו לעבן איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דער מעגלעכקייט, וואָס זיי האָבן דערויף געהאַט.

אין פאַרגלייך מיט דעם מאַטעריעלן צושטאַנד, וואָס האָט פריער

געהערשט אין יהודה, האָטווירקלעך אין יוסף בן טוביהס צייטן מיט גאָלד אין לאַנד גערעגנט. ווען ער האָט באַדאַרפט גיין אין מצרים צום קעניג האָט ער ביי קיינעם אין יהודה ניט געקענט קריגן די סומע געלט, וואָס ער האָט באַדאַרפט האָבן אויף די אַלע נויטיקע הוצאות, וואָס האָבן זיך געפאָדערט, ער זאָל קענען דערשיינען אין קעניגלעכן הויף מיט געהעריקער ווירדע. ווארים דאָס לאַנד איז געווען שטאַרק אָרים. אַגריקולטור איז, ווי שוין געזאָגט, געווען די אויסשליסלעכע, כמעט, באַשעפטיקונג פון דער באַפעלקערונג. מיט קאמערץ האָט מען זיך דאָרטן, כמעט, גאָר אינגאַנצן ניט באַשעפטיקט. און עס איז דעריבער דאָרטן ביי קיינעם קיינע גרויסע אָנגעזאמלטע רייכטימער ניט געווען. ער איז דעריבער געצוואונגען געווען צו מאַכן די הלוואה, וואָס ער האָט נויטיק געהאַט ביי זיינע פריינד אין שומרון.

און צוזאַמען מיט דעם, וואָס יוסף האָט אַרויסגעבראַכט דעם אידישן ישוב אין יהודה פון זיין מאַטעריעלער געדריקטקייט, פון זיין אָרימ־קייט, האָט ער אים אויך באַפרייט פון מצב פון אונטערוואָרפנקייט, פון אונטערטעניקייט. ער האָט אים דערהויבן צו אַ מדרגה פון אָנגעזעהענקייט אין די אויגן פון די אַרומיקע שכנים, וואָס האָבן אויף אים געקוקט פון אויבן אַראָפּ ביז איצט, וועלכע האָבן זיך ביז איצט באַצויגן צו דער אידישער באַפעלקערונג אין יהודה, ווי צו נידעריקע פון זיי. די דאָזיקע ענדערונג אין די באַציאונגען פון די אַרומיקע שכנים צום אידישן ישוב איז פאָרגעקומען צוליב דעם, וואָס די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן האַלטן מיט מער זעלבסט־ווירדע, מיט מער שטאָלץ, האָבנדיק פאַר זיך דעם ביישפּיל פון שטאָלצן האַלטן זיך פון יוספס רייך געוואָרענע אַגענטן, ווי אויך צוליב זייער דערוואָרבענעם מאַטעריעלן וואוילזיין, צוליב זייער געענדערטער סאָ־ציאַל־קולטורעלער האַלטונג, צוליב זייער נאָענטערן צוקומען צו די אויסערלעכע אַלגעמיין אָנגענומענע העלעניזירטע לעבנס־פאָרמען, וואָס איז פאָרגעקומען אַ דאַנק דעם גאָלד רעגן, וואָס האָט אָנגעהויבן פאַר־פלייצן דאָס לאַנד.

---

נאָך מער אָבער איז די דאָזיקע ענדערונג פאָרגעקומען אַ דאַנק דעם הויכן אַמט, וואָס יוסף האָט פאַרנומען, אַ דאַנק דעם פראַכט, אין וועלכן ער האָט געלעבט, אַ דאַנק די מאַכט, וואָס ער איז באַזעסן. די באַציאונגען צו אים זיינען אויך אויף דעם פאָלק, פון וועלכן ער האָט געשטאַמט, איבערגעטראָגן געוואָרן. דער כבוד, וואָס מען האָט אָפּגעגעבן יוסף בן טוביה אין קעניגלעכן הויף, זיין גרויס

רייכטום, וואָס ער האָט אַזוי שנעל דערוואָרבן, די מחנות סאָלדאַטן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט שטענדיק, זייענדיק גרייט יעדן מאָמענט זיינע באַפעלן צו דערפילן, מיט דער הילף פון וועלכע ער האָט אין צוים געהאַלטן די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן זיך אין גרויס ארץ ישראל געפונען, די פלשתים, די אדומים, די פעניציער און אויך די גריכיש־מאַקעדאָנישע קאָלאָניסטן אפילו, דאָס אַלעס איז געווען, אַז די אידישע שכנים זאָלן זיך מיט רעספּעקט גרויסן ניט נאָר צו יוספן באַציִען, נאָר אַז זיי זאָלן אויך אויף דער אידישער באַפעלקערונג אָנהויבן מיט גאַנץ אַנדערע אויגן, ווי פריער, קוקן.

און דורך דעם רייכטום, וואָס איז געקומען אין לאַנד, איז אויך דאָס אויסערלעכע אויסזען פון אידישן לעבן שענער געוואָרן. די האָריזאָנטן פון די אידישע איינוואוינער פון יהודה האָבן אָנגעהויבן ברייטער ווערן, ספּעציעל פון די, וואָס האָבן זיך אין ירושלים געפונען. דורך דעם וואָס זיי זיינען איצטער געקומען אין ענגערער באַרירונג, ווי פריער, מיט די גריכן, האָט זיך ביי זיי מער זין פאַר שיינקייט אַנטוויקלט און זיי האָבן אין אַלץ אַ מער ראַפינירטן געשמאַק אַרויס־געוויזן. נאָך מער איז דאָ געווען אייגענער איינפלוס, דער איינפלוס פון זייערע ברידער אין אַלעקסאַנדריע, מיט וועלכע זיי זיינען איצט אין אָפטע, אין נאָענטע באַציאונגען געשטעלט געוואָרן, וועלכע זיינען ביז צו אַ געוויסן גראַד געווען העלעניזירט.

י״ג

# די שעדלעכע ווירקונג פון יוספס טעטיקייט

די דעמאָראַליזירנדע ווירקונג, וואָס דאָס דערוואָרבענע גרויסע רייכטום האָט געבראַכט מיט זיך. — מיט דעם געלט, וואָס האָט דאָס לאַנד פאַרפלייצט, איז דאָס אויך פון אַ יאָגעניש נאָך געלט פאַרפלייצט געוואָרן. — מען האָט אָנגעהויבן איצט גאָלד זוכן אין יהודה, נאָך געלט זיך יאָגן, ווי מען האָט דאָס קיינמאָל ניט געטאָן דאָרטן. — צוזאַמען מיט דעם פאַרגרעסערטן אויסער־לעכן גלאַנץ האָט דער אינערלעכער שיין פון אידישן לעבן אָנגעהויבן אויסגעלאָשן צו ווערן.

ווי פרוכטבאַר עס איז ניט געווען די ווירקונג פון יוספס טעטיקייט אויף דעם אידישן ישוב אין יהודה אין אייניקע הינזיכטן, איז אָבער דער שעדלעכער איינפלוס פון דער דאָזיקער ווירקונג נאָך גרעסער געווען אין אַנדערע הינזיכטן. אמת עס איז דורך אים דאָס לאַנד מיט גאָלד פאַרפלייצט געוואָרן. אין דער לעצטער שורה אָבער איז דאָס דערוואָרבענע גרויס רייכטום פון דער באַפעלקערונג אַ צור מכשול פאַר זיי געוואָרן. דאָס ביז איצט אַגראַ־קולטורעל פאָלק, וואָס האָט פון קיין לוקסוס, פון קיין מותרות ניט געוואוסט, וואָס האָט ניט קיינע אָפגעשפּאַרטע גרויסע רייכטימער פאַרמאָגט, איז איצט פון אַ שטאַרקער תאוה צו געלט דעראָבערונג באַהערשט געוואָרן. וואָס גרעסער עס איז געוואָרן דער קרייז, וואָס האָט גרויסע סומען געלט פאַרדינט, אַלץ מער האָט זיך די ממשלה פון געלט יצר הרע אין לאַנד פאַרשפּרייט. וואָס מער געלט פאַרמאָגן — איז ביי פילע די גרעסטע אַמביציע פון זייער לעבן געוואָרן. מיט דעם געלט קומט אויף דער אַפּעטיט צו געלט. דער דורשט נאָך גאָלד, וואָס פייניקט אַזוי שטאַרק דווקא די, וואָס באַזיצן גרויסע רייכטימער, איז מיט דעם אויפוואַקסן פון אַ גרויסן קלאַס רייכע מענטשן אַ תושב קבוע אין לאַנד געוואָרן. מען האָט

איצט אָנגעהויבן געלט זוכן אין יהודה, נאָך גאָלד זיך יאָגן, ווי מען האָט עס קיינמאָל פריער דאָרטן ניט געטאָן. און אָט אַזוי איז אויך פאַרגרעסערט געוואָרן דאָרטן דאָס יאָגעניש נאָך כבוד, נאָך אָנגעזעענקייט. אמת, ניט אַזוי שטאַרק, ווי זיי האָבן געלט ליב, דאָך זייער שטאַרק אָבער האָבן זיי די רייכע לייט אויך כבוד ליב. די געזעלשאַפט באַדאַרף זיי פאַר זייער רייכקייט, וואָס זיי פאַרמאָגן, באַצאָלן. מען דאַרף זיי מיט פיל כבוד אָפּגעבן, דערפאַר באַלוינען.

אָט אַזוי האָט דאַן די תאוה צו געלט אויך די תאוה צו כבוד געבוירן, די תאוה צו געוועלטיקן, צו הערשן, וועלכע האָט זיך וואָס ווייטער אין אַן אַלץ מער „צרעת ממארת" פאַר דעם אידישן ישוב אַנטוויקלט, וועלכע האָט אין די שפּעטערע יאָרן צו אַזויפיל מחלוקת אין אידישן לעבן גורם געווען, אַזויפיל אומגליק אויף דעם אידישן פאָלק געבראַכט.

אמת, דורך דער פאַרבעסערטער מאַטעריעלער לאַגע, וואָס איז דורך יוסף בן טוביה פאַר דעם אידישן ישוב געקומען, איז אויסערלעכער גלאַנץ דעם אידישן ישוב אין יהודה געגעבן געוואָרן, דאָס פאַרגרעסערטע רייכטום פון לאַנד האָט צו דער אַנטוויקלונג פון זין פאַר שיינקייט, פון ראַפינירטן געשמאַק, פון מער עסטעטיציזם אין די אויסערלעכע לעבנס־פאָרמען געבראַכט. צוזאַמען אָבער מיט דעם פאַרגרעסערטן אויסערלעכן גלאַנץ האָט דער אינערלעכער שיין פון אידישן לעבן אָנגעהויבן אויסגעלאָשן צו ווערן. אין דער לעצטער שורה האָט דאָס דעראָבערטע ביסל אויסערלעכע ציוויליזאַציע פון דער פרעמד די אינערלעכע אייגענע קולטור געשעדיקט. דער אויסערלעכער גלאַנץ האָט געלעבט אויף דעם חשבון פון דער פריערדיקער עטישער איינפאַכקייט, פון דער פריערדיקער זיטלעכער לעבנס־פירונג. די עסטעטישע אויסערלעכקייט האָט זיך אַנטוויקלט אויף דעם חשבון פון דער פריערדיקער עטישער אינערלעכקייט.

די רייך געוואָרענע איינוואוינער פון יהודה זיינען בלינדע נאָכהאַמער פון די גריכן געוואָרן. זיי האָבן גאָר שנעל איבערגענומען אַלע זייערע מנהגים, אַלע זייערע אומזיטלעכע זיטן, וואָס האָבן טיף אונטערגעגראָבן די יסודות פון זייער אייגענער נאַציאָנאַלער קולטור. די גריכן האָבן ליב געהאַט פייערלעכקייט, פּאַראַדלעכקייט. זיי פלעגן ליב האָבן צו מאַכן עפנטלעכע באַנקעטן מיט פאַרשידענע נומערן פון געזאַנג, פון טענץ, אָפטע עפנטלעכע פייערונגען פאַרשידענע, באַנוצנדיק זיך דערביי מיט פאַרשידענע מיטלען, ווי אַזוי די לוסטיקייט, די

פריילעכקייט אויף זיי צו פאַרגרעסערן. האָבן די איינוואוינער פון יהודה די אַלע זאַכן אויך ביי זיך אָנגעהויבן איינצופירן. זיי האָבן איבער־גענומען פון די גריכן דעם מנהג צו עסן אין געזעלשאַפט, זיצנדיק אָנגעלענט דערביי אויף קאָשעטקעס און אונטערהאַלטנדיק זיך מיט וויין, מוזיק און לידער געזאַנג.

און צוזאַמען מיט דער דאָזיקער דערלויבטער „עולם הזה", נאָך װעלכער זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו יאָגן, האָבן זיי זיך גאָר גיך אָנגעהויבן צו יאָגן אויך נאָך דער פאַרבאָטענער עולם הזה. זיי האָבן גאָר גיך אָנגעהויבן איבערצונעמען פון די גריכן ניט נאָר אָט יענע אַלע זאַכן, וואָס האָבן געקענט ברענגען ענדערונגען אין די אויסערלעכע פאָרמען פון זייער לעבן, נאָר אויך אַזוינע, וואָס האָבן באַדאַרפט אויך צו דער ענדערונג פון זיין אינהאַלט פירן; זיי האָבן אָנגעהויבן אי־בערצונעמען ניט נאָר אַזוינע זאַכן, וואָס האָבן דאָס לעבן זייערס געקענט ברייטער, שענער, ליכטיקער מאַכן, נאָר אויך אַזוינע זאַכן, וואָס האָבן דאָס אידישע לעבן געמוזט אין תהום פון מאָראַלער זינקונג, פון פאַרדאָרבענער זיטלעכקייט שלעפּן.

און ווי דער פאַל איז שטענדיק ביי יעדן פאַלק האָבן איצט אויך די נידעריקע שיכטן פון יהודה די העכערע אין אַלץ נאָכגעטאָן.

און ספּעציעל נאָך איז דער דאָזיקער פּראָצעס מיט אַ גיכן טעמפּאָ געגאַנגען צוליב דעם פליס פון יוספן, ניט מטיל קנאה צו זיין צווישן די פאַרשידענע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג, אָרים און רייך אַ גלייכן שאַנס צו געבן, צו קענען אַדאָפּטירן די פאַרשידענע לעבנס פאָרמען פון העלעניזם.

אויס גרויס ליבע וואַרשיינלעך צו זיין האַר דעם קעניג איז ער אַ טרייער דינער פון זיין עלטער זיידן דעם שכור, באַקכוס, דער גאָט פון וויין געוואָרן. ער האָט געפילט, אַז ער האָט נאָך ניט יוצא ידי חובתו געווען פאַר אים מיט דעם, וואָס ער אַליין פלעגט פאַר אים טאָן, ווען ער פלעגט קומען קיין אַלעקסאַנדריען, פאַרברענגענדיק אין דער קעניגלעכער קאָמפּאַניע. ער האָט דעריבער דאָס אַלס זיין פליכט באַטראַכט צו זען, אַז עס זאָל זיין שכורער ווילן אויך פון זיינע לאַנדסלייט געטאָן ווערן. און אָט אַזוי האָט ער איינגעפירט אין לאַנד די דיאָניסעאישע פייערונגען. ביי דעם ווענדונגס פונקט פון יאָר, ווען דער ווינטער הויבט אָן אַ וועג צו מאַכן פאַר דעם פרילינג, ווען דער וויין אין די פעסלעך הויבט אָן פערמענטירן אַ צווייטן מאָל, פלעגן די גריכן דאַן אָפּהאַלטן זייער גרויסן יום טוב לכבוד דיאָניס: דער

יום טוב פון עפּענען די פעסלעך. צוויי טעג זיינען געווידמעט געוואָרן דאַן פאַר אינטאָקסישע אָרגיעס, ווען פריינד פלעגן זיך בייטן קריגלען ווײַן אַלס מתנות. איז דער דאָזיקער יום טוב פון עפענען די פעסלעך איינגעפירט געוואָרן אויף דעם זעלבן וועג, ווי ער איז געפייערט געוואָרן ביי די גריכן, אויך אין יהודה. נאָר כדי צו געבן אַביסל מער אידישן כאַראַקטער צו דער דאָזיקער פייערונג, פלעגט זיין אָנגענומען אין יהודה, די רייכע זאָלן אין די טעג טיילן נדבות צו די אָרימע לייט. דאָס אָבער האָט שוין ווידער באַדאַרפט אַ כפרת עוון זיין פאַר די רייכע, זיי זאָלן אין אַלע אַנדערע זאַכן פונקט ווי די גריכן זיך פירן אין די דאָזיקע פייערונגען. אויסער די זינגער און טענצער האָבן זיך צווישן די מיטגלידער פון די פריילעכע געזעלשאַפטן, צווישן וועלכע זיי האָבן אין די דאָזיקע יום טובים פאַרבראַכט, אויך אויסגעלאַסענע פרויען געפונען.

---

אַרום און אַרום אַלזאָ איז דער אומגליק, וואָס איז דורך יוספס טעטיקייט אויף דעם אידישן פאָלק געקומען אַ סך גרעסער געווען, ווי דאָס גליק, וואָס זי האָט פאַר אַ מאָמענט געבראַכט. די גייסטיקע ירידה, צו וועלכער זי האָט דאָס אידישע פאָלק צוגעבראַכט, איז אַ סך גרעסער געווען פון דער מאַטעריעלער דערהויבונג צו וועלכער ער האָט דעם אידישן ישוב אין יהודה צוגעפירט. דאָס ביסל שיינקייט, וואָס זי האָט אַריינגעבראַכט אין יהודה, איז געוויס ניט ווערט געווען דעם שאָדן פון דער מאָראַלער פאַרדאָרבנקייט, וואָס זי האָט גורם געווען.

זיין — יוספס — ווירקונג איז אַ געפערלעכער ווענדונגס־פונקט געווען אין דער אידישער געשיכטע.

דאָס אידישע פאָלק איז דורך איר שיעור ניט אין תהום פון אומקום געשליידערט געוואָרן. זיין טעטיקייט האָט דאָס אין זיין צייט שוין פעסטע, אויף זיכערע יסודות שטייענדע, אידישע לעבן אינגאַנצן אויפגעטרייסלט און אַוועקגעפירט עס אויף אַ וועג, וואָס האָט באַדאַרפט פירן פונקט ביי פונקט צו דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון אידישן פאָלק אַלס נאַציע. ער איז דער גורם געווען פון דער שפּעטער אָנקומענדער טעטיקייט פון די אידישע העלעניסטן, וואָס האָבן זיך מיט אַזאַ פאַנאַטיזם אָנגעלעגט דאָס אידישע פאָלק פון דער וועלט אַלס נאַציע אומברענגען, דער גורם געווען פון די אומבאַשרייבלעכן צער, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געהאַט אויסצושטיין אין יענער צייט אין זייער

קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ מיט זייערע שונאים פון אינווייניק און פון דרויסן. און אויף וויפיל די אַלע צרות, די אַלע קאַטאַסטראָפעס, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אויך נאָכדעם געהאַט אויסצושטיין, האָבן זייער אָנהויב אין דער טעטיקייט פון די מתיונים געהאַט, אויף אַזוי פיל איז ער דער שורש פורה ראש ולענה געוועזן פון דער גאַנצער קייט פון צער און פיין, וואָס די אידן האָבן געליטן פאַר דער צייט פון בית שני, פון די טעג פון אַנטיוכוס עפיפאַנוס ביז צו די טעג פון חורבן.

## י"ד

# תלמי פאַלט אין אָנמאַכט אין בית המקדש

די גוטע באַציאונגען פון די תלמים צו די אידן. — די פּאָר אויסנאַמספּעלע. — דער כעס, וואָס תלמי פילאפּאטאָר האָט געהאַט אויף די אידן נאָך זיין זיג, וואָס ער האָט איבער אנטיוכוסן אָפּגעהאַלטן. — די אידן האָבן זיי געטלעכע אָפּשטאַמונג באַליידיקט. — זיי האָבן אים ניט געלאָזט אין קדשי קדשים אַריינ־קומען, וואו ער האָט זיך געריסן דווקא יאָ אַריינקומען. — די נקמה, וואָס ער האָט גענומען פון עגיפּטישן אידנטום פאַר דעם בזיון, וואָס דאָס ארץ ישראל אידנטום האָט אים אָנגעטאָן.

אין אַלגעמיין האָבן די אידן פון קיין פּאָליטישער אונטערדריקונג ניט געליטן פאַר דער צייט פון די תלמים ממשלה. אין דער מערסטער צייט פון דער דאָזיקער ממשלה האָבן די תלמעאישע רעגירנדע קרייזן קיין פיינטלעכע שטעלונג צו די אידן ניט אַרויסגעוויזן. אויב עס איז זיי — די אידן — אויסגעקומען אין געוויסע פּעריאָדן יאָרן פון דער הערשאַפט פון די תלמעער שלעכטע צייטן איבערצולעבן, האָבן זיי געליטן דאַן ניט אַלס אידן, ניט דערפאַר, וואָס עס זיינען קעגן זיי ספּעציעלע גזירות, ספּעציעלע פאַרפאָלגונגען געריכטעט געווען מצד די רעגירנדע קרייזן, נאָר זיי האָבן געליטן דאַן צוזאַמען מיט דער איבעריקער, אַלגעמיינער באַפעלקערונג. די ליידן וואָס געוויסע פּאָ־ליטישע פאַרוויקלטע סיטואַציעס האָבן געשאַפן אין געוויסע צייטן פאַר דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, וואָס האָבן זיך געפונען אין די טעריטאָריעס פון די תלמעער, האָבן אויך זיי געטראָפן. נאָר אין ווייניקע אויסנאַמען איז זיי אויסגעקומען צו ליידן פונגגישות ספּעציעל קעגן זיי געריכטעטע, נאָר אין אַ פּאָר פעלע איז געווען אַ געפאַר פון וואַקסנדער פיינטלעכער שטעלונג צו די אידן מצד דער רעגירונג. אַזאַ געפאַר איז געווען אין דער צייט פון תלמי אייערגעטעס, וועלכער איז אַרויף אויף דעם טראָן נאָך תלמי פילאַדעלפוס, דער גאַנצער רעגירונגס־פּעריאָד פון וועלכן האָט אין זיך נאָר גוטס אַנטהאַלטן

פּאַר די אידן, וואָס האָבן זיך אונטער זיין — תלמי פילאַדעלפוס — הערשאַפט געפונען. ווארים די אַלע יאָרן פון זיין ממשלה האָבן די אידן, וואָס האָבן זיך אין די טעריטאָריען פון זיין הערשאַפט געפונען, אָן אונטערברעכונגען אין רו און אין פרידן געלעבט.

דורך דער אומטאַקטישער האַנדלונג פון חוניו דעם צווייטן, דורך זיין אומפּאַראַנטוואָרטלעכן, אומבאַטראַכטן שריט וועגן וועלכן מיר האָבן געשריבן אויספירלעך אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, דורך דעם, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן די יערלעכע אָפּצאָלונגען צו אייערגעטעס, איז, ווירקלעך געשטעלט געוואָרן דאַן דער אידישער ישוב אין יהודה אין אַ גרויסער געפאַר, עס זאָל ניט אַרויסגערופן ווערן צו אים — צום ישוב — אַ נקמה נעמענדע פיינטלעכע שטעלונג מצד דעם קעניג.

אויב אָבער אין דעם פאַל זיינען די אידן נאָר מיט שרעק אָפּגעקומען, אויב אין דעם פאַל האָט די געפאַר, אין וועלכער זיי זיינען געשטעלט געוואָרן, נאָר אַ קורצע צייט געשוועבט איבער זייער קאָפּ, און, צולעצט, איז זי דורך דעם אַריינמישן זיך פון יוסף בן טוביה גאָר אינגאַנצן פאַרשוואונדן, איז די לאַגע אָבער אַ סך ערנסטער געווען מיט אַ קנאַפּע צוואַנציק יאָר שפּעטער, אין דער צייט פון תלמי פילאַפּאַטאָר.

ער איז געווען דער ערשטער פון די תלמים, וואָס האָט זיך מיט אויסגעשפּראָכענער שנאה באַצויגן צו אידן אין אייניקע מאָמענטן פון זיין רעגירן און געזוכט זיי צו אונטערדריקן.

ווי מיר האָבן שוין, פאַרבייגייענדיק, איינמאָל געשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם לעבן און ווירקן פון יוסף בן טוביה, האָבן די סיריער אין זיין צייט ווידער אַמאָל געמאַכט אַ פאַרזוך צו פאַרכאַפּן יהודה. אַנטיוכוס דער גרויסער איז אָנגעפאַלן אויף נידער־סיריען און האָט אין אָנהויב גרויס דערפאָלג געהאַט אין זיין אונטערנעמונג. ער האָט שוין געהאַט פאַרכאַפּט דעם גליל און די לענדערייען אין מזרח זייט פון ירדן. דער זיג איז אָנגעקומען אַנטיוכוסן אַזוי גרינג, ווייל די עגיפּטישע קאָמאַנדירן האָבן זיך אַלס פאַררעטער אַרויסגעוויזן. זיי זיינען איבערגעגאַנגען צום שונא און איבערגעגעבן זייערע אַרמייען אין זיינע הענט. זיי האָבן געקענט זייערע פאַררעטערישע טאַטן באַגיין, ווייל זיי האָבן קיין אויברהאַר איבער זיך ניט געהאַט. פילאַפּאַטאָר האָט די ערשטע יאָרן זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט געשענקט די אינטערעסן פון זיין מלוכה. ער איז געווען פאַרנומען מיט סעודות

פּראָוועז לכבוד דעם שכור פריילעכן זיידן זיינעם, דעם גאָט באַקכוס. עס איז דעריבער אַזוי אַרום אַ פולשטענדיקע דעמאָראַליזאַציע געשאַפן געוואָרן אין די אַלע פאַרשידענע מלוכה פירונגען. לאַנג אָבער האָט דער זיג פון אַנטיוכוס ניט אָנגעהאַלטן. אין פריילינג פון יאָר 217 איז אַן אַנטשיידענדע שלאַכט פאָרגעקומען צווישן אַנטיוכוס און תלמיס אַרמייען, פון וועלכער תלמי איז דער זיגער אַרויסגעקומען. אַנטיוכוס האָט זיך באַוויזן דאָן ביי דעם ים פּאָרט נעבן עזה אַן דער שפּיץ פון אַ גרויסער אַרמיי, צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. זיין וועג איז געלעגן צו דרום, צו עגיפּטן. די געפאַר, וואָס האָט איצט געשוועבט פאַר תלמין, ער זאָל גאָר אינגאַנצן זיין קעניגלעכן טראָן ניט פאַרלירן, האָט אים געבראַכט צו זיך פון זיין פריילעך לעבן, אין וועלכן ער האָט ביז איצט פאַרבראַכט שטענדיק, און ער האָט אַלע זיינע מיליטערישע קרעפטן קאָנצענטרירט אויף צו באַזיגן דעם שונא זיינעם.

ער איז געקומען מיט זיינע אַרמייען קיין ראַפּיא צו באַגעגענען דעם שונא. און אויב תלמי האָט דאָס מאָל זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט אויף דעם קאַמף, וואָס איז אים פאָרגעשטאַנען, אויב ער איז פולשטענדיק צוגעגרייט געווען דעם שונא זיינעם צו באַגעגענען, איז איצט אַנטיוכוס אין דער דאָזיקער הינזיכט פיל אָפּגעשטאַנען פון תלמין. ער איז געווען צו זיכער אין זיין דערפאָלג. ער האָט צופיל געוויכט געלייגט אויף די פריערדיקע זיגן זיינע, גלויבנדיק, אַז די דאָזיקע זיגן זיינע וואָס ער האָט שוין דערהאַלטן וועלן אים שוין אָן איבעריקער אנשטרענגונג אויף דעם ענדגילטיקן זיג ברענגען. און אַזוי אַרום האָט ער אַ שווערע מפּלה געליטן און איז געצוואונגען געווען אומצוקערן זיך קיין אַנטיוכיא און אָוועקגעבן צוריק צו תלמין די אַלע טעריטאָריעס פון נידער־סיריען, וואָס ער האָט געהאַט פאַרנומען.

און אין פאַרבינדונג מיט די דאָזיקע מפּלות און נצחונות פון תלמין איז פאָרגעקומען דער אויסברוך פון זיין — תלמיס — צאָרן אויף די אידן, און ניט דערפאַר וואָס די אידן זאָלן האָבן געוועזן געהאָלפן דעם שונא זיינעם. פאַרקערט, די אידן האָבן די גאַנצע צייט, וואָס עס איז אנגעגאַנגען דער קאַמף צווישן אים און אַנטיוכוס זיין צד גענומען. דער אויסברוך איז פאָרגעקומען נאָכדעם, ווען ער איז געקומען אין בית המקדש אויסצודריקן דערמיט זיין דאַנקבאַרקייט צו די אידן פאַר דער לאָיאַליטעט, וואָס זיי האָבן אים אַרויסגעוויזן.

די אידן האָבן דאַן זיין געטלעכע אָפּשטאַמונג באַליידיקט. דעריבער איז ער דאַן אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרן אויף זיי.

נאָכדעם וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן זיין זיג איבער אַנטיוכוס, זיינען געקומען צו אים שלוחים פון אידישן פאָלק צו באַגריסן אים צו זיין גרויסן נצחון. האָט דער קעניג אויסגעדריקט זיין פאַרלאַנג דאָן צו באַזוכן ירושלים און ברענגען אַ קרבן אין בית המקדש. אַריינ־קומענדיק אין פאָדערשטן צימער פון בית המקדש, האָט ער געוואָלט גיין וויטער, אין קדשי קדשים, וואו עס האָט געמעגט אַריינקומען נאָר דער כהן גדול. דאָס האָט, נאַטירלעך גרויס אומצופרידנקייט ביים פאָלק אַרויסגערופן. דער קעניג האָט אָבער דורכאויס זיין באַשלוס געוואָלט דורכפירן. אויב דער כהן גדול מעג אין קדשי קדשים אַריינקומען, מעג ער דאָך אוודאי אַריינקומען אַהין. ער איז דאָך אַליין אַ מחותן אַ גרויסער מיט געטער. ער איז דאָך פון זייער משפחה. עס האָט ניט געהאָלפן דאָס בעטן זיך פון די כהנים, ער זאָל די הייליקייטן פון פאָלק ניט פאַרשוועכן, ער זאָל דעם צאָרן פון פאָלק ניט וועקן. דער קעניג האָט זיך פעסט ביי זיין באַשלוס גע־האַלטן. ווי דער קעניג איז אָבער נאָר אויף דער שוועל פון קדשי קדשים אַרויפגעטראָטן, דערציילט די לעגענדע, האָבן זיך אים באַלד די פיס אונטערגעזעצט און ער איז אין אָנמאַכט אויף דער ערד געפאַלן. מען האָט אים געמוזט פון בית המקדש אַרויסטראָגן אויף די הענט. אַ געטלעך אייניקל איז דאָך ניט גאָט אַליין. אויב ער האָט גענוג מוט פאַרמאָגט צו פאַסן זיין באַשלוס, איז ער אָבער צוזאַמענגעבראָכן ביים דורכפירן אים. אין דער לעצטער מינוט האָט ער זיך דאָך פאַר דעם אידישן גאָט דערשראָקן. סיי ווי פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן די אידן און זייער גלויבן צו האַסן, און אויב ער האָט זיך ניט אָפּגערעכנט מיט די ארץ ישראל אידן פאַר דער מפּלה זיינער האָט ער זיך דערפאַר אָפּגערעכנט פאַר דעם מיט די אידן פון מצרים.

ווען פילאפּאטאָר האָט זיך אומגעקערט קיין מצרים האָט ער אַרויס־געגעבן אַ גזירה, אַז יעדער איינער, וואָס וועט ניט אָננעמען די גריכישע געצנדינערײַ וועט ניט קענען געניסן קיין בירגערלעכע רעכט. דורך דער דאָזיקער גזירה האָבן די אידן אין מצרים פאַרלאָרן די גלייכ־באַרעכטיקונג, וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן פריער, און זיי זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ נידעריקער מדרגה. אָבער דאָס איז נאָך פאַר דעם קעניג ווייניק געווען, האָט ער אויף אַלערליי אופנים גענומען רודפן די אידן, וואָס האָבן ניט געוואָלט אָפּהיטן די געצנדי־

נערישע מנהגים. איינמאָל האָט ער געהייסן אַרויסטרייבן אַ מאַסע אידן אויף אַן אָפענעם פּלאַץ און אַרויפלאָזן אויף זיי ווילדע העלפאַנטן, וועלכע מען האָט פריער אָנגעשכורט מיט וויין, נאָר ווען מען האָט די צערייצטע העלפאַנטן אַרויפגעיאָגט אויף די צונויפגעטריבענע אידן, האָבן זיי — די אידן — אַזאַ שרעקלעכן געשריי אויפגעהויבן, אַז די חיות האָבן זיך דערשראָקן און האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק און האָבן צעטראָטן זייערע וועכטער און אַ סך עגיפּטער, וואָס זיינען זיך צונויפגעלאָפן אָנצוקוקן די סצענע.*) די לעגענדע דערציילט ווייטער, אַז די דאָזיקע געשעעניש האָט אַזוי געווירקט אויף דעם קעניג, אַז ער האָט אויפגעהערט צו רודפן די אידן.

*) יאָזעפוס דערציילט דאָס אַלעס אין זיין בוך קעגן אַפּיאָן וועגן תלמי דעם זיבעטן. און אַזוי איז אויך די מיינונג פון פילע געלערטע, און גרעץ בתוכם, אַז דער יסוד פאַר דעם דאָזיקן גאַנצן ספור האגדה איז פאָרגעקומען אין די צייטן פון תלמי דעם זיבעטן.

ט"ו

# הורקנוס בן יוסף

פון די אַלע אַכט זין, וואָס יוסף האָט געהאַט, איז הורקנוס ביי אים דער באַליב־סטער געווען. — די קנאה שנאה, וואָס די דאָזיקע פאָטער ליבע האָט ביי הורקנוס ברידער אַרויסגערופן. — יוסף שיקט הורקנוסן אַלס זיין פאָר־טרעטער ביי אַ פייערונג אין קעניגלעכן הויף. — הורקנוס קומט צוריק מיט גרויסן רום און מתנות פילע. — די שנאה פון זיינע ברידער צו אים איז דורך דעם נאָך שטאַרקער געוואָרן.

יוסף בן טוביה האָט געהאַט זיבן זין פון זיין ערשטער פרוי און אויסער די זיבן זין האָט ער געהאַט נאָך איין זון, דער איינגסטער פון אַלע זיינע זין, הורקנוס, וועלכער איז אים געבוירן געוואָרן פון זיין צווייטער פרוי, שולמית, וועלכע איז געווען, לויט ווי יאָזעפוס שרייבט, די טאָכטער פון זיין ברודער.

זיין הייראַטן שולמית איז פאָרגעקומען, לויט ווי יאָזעפוס דער־ציילט אונדז, אונטער די פאָלגנדע אומשטענדן:

ער איז איינמאָל געקומען — דערציילט יאָזעפוס — קיין אַלעק־סאַנדריען מיט זיין ברודער, וועלכער האָט געהאַט מיט זיך אַ טאָכטער, וואָס איז שוין געווען צו לייטן. ער האָט זי מיט זיך מיטגענומען כדי ער זאָל זי דאָרטן חתונה מאַכן פאַר איינעם פון די אָנגעזעענסטע אידן פון צווישן די מיוחסדיקע פאַמיליעס אין אַלעקסאַנדריען.

יוסף האָט געהאַט אָוונט־ברויט מיט דעם קעניג און ביים אָוונט־ברויט האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַן אַקטריסע, וועלכע איז איינע פון דעם קעניגס געסט געווען, און ער איז פון אַ שטאַרק ליבע־געפיל צו איר באַהערשט געוואָרן.

און ער איז געקומען צו זיין ברודער און דערציילט אים וועגן אַלעס און געבעטן אים, ער זאָל שווייגן וועגן זיין זינדיקער אויפפירונג און זיין גוט און געפעליק צו אים, געבנדיק אים די מעגלעכקייט צו דערפילן זיין פאַרלאַנג.

זיין ברודער האָט איינגעשטימט צו נעמען אויף זיך די אויפגאַבע, אים צו העלפן זיין פאַרלאַנג צו באַפרידיקן, און ער האָט זיין אייגענע טאָכטער אויסגעפוצט און געבראַכט זי ביינאַכט צו אים, און זי האָט זיך אין זיין בעט געלייגט. און יוסף, אונטער דער ווירקונג פון דעם וויין, וואָס ער האָט געטרונקען, האָט ניט געוואוסט, ווער זי איז, און ער איז אַזוי אַרום געלעגן מיט זיין ברודערס טאָכטער. און דאָס

האָט ער געטאָן אַ סך מאָל און ער האָט זי זייער שטאַרק ליב געהאַט.

און ער האָט געזאָגט צו זיין ברודער, אַז ער וואָלט זיין לעבן גע־שטעלט אין געפאַר, ווען ער וואָלט זיך באַדאַרפט שיידן מיט דער אַקטריסע, די געליבטע זיינע און דאָך גלויבט ער, אַז דער קעניג וועט אים ניט דערלויבן נעמען זי מיט זיך.

אָבער זיין ברודער האָט אים געזאָגט, ער זאָל ניט באַזאָרגט זיין וועגן דעם דאָזיקן ענין. און ער האָט אים דערקלערט, אַז ער קען זיין שטענדיק מיט דער, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב אָן שום געפאַר; אַז ער קען זי האָבן פאַר זיין ווייב. און ער האָט אים דערציילט דעם גאַנצן אמת, און פאַרזיכערט אים, אַז עס איז אים מער ניחא געווען צו זען זיין טאָכטער מיסהאַנדלט איידער צו פאַרקוקן זיינע — יוספס — אינטערעסן און זען אים צו קומען צו אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל.

האָט יוסף אים געלויבט זייער פאַר זיין ברידערלעכער ליבע און ער האָט געהייראַט זיין טאָכטער.

---

הורקנוס איז דער ליבלינג פון זיין פאָטער געווען. ווארים ער איז דער געראָטנסטער געווען פון צווישן זיינע אַלע זין. שוין ווען ער איז נאָך גאַר יונג געווען, האָט ער אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן. שוין אין די גאַר יונגע יאָרן זיינע האָט ער זיך אויס־געצייכנט מיט זיין דענקונגס־קראַפט, מיט זיין אינטעליגענץ און מיט זיין שטאַרקן כאַראַקטער. מיט זיין אַקטיוון כאַראַקטער, שטאַרקן ווילן און אַמביציעזער נאַטור, איז ער דער איינציקער געווען צווישן אַלע יוספס זין, וואָס האָט די מעלות פון זייער פאָטער פאַרמאָגט. און עס איז דעריבער גאַר קיין וואונדער ניט, וואָס דער פאָטער זיינער האָט אים אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, גלייך ווי ער וואָלט, ווי יאָזעפוס דריקט זיך אויס, דער איינציקער אמתער זון זיינער געווען.

און אויב די אַלע מעלות, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָבן פאַר אים די גרויסע ליבשאַפט פון זיין פאָטער געוואונען, זיינען זיי דער־פאַר אויך דער גורם געווען פון דער גרויסער שנאה, וואָס די אַלע ברידער זיינע האָבן צו אים געפילט. זיי זיינען אַלע פול מיט קנאה געווען צו אים פאַר דעם, וואָס ער איז אַזוי פיל העכער פון זיין אַלעמען געשטאַנען. זיי האָבן אים געהאַסט אי דערפאַר וואָס ער האָט זיך אַזוי שאַרף אויסגעצייכנט צווישן זיי, און אי דערפאַר, וואָס די דאָזיקע אויסצייכענונג האָט געבראַכט דערצו, אַז דער פאָטער זייערער זאָל אים אין אַ פיל גרעסערער מאָס, ווי זיי, זיין ליבע אַרויסווייזן.

און גאָר גיך איז די געלעגנהייט געקומען אַז די דאָזיקע קנאה־שנאה געפילן, וואָס האָבן עקזיסטירט צווישן הורקנוס און זיינע זיבן ברידער, זאָלן זיך אין אַ מער קאָנקרעטער פאָרם אָנקליידן, זאָלן פון מער אַקטיוון כאַראַקטער ווערן. עס האָט לאַנג ניט גענומען און די דאָזיקע שנאה־קנאה געפילן זיינען איבערגעגאַנגען אין טאַטן, אין האַנדלונגען.

עס איז ניט פיל צייט אַריבער און עס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אַ ביטערער, אָנגעשטרענגטער קאַמף צווישן די זיבן זין, וואָס יוסף בן טוביה האָט געהאַט מיט זיין ערשטער פרוי און דעם אינגסטן זון זיינעם הורקנוס, וואָס ער האָט געהאַט פון זיין צווייטער פרוי. מחלוקת פירוד לבבות און רדיפות האָט אין אַ משך פון פילע יאָרן געהערשט צווישן זיי. און ניט איינמאָל האָבן זיי צווישן זיך אויך מיטן שווערד געקעמפט. די דאָזיקע מחלוקות און מלחמות, וואָס די פאַמיליען מיטגלידער פון יוסף בן טוביה און זייערע אָנהענגער האָבן געפירט צווישן זיך, האָבן געקאָסט דאָס לעבן פון אַ פּאָר פון הורקנוס ברידער, און, ענדלעך, האָבן זיי אויך הורקנוסן געבראַכט דערצו, ער זאָל זעלבסטמאָרד באַגיין. די דאָזיקע מחלוקת האָבן אויך אויף דעם גאַנצן אידישן ישוב אין יהודה גרויס אומגליק געבראַכט און זיי זיינען אין אַ גאָר גרויסער מאָס דער גורם געווען פון די אַלע צרות, וואָס האָבן זיך איניקע יאָר נאָך יוספס טויט אָנגעהויבן שיטן אויף דעם אידישן ישוב אין יהודה, פון דעם גאַנצן ברידער קאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין לאַנד צעפלאַקערן און די אַלע קאָנסעקווענצן זיינע.

די סיטואַציע, וועגן וועלכער מיר האָבן אויבן גערעדט, איז גע־שאַפן געוואָרן אין יאָר 210 פאַר דער אָנגענומענער צייטרעכענונג דורך דעם, וואָס הורקנוס איז געפאָרן אַלס פאַרטרעטער פון זיין פאָטער, וועלכער האָט צוליב זיין טיפן עלטער ניט געקענט פאָרן אַליין צום קעניג תלמי אין אַלעקסאַנדריען צו גראַטולירן אים צו דער געלעגנהייט פון זיין ניי־געבוירענעם קינד תלמי עפיפאַנוס. דער גרויסער כבוד, וואָס ער, הורקנוס, האָט דערוואָרבן אין קעניגלעכן הויף, די מתנות, מיט וועלכע די קעניגלעכע פאַמיליע האָט אים אַהיים געשיקט, דאָס אַלעס האָט גליענדע קנאה אין זייערע הערצער — אין די הערצער פון זיינע ברידער — צו הורקנוס אָנגעצונדן און זיי האָבן עס אַלס זייער לעבנס־אויפגאַבע געמאַכט אינגאַנצן אים פון וועג אָפּצוראַמען.

ט"ז

# הורקנוס ברענגט רייכע מתנות תלמין

וואָס אַזוי עס איז געקומען צו דעם, אַז הורקנוס זאָל פאַרטרעטן דעם פאָטער זיינעם אין קעניגלעכן הויף. — יוסף שרייבט צום פאַרוואַלטער זיינעם אין אַלעקסאַנדריע, ער זאָל געבן הורקנוסן אַ געוויסע סומע אויף צו קויפן אַ מתנה פאַרן קעניג. — הורקנוס פאָדערט, ווען ער קומט קיין אַלעקסאַנדריע, הונדערט מאָל אַזויפיל. — ווען דער פאַרוואַלטער וויל אים די סומע ניט געבן, פאַרשפּאַרט אים הורקנוס אין תפיסה, און ער פירט דורך דעם זיינס אויס. — די מתנות, מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרן קעניג פאָרגעשטעלט, שטייגן איבער אין אימפּאָזאַנטקייט און אין ווערט די מתנות פון אַלע אַנדערע. — מיט זיין פיינעם הומאָר און חכמה פאַרטונקלט ער די אַלע אַנדערע געהויבענע געסט.

ווען אָבער — ווערט דער ספור המעשה אין יאָזעפוס דערציילט וועגן די אורזאַכן, וואָס האָבן אַרויסגערופן די מחלקות צווישן הורקנוס און זיינע ברידער — עס איז געזאָגט געוואָרן צו אים — צו יוספן — אַז ביי תלמין איז דאָ ניט לאַנג אַ זון געבוירן געוואָרן און אַז די אַלע הויפּט מענער פון סיריען און די איבעריקע לענדער, וואָס זיינען אים אונטערגעוואָרפן, האָבן זיך געגרייט צו מאַכן אַ יום טוב צוליב דעם קינדס געבורטסטאָג, וואָס צוליב דעם האָבן זיי זיך שוין געאיילט אַלע אַוועקצוגיין קיין אַלעקסאַנדריען אין פּראַכטפולע רייטוואָגנס, איז ער אַליין, אמת, געשטערט געווען צוליב זיין הויכן עלטער, ער זאָל קענען אַליין גיין; ער האָט אָבער געפּרואווט ריידן צו זיינע זין, צי עס וועט ווער פון זיי גיין צום קעניג. און ווען די עלטערע זין האָבן זיך אַנטשולדיקט פון צו גיין און זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זיינען ניט עלעגאַנט גענוג פאַר אַזוינע געשפּרעכן און זיי האָבן אים געראַטן, ער זאָל שיקן זייער ברודער הורקנוס, האָט ער מיט גרויס צופרידנהייט זייער עצה געפאָלגט, און ער האָט אים געפרעגט, צי ער וויל גיין צום קעניג. הורקנוס האָט געענטפערט זיין פאָטער, אַז ער וועט גיין צום קעניג. ער האָט אים אויך געזאָגט, אַז ער באַדאַרף ניט קיין סך געלט פאַר זיין נסיעה, אַז צען טויזנט דראַכמען וועלן זיין גענוג פאַר אים. דער דאָזיקער קלוגער ענטפער פון הורקנוס האָט זייער צופרידנגעשטעלט דעם פאָטער. עס האָט אים הנאה געטאָן צו

זען, ווי פראַקטיש זיין זון איז. אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער זון גע־ראָטן זיין פאָטער ניט צו שיקן קיין מתנות צום קעניג פון דער היים, נאָר ער זאָל אים געבן אַ בריוו צו זיין אַגענט אין אַלעקסאַנדריע, ער זאָל אים פאַרזאָרגן מיט געלט, ער זאָל קענען קויפן פאַר דעם קעניג דאָס, וואָס ער וועט געפינען פאַר אַממערסטן מערקבאַר און ווערטפול. יוספן איז געפעלן געוואָרן די עצה פון זיין זון און דענ־קענדיק, אַז די סומע פון צען טאַלאַנטן וועט זיין גענוג אויף צו קויפן מתנות פאַר דעם קעניג, האָט ער געשריבן אַ בריוו צו אריאן, זיין פאַרטרעטער, וועלכער האָט פאַרוואַלטעט אַלע זיינע געלט געשעפטן אין אַלעקסאַנדריע. די סומע געלט, וואָס ער האָט געהאַט דאָרטן אויף זיין חשבון, איז ניט געווען ווייניקער, ווי דריי טויזנט טאַלאַנטן. וואָרים יוסף האָט געשיקט דאָס געלט, וואָס ער האָט באַקומען אין סיריע קיין אַלעקסאַנדריע. און ווען דער באַשטימטער טאָג פון איינצאָלן די שטייערן צום קעניג איז געקומען, האָט ער געשריבן צו אריאַן ער זאָל די באַטרעפנדע סומע אָפּצאָלן.

און נאָכדעם וואָס הורקנוס האָט געקראָגן דעם בריוו פון זיין פאָטער צו אריאן, איז ער באַלד אַוועקגעפאָרן קיין אַלעקסאַנדריען. און באַלד ווי ער איז אָפּגעפאָרן פון דערהיים, האָבן זיינע ברידער געשריבן צו די אַלע פריינד פון קעניג, אַז זיי זאָלן זען אים פון וועג אָפּראַמען.

און ווען ער איז געקומען קיין אַלעקסאַנדריע האָט ער צוגעשטעלט דעם בריוו זיינעם צו אריאן, וועלכער האָט אים געפרעגט, וויפיל טאַלאַנטן ער וואָלט וועלן האָבן, האָפנדיק, אַז ער וועט ניט בעטן מער ווי צען טאַלאַנטן אָדער נאָר אַ ביסל מער. און הורקנוס האָט געזאָגט, אַז ער וויל האָבן טויזנט טאַלאַנטן. זיין פאָטערס אַגענט איז זייער שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן פון הורקנוס ענטפער, ער האָט אים געמאַכט אַ פאָרוואורף, אַז ער וויל לעבן צו אויסברענגעניש און ער האָט אים דערקלערט, ווי אַזוי זיין פאָטער האָט אָנגעזאַמלט זיין פאַרמעגן מיט גרויס מי און דורך אָפּזאָגן זיך צו געניסן פון פילעס, און אויסגעדריקט זיין וואונטש, אַז ער זאָל נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון זיין פאָטער. ער האָט אים מודיע געווען זיין פעסטן באַשלוס, אַז ער וועט אים ניט געבן מער ווי צען טאַלאַנטן. דאָס אַלעס האָט זייער אויפגערייצט הורקנוסן און ער האָט אַריינגעוואָרפן איראַנען אין תפיסה. נאָר, ווען די פרוי פון אריאן האָט געלאָזט וויסן קלעאָפּאַטראַן וועגן דעם און געבעטן איר אַז זי זאָל מאַכן אַ פאָרוואורף דעם קינד

פאַר דעם וואָס ער האָט געטאָן, האָט קלעאָפּאַטראַ דערציילט וועגן דעם אַלעם דעם קעניג.

און תלמי האָט געשיקט נאָך הורקנוסן און געזאָגט צו אים, אַז ער וואונדערט זיך, וואָס נאָכדעם וואָס ער איז געשיקט געוואָרן צו אים פון זיין פאָטער, האָט ער זיך נאָך אַלץ ניט באַוויזן צו אים, נאָר ער האָט איינגעשפּאַרט אריאנען אין תפיסה. און ער האָט געגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז ער זאָל קומען צו אים און אָפּגעבן דין וחשבון פאַר אים וועגן די אורזאַכן, וואָס האָבן אים באַוואויגן צו באַגיין זיין טאַט.

און זיי גיבן איבער, אַז דער ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן צום קעניגס שליח איז געווען, ווי פאָלגט: אַז לויט זיינע פאָרשריפטן טאָר ניט אַ קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן, פאַרזוכן פון אַ קרבן איידער ער איז געבראַכט געוואָרן אין טעמפּל און געבראַכט אַ קרבן צו גאָט. פון דעם האָט ער אויסגעדרונגען, אַז אויך ער האָט ניט געקענט קומען צום קעניג ביז ער האָט ניט געהאַט די מתנות, וואָס ער האָט אים באַדאַרפט ברענגען אַלס צו דעם בענעפעקטאָר פון זיין פאָטער. און אַז ער האָט באַשטראָפט דעם קנעכט פאַר ניט פאָלגן זיינע באַפעלן, וואָרים עס מאַכט ניט, צי דער האַר איז אַ יונגער אָדער אַן אַלטער. „אויב מיר וועלן ניט באַשטראָפן אָט די לייט, קענסטו אַליין אויך דערוואַרטן צו ווערן ווידערגעשפעניקט פון דיינע אונטערטאַנען".

און אַז דער קעניג האָט געהערט דעם דאָזיקן ענטפער האָט ער געלאַכט און באַוואונדערט די גרויסע נשמה פון קינד.

ווען אריאן איז אינפאָרמירט געוואָרן, אַז דאָס איז דער ווילן פון קעניג און אַז עס איז פאַר אים קיין אַנדער אויסוועג ניטאָ, האָט ער געגעבן דעם קינד טויזנט טאַלאַנטן און ער איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון תפיסה.

און אַזוי אַרום איז הורקנוס געקומען נאָכדעם, ווי עס זיינען דריי טעג פאַריבער, און באַגריסט דעם קעניג מיט דער קעניגין, זיי זיינען זייער צופרידן געווען אים צו זען און האָבן אים זייער פריינדלעך אויפגענומען צוליב דעם רעספּעקט, וואָס זיי האָבן געהאַט צו זיין פאָטער.

און ער איז געקומען צו די הענדלער פּריוואַט און געקויפט הונדערט אינגלעך, וועלכע זיינען געווען געשולט און האָבן זיך געפונען אין דעם בליאונגס פּעריאָד פון זייער עלטער. און אַ טאַלאַנט האָט ער די פּרייז פאַר יעדן אינגל באַצאָלט. ער האָט אויך געקויפט

הונדערט מיידלעך, יעדעס מיידל צו דער זעלבער פרייז, וואָס ער האָט באַצאָלט פאַר דער צווייטער.

און ווען ער איז איינגעלאַדן געוואָרן צו פאַרברענגען ביים קעניג צוזאַמען מיט די הויפּט מענער פון לאַנד, האָט ער זיך געזעצט נידעריקער פון זיי אַלעמען. וואָרים מען האָט אים ווייניק אויפמערקזאַמקייט געשענקט מחמת דעם, וואָס ער איז נאָך געווען אַ קינד לויט זיינע יאָרן. עס איז אים זיין פּלאַץ אָנגעוויזן געוואָרן פון די, וואָס זיינען ממונים געווען דערויף, אויסזעצן די אַלע געסט, יעדן איינעם לויט זיין ראַנג נאָך.

און איצט, ווען די וואָס זיינען געזעסן מיט אים האָבן צוזאַמענגעלייגט אַלע ביינער, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט פון דעם פלייש, וואָס זיי האָבן געגעסן אין אַ הויפן פאַר הורקנוס, ביז דער טיש, וואו ער איז געזעסן איז פול געוואָרן מיט ביינער, איז טריפאָן, וועלכער איז געווען דער קעניגלעכער קאָמיקער און איז באַשטימט געוואָרן פאַר וויצן און געלעכטער אין די פייערלעכע אונטערהאַלטונגען, געבעטן געוואָרן פון די געסט, וואָס זיינען געזעסן ביים טיש, ער זאָל אים צו געלעכטער אַרויסשטעלן. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביי דעם קעניג און געזאָגט: „זעסטו דען ניט, מיין האַר, די ביינער, וואָס ליגן נעבן הורקנוס? פון דעם ביישפּיל קענסטו לערנען, אַז זיין פאָטער האָט אַרומגעריסן דאָס פלייש פון גאַנץ סיריען אַזוי ווי ער, זיין זון, האָט דאָס פלייש פון די דאָזיקע ביינער אַרומגעריסן".

און דער קעניג האָט געלאַכט, ווען טריפאָן האָט דאָס געזאָגט, און ער האָט געפרעגט הורקנוסן, ווי קומט ער צו האָבן אַזוי פיל ביינער פאַר זיך.

און הורקנוס האָט אים געענטפערט: „זייער ריכטיק, מיין האַר, וואָרים אויף דער וועלט זיינען פאַראַן הינט, וואָס עסן אויף דאָס פלייש מיט די ביינער צוזאַמען, אַזוי ווי די געסט דיינע האָבן געטאָן. אָבער עס זיינען אויף איר אויך פאַראַן מענטשן, וואָס עסן אויף דאָס פלייש און וואַרפן אַוועק די ביינער, ווי איך, וואָס איך בין אויך אַ מענטש, האָב אָט ערשט געטאָן. דער קעניג האָט זייער באַוואונדערט דעם ענטפער זיינעם, וועלכער איז אַזוי קלוג געמאַכט געוואָרן, און אויפגעפאָדערט זיי אַלעמען צו אַפּלאָדירן אַלס צייכן פון באַוואונדערונג פאַר זיין ענטפער, וועלכער איז ווירקלעך זייער הומאָריסטיש געווען.

אויפן צווייטן טאָג איז הורקנוס געגאַנגען צו יעדן איינעם פון דעם קעניגס פריינד, און צו די פּערזאָנען, וואָס זיינען מעכטיק געווען

אין דעם קעניגס הויף און באַגריסט זיי. און דערווייל האָט ער אויסגע־פרעגט ביי די דינער, וואָס זייערע האַרן וועלן געבן אַלס מתנה צום קעניג צו דער געלעגנהייט פון זיין קינדס געבורטסטאָג; און ווען אייניקע האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן געבן צוועלף טאַלאַנטן און אַז אַנדערע פון אַ גרעסערן ראַנג וועט יעדער איינער פון זיי מאַכן אַ מתנה דעם קעניג אין איינקלאַנג מיט דער קוואַנטיטעט פון זיין רייכטום, האָט ער אויסגעדריקט זיין טרויער צו יעדן איינעם פון זיי דערויף, וואָס ער פאַרמאָגט ניט צו ברענגען אַזאַ גרויסע מתנה דעם קעניג, וואָרים ער האָט ניט מער ווי נאָר פינף טאַלאַנטן.

און ווען די קנעכט האָבן געהערט, וואָס ער האָט געזאָגט, האָבן זיי עס דערציילט זייערע האַרן. די לעצטע האָבן זיך זייער געפרייט צוליב דעם אויסזיכט, וואָס זיי האָבן געזען, אַז דער קעניג זאָל אַרויס־ווייזן אומצופרידנקייט און ווערן אין כעס אויף הורקנוס צוליב דער קליינער מתנה, וואָס ער האָט געבראַכט.

ווען דער באַשטימטער טאָג איז געקומען, האָבן די אַנדערע, אפילו די, וואָס האָבן געבראַכט די גרעסטע מתנות, דערלאַנגט דעם קעניג ניט מער ווי צוואַנציק טאַלאַנטן. הורקנוס אָבער האָט געגעבן צו יעדן איינעם פון די הונדערט אינגלעך און הונדערט מיידלעך, וואָס ער האָט געקויפט, אַ טאַלאַנט שטיק צו טראָגן און פאַרגעשטעלט זיי די אינגלעך, פאַר דעם קעניג און די מיידלעך פאַר דער קעניגין קלעאָ־פאַטראַ: האָבן זיך אַלע געוואונדערט אויף דער אומדערוואַרטעטער רייכקייט פון די מתנות, אפילו דער קעניג און די קעניגין אַליין. ער האָט אויך געמאַכט פרעזענטן צו די, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען אַרום דעם קעניג, אין דער ווערט פון אַ גרויסער צאָל טאַלאַנטן, כדי ער זאָל קענען אויסמיידן די סכנה, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען צוליב זיי. וואָרים צו זיי האָבן עס הורקנוס ברידער געשריבן, זיי זאָלן אים אומברענגען.

און תלמי האָט זייער באַוואונדערט דעם שאַרפן שכל פון הורקנוס און אויפגעפאָדערט אים צו בעטן, וואָס פאַר אַ מתנה ער וויל נאָר. ער האָט אָבער קיין שום זאַך ניט פאַרלאַנגט פון קעניג, אויסער דאָס נאָר, ער זאָל שרייבן וועגן אים צו זיין פאָטער און צו זיינע ברידער.

און אַט אַזוי האָט דער קעניג אים אַוועקגעשיקט אַהיים נאָכדעם, וואָס ער האָט אים גרויס כבוד אַרויסגעוויזן און געגעבן אים זייער גרויסע מתנות און געשריבן צו זיין פאָטער און צו זיינע ברידער און צו די אַלע קאָמאַנדירן און באַאמטע וועגן אים.

ו״ז

# צוויי פון הורקנוס ברידער פאַלן אין קאַמף

הערנדיק, אַז הורקנוס קערט זיך אום מיט טריאומף גרויסן קיין ירושלים, זיינען זיינע ברידער אַרויסגעגאַנגען אים צו באַגעגענען מיט דעם געדאַנק אים אומ־צובררענגען. — זייער פּלאַן פאַלט דורך. — הורקנוס מיט זיינע מענטשן האָבן זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פון זיי. — אין דעם קאַמף, וואָס עס איז אַנטשטאַנען צווישן די צוויי צדדים, האָט הורקנוס צד פּילע פון זיינע באַ־קעמפער אַוועקגעלייגט, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען צוויי פון זיינע ברידער. — הורקנוס קומט אַריין קיין ירושלים, לאַנג אָבער בלייבט ער דאָרטן ניט. — ווי לאַנג איז ער דאָרטן פאַרבליבן?

ווען הורקנוס ברידער האָבן געהערט וועגן דער גרויסער אויפ־נאַמע, וואָס ער האָט געהאַט אין קעניגלעכן הויף, וועגן די רייכע מתנות, וואָס דער קעניג האָט אים געגעבן; ווען זיי האָבן געהערט, אַז ער קערט זיך אום אַהיים אַ גליקלעכער, אַ צופרידענער ,זיינען זיי פון אַ שרעקלעך קנאה געפיל באַהערשט געוואָרן. זיינען זיי אַרויס־געגאַנגען אים צו באַגעגענען, כדי אים אומצוברענגען.

און דאָס איז געטאָן געוואָרן, זאָגט יאָזעפוס, מיט דער צושטימונג פון יוספן. וואָרים ער איז געווען בייז אויף אים, אלמאי ער האָט אויסגעגעבן גרויסע סומען געלט אויף מתנות פאַר דעם קעניג.

מען דאַרף אָבער דענקען, אַז דער מאָטיוו פון אייפערזוכט האָט דאָ אויך גאָר ניט קיין קליינע ראָלע געשפּילט. דער גרויסער כבוד, וואָס הורקנוס האָט דערוואָרבן אין קעניגלעכן הויף, דאָס גרויס אָנזען, וואָס ער האָט דאָרטן געהאַט, דאָס אַלעס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן קנאה געפיל אויך ביים אַלטן יוסף, אַ קנאה געפיל, וואָס איז אפשר אויך מיט אַ געפיל פון פחד געמישט געווען, מיט אַ געפיל פון פחד, ער זאָל סוף כל סוף גאָר אינגאַנצן ניט באַזייטיקט ווערן פון קעניגלעכן הויף, דורך דעם אויפגייענדן מזל שטערן פון זיין יונגן, בראַוון, טאַלאַנטפולן זון. פאָטער און ברידער זיינען אין זייער קנאה געפיל צו זייער זון און ברודער פאַראייניקט געוואָרן.

נאָך אַלעם דעם אָבער איז נאָך אַלץ שווער אָנצונעמען די באַ־הויפטונג פון יאָזעפוס, אַז יוסף איז בעצה אחת מיט זיינע זין געווען, אַז הורקנוס זאָל פון וועג אָפּגעראַמט ווערן. מען באַדאַרף דענקען, אַז

אויב יוסף האָט גאָר אינגאַנצן געוואוסט פון דעם געפּלאַנטן אַרויס־טריט פון זיינע זין קעגן הורקנוס, אַז אויב ער האָט גאָר אינגאַנצן געגעבן דערויף זיין הסכמה, האָט דער געפּלאַנטער אַרויסטריט געמוזט זיין, אויף וויפיל עס רעדט זיך וועגן דער פאָרם, אין וועלכער ער איז פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַר יוספן, אויף וויפיל עס רעדט זיך וועגן אים אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערוואָרבענער אויף אים הסכמה פון יוספן, מיט דעם צוועק, מען זאָל אים נאָר פון ירושלים פאַר־טרייבן.

סיי ווי אָבער, וואָס אַמבאַלאַנגט די ברידער זיינע, איז וואָס זיי האָבן באַצוועקט איז, ווירקלעך, געווען גאָר אינגאַנצן פון אים פּטור צו ווערן. זיי האָבן באַשלאָסן איצט צו טאָן אַליין דאָס, וואָס זייערע אַלעקסאַנדריער פריינד האָבן פאַרפעלט צו טאָן. אויך אָבער אין זייערע אייגענע הענט איבערגענומען האָט זיך דער מאָרד פּלאַן, וואָס זיי האָבן פאַרטראַכט, אַלס אַ דורכפאַל אַרויסגעוויזן. ניט נאָר האָבן זיי הורקנוסן פון וועג ניט אָפּגעראַמט, נאָר עס זיינען גאָר פון זיי צוויי טויט געפאַלן אין דער דורכפירונג פון טויט־פּלאַן איבער הורקנוס.

הורקנוס מיט זיינע מענטשן האָבן זיך פאַרטיידיקט קעגן זייערע אָנגרייפער און האָבן זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פון די לעצטע. זיי האָבן פילע פון זייערע באַקעמפער אָוועקגעלייגט, און צווישן די געפאַלענע האָבן זיך אויך צוויי פון זיינע ברידער געפונען.

הורקנוס איז אַריינגעקומען קיין ירושלים. ער האָט אָבער לאַנג ניט געקענט בלייבן דאָרטן. ער האָט זיך געפונען אין אַן אַטמאָספערע פון האַס און שנאה צו אים. מער ווי פריער האָבן אים איצט זיינע ברידער געהאַסט, נאָכדעם ווי זיי האָבן צוויי פון זיך אין זייער קאַמף מיט אים פאַרלאָרן. און אויב זיין פאָטער האָט צוליב זיין מורא פאַר דעם קעניג, ניט געקענט קיין עפנטלעכע שנאה צו אים אַרויסווייזן, זיינען אָבער דאָך זיינע באַציאונגען צו הורקנוס געווען קאַלט און אומ־פריינדלעך געווען, און הורקנוס האָט גאַנץ גוט געוואוסט און פאַר־שטאַנען, אַז ער וועט פאַר זיך אין זיין פאָטערס הויז קיין שוץ ניט קענען געפינען. און כדי אויסמיידן די געפאַר, וואָס האָט איבער זיין לעבן געשוועבט, האָט ער באַלד פאַרלאָזן ירושלים און איז אַוועק אויפצוהאַלטן זיך אין עבר הירדן.

דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען אַרום דעם יאָר 8־110. און לויט דער הלוי באַהויפּטעט, האָט זיך הורקנוס פאַר דעם גאַנצן לאַנגן פעריאָד יאָרן, וואָס האָט זיך געצויגן פון זינט אָן ער האָט פאַרלאָזן

ירושלים נאָכדעם ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט פון זיין וויזיט ביים קעניג*) ביז דעם יאָר 175, ווען ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אויפ־געהאַלטן אין עבר הירדן, און ער האָט קיינמאָל ניט פאַר דער דאָזיקער גאַנצער צייט ניט אין ירושלים געלעבט און ניט אין מצרים.

לויט אָבער ווי גרעץ שרייבט וועגן דאָזיקן ענין קומט אויס, אַז הורקנוס האָט ניט די אַלע יאָרן אין עבר הירדן פאַרבראַכט. לויט אים נאָך קומט אויס, אַז באַלד נאָכדעם ווי הורקנוס איז געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן ירושלים, האָט ער זיך אומגעקערט קיין אַלעקסאַנ־דריען און האָט זיך אויפגעהאַלטן אין קעניגלעכן הויף, און אין יאָר 208, דאָס יאָר ווען יוסף איז לויט דער באַהויפּטונג פון גרעץ גע־שטאָרבן, האָט ער זיך אומגעקערט קיין ירושלים און האָט דאָרטן אַ פּאָר יאָר פאַרבראַכט. נאָך יוספס טויט האָט זיך דער פּירוד לבבות אין זיין פאַמיליע נאָך מער פאַרגרעסערט. זיין אַמט האָט באַדאַרפט איבערגעגעבן ווערן צו איינעם פון זיינע זין. הורקנוס, אָבער, דער אינגסטער, זייענדיק דער איינציקער וואָס איז באַקאַנט געווען אין עגיפּטישן הויף און דער ליבלינג פון דעם קעניג, איז די פּרעפערענץ אָן צווייפל צו אים געגעבן געוואָרן. דאָס האָט נאָך מער צעפלאַקערט דעם האַס צו אים פון זיינע ברידער. זיי האָבן באַלד ביי זיין אָנקומען קיין ירושלים אַ פיינטלעכע שטעלונג צו אים גענומען, און היות הורקנוס אַליין האָט אויך אַ גרויסע צאָל פון אָנהענגער פאַרמאָגט האָט עס אויסגעזען, אַז עס וועט צו אַ בירגער־קריג אין לאַנד קומען. דאָס אַריינמישן זיך אָבער פון שמעון הצדיק אין דער דאָזיקער אָנגעלע־גענהייט האָט פאַרמידן די דאָזיקע געפאַר. ער האָט גענומען דעם צד פון די עלטערע ברידער, און הורקנוס איז ווידער אַמאָל גע־צוואונגען געוואָרן צו פאַרלאָזן ירושלים. אויב ער האָט די כוונה גע־האָט — שרייבט ווייטער גרעץ — פאַרצוברענגען זיין קריוודע אין אַלעקסאַנדריע, וואָס דאָס איז, וואַרשיינלעך, ווירקלעך, זיין כונה געווען, איז ער ענטוישט געוואָרן אין דעם, וואָרים ער האָט קיין פאַרהער ניט געקענט קריגן אין קעניגלעכן הויף, וואָרים זיין שיצער תלמי פילאָ־פּאַטאָר איז פונקט אין יענער צייט, אין יאָר 206 געשטאָרבן, און עגיפּטן איז די רויב פון אומאָרדנונג געוואָרן.

---

*) ווי דער לעזער וועט ווייטער זען, איז גאָר אינגאַנצן ניט נויטיק אָנצונעמען די באַהויפּטונג, אַז הורקנוס איז באַלד אַוועקגעגאַנגען אין עבר הירדן. עס זיינען דאָ אַלע גרינדע צו דענקען, אַז ער האָט זיך באַלד אומגעקערט צוריק קיין אַלעק־סאַנדריע.

## י״ח

# הורקנוס אין הויף פון תלמי עפיפאַנוס

דעם הלויס מיינונג וועגן דעם סדר אין דעם לויף פון די פּאַסירונגען, וועגן וועלכע עס ווערט גערעדט אין די לויפנדע קאַפּיטלען. — די אַרגומענטן, וואָס ער שטעלט אַרויס קעגן די מיינונגען פון גרעץ. — די מחלוקת צווישן די צוויי צדדים, וואָס האָבן זיך פאָרמירט צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אין ירושלים: צווישן דעם צד, וואָס האָט געהאַלטן מיט הורקנוסן, און דעם צד, וואָס האָט געהאַלטן מיט זיינע ברידער. — דער טויט פון יוסף בן טוביה.

הורקנוס — באַהויפּטעט גרעץ — איז געבליבן אין מצרים נאָכ־דעם, וואָס ער איז אַנטלאָפן אַהין פון ירושלים, און ווען דער יונגער קעניג האָט איבערגענומען די פירונג פון דער מלוכה אין זיינע הענט, איז הורקנוס אויך ביי אים אַ גרויסער חשוב געוואָרן, ווי ער איז ביי זיין פאָטער אין הויף געווען. און נאָכדעם, וואָס ער האָט ביי אים פאַרבראַכט אַ פּאָר יאָר אַלס איינער פון זיינע הויפליייט, האָט אים תלמי דער פינפטער, תלמי עפּאַפינוס, איבערגעגעבן די הערשאַפט איבער אַ געוויסן טייל טעריטאָריע אין עבר הירדן. די דאָזיקע הער־שאַפט האָט ער אָנגעהאַלטן פון דעם יאָר 181 ביז דעם יאָר 175.

דער הלוי אָבער, ווי איך האָב שוין געשריבן, פאַרוואַרפט די דאָזיקע באַהויפּטונגען פון גרעץ. ער גיט איבער די אַנטוויקלונג פון די פּאַסירונגען אין לעבן פון הורקנוס אויף פאָלגנדן אופן. באַלד, ווי ער, הורקנוס, האָט פאַרלאָזט ירושלים, האָט ער זיך געפונען די גאַנצע צייט אין עבר הירדן ביז דעם יאָר 187, ווען זיין פאָטער איז, ווי דער הלוי באַהויפּטעט, געשטאָרבן.*) דאַן איז ער געגאַנגען קיין ירושלים מיט דער האָפענונג איבערצונעמען די ראָלע, וואָס זיין פאָ־טער האָט געשפּילט אין אידישן לעבן דאָרטן. ער איז אָבער אויך דאַן קיין ירושלים ניט געקומען, וואָרים די ברידער זיינע זיינען אים געגאַנגען באַגעגענען, נאָך איידער ער איז אין ירושלים אַריינגעקומען

---

*) ווי מיר האָבן עס שוין באַוויזן איינמאָל, זיינען מיר כלל ניט געצוואונגען צו געבן יוספן אַזאַ לאַנגן אריכות ימים, ווי דער הלוי גיט אים. פאַרקערט, לויט ווי מיר האָבן איינגעטייטשט אָט יענע אַלע שטעלן אין יאָזעפוס, אויף וועלכע דער הלוי שטיצט זיך, איז צו זען, אַז דווקא די באַהויפּטונג פון גרעץ וועגן די יאָרן, אין וועלכע חוניו דער צווייטער און יוסף זיינען געשטאָרבן, איז די ריכטיקע.

און האָבן קעגן אים אַ מלחמה פאַרפירט. זיי האָבן אים פון ירושלים פאַרטריבן, און ער האָט זיך דאַן צוריק צום עבר הירדן אומגעקערט.

ער זאָגט, אַז די אורזאַכן, וואָס האָבן געצוואונגען גרעצן „אַרומ־צוטרייבן הורקנוסן פון מצרים קיין ירושלים און פון ירושלים קיין מצרים" זיינען קיין אורזאַכן ניט. גרעץ, זאָגט ער, מאַכט זיין באַ־הויפּטונג, אַז הורקנוס האָט זיך ניט געפונען די גאַנצע צייט אין עבר הירדן, אַז ער איז געוועזן אַ שטיק צייט נאָך זיין פאָטערס טויט אין ירושלים, וואָס דאָס גיט אים ווידער די מעגלעכקייט צו באַשטימען זיין אויפהאַלטונגס־פּלאַץ פריער און אַ שטיקל צייט שפּעטער אין מצרים, אויף דעם סמך, וואָס ער דרינגט עס אַרויס פון יאָזעפוס. יאָזעפוס, ווען ער רעדט וועגן דער פעסטונג, וואָס הורקנוס האָט אויס־געבויט און געוואוינט דאָרטן און פאַרשפּרייט זיין הערשאַפט איבער די איינוואוינער אין די אַרומיקע טעריטאָריעס, זאָגט, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אין משך פון די לעצטע זיבן יאָר פון סילייקוס ממשלה. קומט דאָך, אַלזאָ, אַרויס קלאָר, אַז פאַר די זיבן יאָר איז הורקנוס ניט געוועזן אין עבר הירדן. אמת, אַפילו, גיט צו גרעץ, פריער זאָגט יאָזעפוס, אַז הורקנוס האָט זיך באַזעצט אין עבר הירדן נאָך פאַר יוספס לעבן. מוז מען אָבער זאָגן אַז אין יענער שטעלע אין יאָזעפוס פעלן זאַצן. ווייטער, זאָגט גרעץ, קומט אויך אַרויס קלאָר פון יאָזע־פוס, אַז הורקנוס איז געווען אין ירושלים נאָך זיין פאָטערס טויט. ווארים יאָזעפוס זאָגט, אַז נאָך זיין פאָטערס טויט זיינען צוליב אים פאָרגעקומען מחלוקת גרויסע אין ירושלים צווישן די זיך קעמפנדע צדדים. און די דאָזיקע צוויי באַהויפּטונגען זיינע, וואָס זיינען באַזירט אויף די רייד פון יאָזעפוס, גיבן אים די מעגלעכקייט, ער זאָל אויך קענען מאַכן די באַהויפּטונג זיינע וועגן דעם אויפהאַלטן זיך פון הורקנוס אין מצרים.

זאָגט דערויף דער הלוי, אַז דאָס וואָס יאָזעפוס זאָגט אין איין שטעלע, אַז הורקנוס האָט געהערשט זיבן יאָר אין עבר הירדן, די לעצטע זיבן יאָר פון סילייקוס הערשטן אין אַזיען, איז געזאָגט געוואָרן אויף דער צייט נאָכדעם, וואָס הורקנוס איז פאַרשטויסן געוואָרן פון ירושלים אַ צווייטן מאָל, נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער, דורך זיינע ברידער, ה׳אָס די הנהגה איז געבליבן אין זייערע הענט, מיט דער הילף פון שמעון דעם צווייטן. וואָרים נאָר וועגן דעם ווערט דאָרטן גערעדט. ער רעדט ניט וועגן זיין אויפהאַלטן זיך בכלל אין עבר הירדן. וואָס אַמבאַלאַנגט בכלל זיין אויפהאַלטן זיך אין עבר הירדן,

האָט ער זיך דאָרטן אויפגעהאַלטן די גאַנצע צייט זינט ער איז צום ערשטן מאָל פאַרטריבן געוואָרן פון ירושלים דורך זיינע ברידער, ווי יאָזעפוס זאָגט עס קלאָר — קלאָר לויט דעם הלוי — אין דער צווייטער שטעלע. „ווארים צום ערשטן האָט ער זיך נאָך ביים לעבן פון זיין פאָטער באַזעצט אין עבר הירדן. דאַן האָט ער נאָך קיין פעסטונגען פאַר זיך ניט געבויט און ער האָט נאָך ניט געמאַכט דאַן דעם עבר הירדן פאַר זיין שטענדיקן וואוינונגס־פּלאַץ. ווארים ער האָט געהאָפט, אַז ווען זיין פאָטער וועט שטאַרבן וועט ער באַזיגן זיינע ברידער און די הנהגה וועט צו אים איבערגיין.

און וואָס אָמבאַלאַנגט דער באַהויפּטונג, אַז מען מוז זאָגן, אַז הורקנוס איז געוועזן אין ירושלים נאָך זיין פאָטערס טויט, זאָגט ער, אַז, פאַרקערט, יאָזעפוס זאָגט דייטלעך, אַז זיינע ברידער זיינען אַרויס־געגאַנגען למלחמה אַנטקעגן אים, ניט צו לאָזן אים אַריינקומען קיין ירושלים, און די מחלוקות וואָס זיינען אָנגעגאַנגען דאָרטן אַ שטיק צייט, זיינען פאָרגעקומען צווישן זיינע פריינד און די אָנהענ־גער פון זיין ברידער. „וואָרים נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער ווען ער האָט זיך געלאָזט מיט זיינע מענטשן קיין ירושלים, האָבן אים זיינע ברידער מיט מלחמה באַגעגנט און שמעון דער צווייטער האָט מכריע געוועזן לטובת זיינע ברידער. דעמאָלט האָט ער זיך מייאש געווען פון ירושלים און זיך באַזעצט שוין בקביעות אין עבר הירדן און אויסגעבויט פאַר זיך פּאַלאַצן און פעסטונגען.

און אַזוי אַרום איז פאַרענטפערט די סתירה אין די רייד פון יאָ־זעפוס. פריער רעדט ער פון זיין אויפהאַלטן זיך דאָרטן בכלל. און נאָכדעם רעדט ער פון זיין אויפהאַלטן זיך דאָרטן נאָכדעם, וואָס ער האָט זיך שוין אינגאַנצן מייאש געווען פון ירושלים און האָט זיך דאָרטן שוין אויף שטענדיק באַזעצט.

נון, איז וואָס אָמבאַלאַנגט דער דאָזיקער באַהויפּטונג פון הלוי, אַז הורקנוס איז ניט אַריינגעקומען קיין ירושלים נאָך זיין פאָטערס טויט, ווארים יאָזעפוס זאָגט דייטלעך, אַז זיינע ברידער זיינען אַרויס־געגאַנגען למלחמה אַנטקעגן אים, ניט צו לאָזן אים אַריינקומען קיין ירושלים, ווייזט זיך אַרויס, אַז ביי יאָזעפוס ווערט דאָס אַלעס ניט נאָר דייטלעך, נאָר אויך אומדייטלעך אפילו ניט געזאָגט. אין אַלעם דעם, וואָס געפינט זיך ביי יאָזעפוס וועגן דאָזיקן ענין, איז גאָר ניטאָ אַזוינס, וואָס זאָל אויף וויפיל עס איז כאָטש באַשטעטיקן די באַהויפּטונג פון הלוי.

י"ט

# די צאָל יאָרן, וואָס הורקנוס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין עבר הירדן

יאָזעפוס ספור המעשה וועגן דעם קאַמף צווישן הורקנוס און זיינע ברידער וועגן דעם, צו וועמען פון זיי עס זאָל די פירערשאַפט איבערן פאָלק איבערגיין. — ווי אַזוי מען באַדאַרף פאַרשטיין געוויסע שטעלן אין יאָזעפוס אין צוזאַמענ־האַנג מיט די געשעענישן פון יענער צייט. — וואָס מען באַדאַרף געדענקען, ווען מען שטודירט יאָזעפוסן.

די שטעלע אין יאָזעפוס, אין וועלכער עס רעדט זיך וועגן דעם קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן הורקנוס און זיינע ברידער נאָך זייער פאָטערס טויט, וועגן דעם, צו וועמען עס זאָל איבערגיין די הנהגה איבער דעם פאָלק, לייענט זיך ווי פאָלגט: „נאָך דעם טויט פון יוספן אָבער איז דאָס פאָלק געוואָרן אויפגעשטורעמט צוליב זיינע זין, וואָרים, ווען די עלטערע האָבן געמאַכט מלחמה קעגן הורקנוס, וועלכער איז געווען דער אינגסטער פון יוספס זין, איז דער המון געוואָרן צעטיילט. דער גרעסטער טייל אָבער האָט זיך פאַראייניקט מיט די עלטערע אין דער דאָזיקער מלחמה; ווי עס האָט געטאָן שמעון דער כהן גדול צוליב דער אורזאַכע, וואָס ער איז פאַרוואַנדעט געווען מיט זיי. פונדעסטוועגן האָט הורקנוס באַשלאָסן ניט אומצוקערן זיך קיין ירושלים מער, נאָר ער האָט זיך באַזעצט הינטער דעם ירדן און איז געווען אין שטענדיקער מלחמה מיט די אַראַבער און געהרגעט פילע פון זיי און אַ סך פון זיי גענומען געפאַנגען". אין דעם אַלעם ציטירטן שטייט כלל ניט, אַז הורקנוס ברידער זיינען אים אַרויס־געגאַנגען אַנטקעגן. אַז זיי האָבן אויסער די טויערן פון ירושלים זייער קאַמף מיט אים אָנגעפירט. אמת, עס שטייט דאָרטן אויך ניט בפירוש, אַז הורקנוס איז געקומען קיין ירושלים נאָך זיין פאָטערס טויט. ווי באַלד אָבער עס שטייט שוין דאָרטן ניט דייטלעך, אַז ער איז ניט געווען אין ירושלים, דאַרף עס שוין פון זיך אַליין פאַרשטאַנען ווערן, אַז ער איז דאָרטן יאָ געווען, ווי באַלד עס ווערט דאָרטן דער־ציילט וועגן אַ קאַמף, וואָס איז דאָרטן צוליב אים אָנגעגאַנגען, וועגן

אַ קאַמף, וואָס איז צווישן אים און זיינע ברידער פאָרגעקומען. אַלנ־פאַלס ווערט אָבער דאָרט, ווירקלעך לאו בפירוש און לאו מכללא איתמר, אַז ער איז ניט געווען אין ירושלים. דער גאַנצער ענין, וואָס מיר האָבן געבראַכט, קען גאַנץ גוט פאַרשטאַנען ווערן אויף פאָל־גענדן אופן: נאָך יוספס טויט איז הורקנוס געקומען קיין ירושלים. איז דאַן אַנטשטאַנען אַ מחלוקת אין שטאָט און הורקנוס איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן ירושלים, באַשליסנדיק דאַן, אַז ער זאָל זיך שוין מער ניט צוריקקערן אַהין.

און דאָס אַלעס איז, ווען מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אַז באַלד, ווי הורקנוס איז פאַרטריבן געוואָרן צום ערשטן מאָל פון ירושלים איז ער אין עבר הירדן אַוועקגעגאַנגען.

אין אמתן אָבער זיינען מיר כלל ניט געצוואונגען דאָס צו טאָן. פון דער שטעלע אין יאָזעפוס, וואָס אפילו לויט דער מיינונג פון גרעץ אַליין, געפינט זיך דאָרטן אַ סתירה צו זיין באַהויפּטונג, אַז הורקנוס האָט זיך פילע יאָרן אויפגעהאַלטן אויך אין מצרים, איז אין אמתן כלל ניט געדרונגען דאָס, וואָס דער הלוי וויל אויסדרינגען. מען באַדאַרף די שטעלע נעמען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ערשטן פּסוק פון קומענדיקן פּאַראַגראַף. צוזאַמען וועלן זיי זיך אַזוי לייענען: „אָבער ווען הורקנוס איז געקומען צו דער שטאָט, וואו קיינער האָט אים ניט געוואָלט אויפנעמען, האָט ער מורא געהאַט פאַר זיך און ער האָט זיך צוריקגעצויגן הינטער דעם טייך ירדן און דאָרטן זיך באַ־זעצט; אָבער ער האָט געצוואונגען די באַרבאַרן צו צאָלן זייערע שטייערן".

„אין דער צייט האָט סילייקוס, וועלכער איז גערופן געוואָרן סאטער, רעגירט איבער סיריען, זייענדיק אַ זון פון אַנטיוכוס דעם גרויסן". אָט דער לעצטער פּאַראַגראַף דערקלערט דעם ערשטן. יאָ־זעפוס זאָגט, אַז דאָס, וואָס ער האָט ערשט געזאָגט, אַז הורקנוס האָט זיך באַזעצט אין עבר הירדן און געצוואונגען די באַרבאַרן צאָלן שטייערן איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון סילייקוס, ווי ער דער־ציילט וועגן דעם מער אויספירלעכער מיט אַלע פּרטים אין אַ שפּעטערן פּאַראַגראַף, וואו עס קומט אים אויס וועגן דאָזיקן ענין שוין ניט בדרך אגב נאָר לשם עיקרו של דבר צו ריידן. אויף אַזאַ אופן זיינען ביידע שטעלן, אי די ערשטע שטעלע, וואָס דער הלוי באַהויפּטעט און אַפילו גרעץ דענקט, אַז זי באַווייזט, אַז הורקנוס האָט די גאַנצע צייט אין עבר הירדן פאַרבראַכט און די צווייטע שטעלע, אין וועלכער

עס רעדט זיך וועגן די זיבן יאָר, וואָס הורקנוס האָט געהערשט איבער דעם עבר הירדן — היינו הך, מער ניט פריער רעדט ער בדרך כלל וועגן דעם גאַנצן ענין און נאָכדעם רעדט ער וועגן אים בדרך פרט.

מיר זיינען כלל ניט געצוואונגען צו זאָגן, אַז ער האָט באַלד געלאָזט זיך אין עבר הרדן צוליב דעם, וואָס יאָזעפוס זאָגט: „באַר ווען ער איז געקומען אין שטאָט, וואו קיינער האָט אים ניט געוואָלט אויפנעמען, האָט ער מורא געהאַט, פאַר זיך און ער האָט זיך צוריקגעצויגן אין עבר הירדן". די נעקסטע שטעלע ווייזט אונדז, אַז מיר דאַרפן דאָ קיין סמוכין ניט מדייק זיין. אַז מיר דאַרפן אויסטייטשן די ערשטע שטעלע אין דעם זין, אַז יאָזעפוס פאַרבינדט דאָס פאַרלאָזן ירושלים פון הורקנוס מיט דעם סופה של השתלשלות הסבות פון זיין פאַרלאָזן ירושלים, צוליב דער וויכטיקייט פון דער דאָזיקער פאַזע אין זיין ווייטערדיקן לעבנסגאַנג, דורכלאָזנדיק די אַלע ביז איר ציענדע זיך אומוויכטיקע פונקטן. אַזוינע סמוכין אָפּנייגונגען געפינען מיר פילע ביי יאָזעפוס.

און מיר באַדאַרפן אויך קיין שוועריקייט ניט זען אין דעם, וואָס אונדז קומט אויס צו פאַרבינדן אַן אָנהייב פון אַ נייעם פאַראַגראַף מיט דער ענדע פון אַ פריערדיקן. וואָס אַמבאַלאַנגט דעם ענין פון חבור העניינים וקשורם איז אָפּטמאָל „אין סדר למשנתו" של יאָזעפוס. און מיר מוזן אָפּטמאָל מיט דעם ענין פון „סרס את הפאַראַגראַפים והבינם" און מיט דעם ענין פון „אין מקודם ומאוחר" בפרשיותיו זיך באַנוצן. ווען מיר שטודירן יאָזעפוס, דאַרפן מיר אָפּטמאָל דעם אָנהויב פון אַ פאַראַגראַף מיט דער ענדע פון אַ פריערדיקן פאַרבינדן אָדער ציען אַ פאָדים פון אַ מיטן פון אַ פריערדיקן קאַפּיטל מיט דעם מיטן אָדער מיט דעם אָנהויב אָדער מיט דעם סוף פון אַן אַנדער קאַפּיטל. און אַז מיר ווייסן דאָס, האָבן מיר דאַן די מעגלעכקייט פון אַ סך פאַרפּלאָנטערטע ענינים זיך אויסצופּלאָנטערן, אַ סך אויגנ־שיינלעכע סתירות און קשיות צו פאַרענטפערן.

כ

# הורקנוס אין ירושלים

די מלחמות פון אנטיוכוס דעם גרויסן קעגן די תלמעער. — די ענדערונגען, וואָס זיינען געקומען אין די באַציאונגען פון דער גרעסטער מערהייט פון דער אידישער באַפעלקערונג צו די עגיפּטישע הערשער. — די שווערע שטראָף, וואָס סקאָפּאַס, דער קאָמאַנדיר פון דעם געדונגענעם עגיפּטישן חיל, האָט אַרויפגעלייגט אויף דער אידישער באַפעלקערונג אין ירושלים פאַר דער הילף, וואָס די בני טוביה מיט דער גרופּע, וואָס האָבן געהאַלטן מיט זיי, האָבן אנטיוכוס געגעבן.

פון זינט אָן הורקנוס האָט צום ערשטן מאָל פאַרלאָזן ירושלים האָט ער, ווי מיר האָבן שוין געשריבן, פאַרבראַכט אַרום צוואַנציק יאָר — דעם גרעסטן טייל פון זיי אין אַלעקסאַנדריען און דעם קלענערן טייל אין ירושלים. לויט גרעץ, ווי מיר האָבן זיין מיינונג געבראַכט אין פאָריקן קאַפּיטל, האָט ער אין יאָר 206 פאַר דער נייער צייט־רעכענונג פאַרלאָזן ירושלים און באַזעצט זיך שוין אויף שטענדיק אין אַלעקסאַנדריען ביז דעם יאָר 181, וואָס דאַן האָט ער זיך באַזעצט הינטער דעם ירדן, לויט גרעץ. וואַרשיינלעך אָבער האָט ער זיך געפונען אין ירושלים נאָך שפּעטער, ווי אין יאָר 206. מען באַדאַרף אויך דענקען, אַז ער איז אַ פאָר יאָר אויך דער „חוכר המסים" פון יהודה געווען. נאָך זיין פאָטערס טויט, האָט אים, ווי עס דאַרף אָנגענומען ווערן תלמי דער פערטער, תלמי פילאָפּאַטאָר, ביי וועלכן הורקנוס איז גאָר אַ גרויסער חשוב געווען, איבערגעגעבן די אַרענדע פון די שטייערן, וועלכע האָט זיך פריער געפונען ביי יוספן אין די הענט, און ער האָט אַ פאָר יאָר דעם דאָזיקן אַמט געהאַלטן ביז דער דאָזיקער אַמט אין דער פאָרם אין וועלכער ער האָט עקזיסטירט פאַר דער צייט פון תלמי דעם דריטן און תלמי דעם פערטן איז בטל געוואָרן דורך די מלחמות פון אַנטיוכוס דעם גרויסן קעגן מצרים. פון דעם יאָר 208, ווען יוסף בן טוביה איז געשטאָרבן ביז אַרום דעם יאָר 198 — אָדער ביז פריער נאָך מיט איניקע יאָר, ווען די מלחמות צווישן אַנטיוכוס און די תלמעער זיינען נאָך אָנגעגאַנגען — ווען

אַנטיוכוס האָט זיין ענדגילטיקן זיג געהאַט איבער עגיפּטן און צוגע־נומען ביי איר ארץ ישראל און די אַלע אַנדערע פּראָווינצן פון נידער סיריען, האָט זיך הורקנוס, דאַרף מען דענקען, געפונען אין ירושלים און האָט די הנהגה איבער דעם פאָלק געהאַט אויך נאָכדעם, ווען ער האָט זיך שוין מער ניט אין קיין אַמט פון חוכר המסים געפונען. אמת ער האָט אַלס מנהיג אַ גרויסע אָפּאָזיציע געהאַט. די ברידער זיינע זיינען אים שונאים אויפן לעבן געווען און אַרום זיי האָט זיך אויך אַ קליינע גרופּע פון דער העכערער געזעלשאַפט אין יהודה קאָנ־צענטרירט וועלכע האָבן זיי געהאָלפן אין זייער ביטערן קאַמף, וואָס זיי האָבן קעגן הורקנוס אָנגעפירט. דער רוב מנין און רוב בנין אָבער פון פאָלק איז געווען מיט הורקנוסן. זייערע סימפּאַטיען זיינען מיט דעם אינגסטן פון יוספס זין געווען. ער איז דאָך אַזויפיל פעאיקער, באַגאַבטער פון אַלע זיינע ברידער געווען. זיי האָבן אים אויך מער אַלס זייערן געקענט באַטראַכטן, ווי די ברידער זיינע. ער איז מער שומר תורה געווען, ווי די ברידער זיינע, וועלכע האָבן זיך צווישן די עקסטרעמע מתייוונים געציילט. דערצו נאָך איז אויך זיין פּאָליטישע אָריענטאַציע צו גונסטן פון עגיפּטן מער אין אָנקלאַנג געווען מיט זייערע אַנשויאונגען מיט זייערע סימפּאַטיען, ביי אַלעם דעם, וואָס עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ געוויסע מאָס פון אומצופרידנקייט מיט דער הערשאַפט פון די תלמעער, אַ געוויסע פאַרביטערטקייט קעגן זיי אין געוויסע פאָלקס קרייזן צוליב דער לאַסט פון די פּאַר זיי — פּאַר די תלמעער — אויפגעמאָנטע שטייערן פון יהודה, וועלכע זיינען זינט זיי זיינען צו יוסף בן טוביה איבערגעגאַנגען אין אַרענדע פיל מער, ווי פריער שווער געפאַלן בעטיו פון דעם לעצטן טאַקע, אויף דער אידישער באַפעלקערונג, ווי די פּאָליטישע אָריענטאַציע פון הורקנוס ברידער און דער גרופּע אַריסטאָקראַטן, וואָס זיינען גע־גאַנגען האַנט אין האַנט מיט זיי — צום גונסטן פון די סעלייקידן.

הורקנוס האָט, וואַרשיינלעך, פאַרלאָזט ירושלים, ווען אַנטיוכוס דער גרויסער האָט זיין פולשטענדיקן זיג אָפּגעהאַלטן איבער עגיפּטן און עס איז דאַן אויך קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען אַז די אַלע פּראָ־ווינצן אין סיריען, וואָס ער האָט אַוועקגענומען ביי עגיפּטן, וועלן זיך שוין מער צו איר ניט אומקערן. עס איז דאַן פאַר אים אוממעגלעך געוואָרן צו בלייבן אין ירושלים. ער האָט איצט ניט געהאַט אויף וועמען צו שטיצן זיך. די אַנטוויקלונג פון דער פּאָליטישער לאַגע אין יהודה האָט געבראַכט דערצו, אַז די פריערדיקע פריינד זיינע האָבן

געמוזט ווערן זיינע געגנער, ניט אין דעם זין, נאַטירלעך, זיי זאָלן אים האַסן זיי זאָלן אים פאַראַכטן, דאָך אָבער אין דעם זין, זיי זאָלן אים ניט אָלס זייער פאָלקס־פירער ווענן האָבן. די אכזריותדיקע שטראָף מיט וועלכער סקאָפּאַס, דער קאָמאַנדיר פון דעם געדונגענעם חיל פון עגיפּטן האָט באַשטראָפט די ירושלימער באַפעלקערונג נאָך דעם זיג פון אַנטיוכוס אין די יאָרן 202־203 דערפאַר, וואָס די גרופּע פון די בני טוביה האָבן — קעגן דעם ווילן פון פאָלק — אויפגעעפנט די טויערן פון ירושלים פאַר אַנטיוכוס, האָט גרויס פאַרביטערונג אַרויסגערופן צו עגיפּטן אין די הערצער פון דער אידישער באַפעל־קערונג אין יהודה. און אָט דאָס געפיל פון פאַרביטערונג קעגן עגיפּטן צוזאַמען מיט דער איבערצייגונג, צו וועלכער זיי זיינען דערוויל מיט דעם לויף פון דער צייט געקומען, אַז דאָס לעצטע וואָרט פון זיג וועט מוזן דאָך צו אַנטיוכוס דעם גרויסן געהערן, ניט צו עגיפּטן, האָט זיי געבראַכט דערצו, זיי זאָלן ענדערן זייער פּאָליטישע אָריענטאַציע — פאַר אַנטיוכוס דעם גרויסן אַנשטאָט וואָס זי איז ביז איצט געווען פאַר עגיפּטן. און אָטאַזוי האָט דאָס גאַנצע פאָלק מיט אָפענע אָרימס אַנטיוכוסן אויפגענומען, ווען ער איז צום צווייטן מאָל געקומען באַלאַגערן ירושלים.

עס איז דעריבער קלאָר, אַז ביי דער דאָזיקער שטימונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ירושלים, ביי די דאָזיקע פּאָליטישע באַ־ציאונגען זייערע צו די צוויי זיך באַקעמפנדע מלוכות האָט קיין רעדע ניט געקענט זיין, אַז די מער ערלעכע אָנהענגער פון הורקנוס, אָט יענע אַלע, וואָס האָבן ראשית כל אין אַכט גענומען די אינטערעסן פון אידישן פאָלק, זאָלן שטיצן דעם פאַרזוך — ווען מיר זאָלן אַפילו אָננעמען, אַז הורקנוס האָטווירקלעך אַזאַ פאַרזוך געמאַכט — פון הורקנוס אָנצוהאַלטן אָדער דערוואַרבן די פּירערשאַפט איבער דעם אידישן פאָלק. מיט דעם פאַלן פון דער מאַכט פון זיין פּאַטראָן דעם עגיפּטישן קעניגלעכן הויף האָט געמוזט אויך זיין מאַכט פאַלן, האָבן געמוזט זיינעאַמביציעס אַ פאָלקס־פירער צו זיין אויפגעגעבן ווערן. זיינע אָנהענגער האָבן זיך געמוזט אָפּטרייסלען פון אים. זיי האָבן זיך געמוזט אָפּזאָגן פון צו קעמפן, אַז ער זאָל די פירערשאַפט איבער דעם פאָלק האָבן, ווייל הורקנוס איז צופיל אינטימער פריינד מיט תלמין געווען, צופיל אייגענער מענטש זיינער געווען, זיי זאָלן געווען קענען גאַראַנטירן אַנטיוכסן לאָיאַליטעט צו אים מצד הורקנוסן, זיי זאָלן געווען קענען דענקען, אַז אַנטיוכוס זאָל פּאָזיטיוו רעאַגירן אויף אַזאַ

פאַרזיכערונג. עס האָט געמוזט זיין פאַר זיי קלאָר, אַז אַנטיוכוס וועט ניט דולדן די פירערשאַפט פון הורקנוס, אַז ווען דער לעצטער וואָלט זיך מיט דער גרעסטער אויפריכטיקייט אַפילו באַקערט צו אים, וואָלט ער, אַנטיוכוס, אַלץ נאָך מיט אומצוטרוי געמוזט זיך באַציען צו אים, וואָלט ער דאָס גענצלעכע באַזייטיקן פון הורקנוסן אַלס אידישער מנהיג אַלס דאָס בעסטע, וואָס קען געטאָן ווערן פאַר זיינע — פון אַנטיוכוס — אינטערעסן באַטראַכטן.

וואַרשיינלעך אָבער האָט אויך ער — הורקנוס — אַליין גאָר ניט געוואָלט, עס זאָל געקעמפט ווערן פאַר זיין אָנהאַלטן די פּאָזיציע, וואָס ער האָט פאַרנומען, אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך איבער־צייגט, אַז דער זיג פון אַנטיוכוס איבער תלמין איז געזיכערט. מען באַדאַרף דענקען, אַז ער האָט אָן שום ווידערשטאַנד פאַרלאָזן די פּאָזיציע, וואָס ער האָט פאַרנומען, אַז ער האָט קיין שום ווידערשטאַנד ניט געמאַכט צו באַקעמפן דעם אורטייל פון שיקזאַל. ער איז צופיל בראַוו, ערלעך געווען, מיר זאָלן קענען דערלאָזן, אַז ער האָט געקענט די ראָלע פון אַ חוזר בתשובה כלפּי אַנטיוכוס שפּילן, אַז ער האָט זיך געקענט דערקלערן אין לאָיאַליטעט צו אים, אַז ער האָט געקענט זוכן דאָס בלייבן אין דער קאַריערע זיינער דורך אָפּזאָגן זיך פון זיין פריינדשאַפט צו תלמין.

און ווען אַפילו מיר זאָלן אָננעמען, אַז ער האָט געקענט אויף דעם אַלעם פעאיק זיין, איז ער צופיל קלוג געווען, אויך ער אַליין זאָל געווען קענען גלויבן, אַז אַנטיוכוס וועט זיך לאָזן באַאיינפלוסן פון דעם אַלעם. וואַרשיינלעך, האָט ער די מפּלה פון זיינע באַשיצער אויך אַלס זיין אייגענע מפּלה באַטראַכט און ער האָט זיך אונטער דעם רוע גזר הגורל אונטערגעוואָרפן, ניט זוכנדיק כלל זיינע פריינד און אָנ־הענגער אַרום זיך צו קאָנצענטרירן אין אַ קאַמף פאַר זיין פירער־שאַפט. ער איז צופיל אידישער פאַטריאָט געווען, ער זאָל געוועזן קענען פועלן ביי זיך צו זיין דער גורם פון אומענדלעכע מחלקות אין אידישן פאָלק, וועלכע וואָלטן סיי ווי בשום אופן זיינע האָפענונגען ניט געקענט בויען.

כ"א

# הורקנוס אין עבר הירדן

נאָך דעם זיג פון אנטיוכוס באַזעצט זיך הורקנוס אין אַלעקסאַנדריע. — אויף די האָפענונגען פון די עגיפּטישע הערשער, זיי זאָלן צוריק ארץ ישראל פון אנטיוכוס אָפּנעמען, בויט ער אויך זיינע האָפענונגען, ער זאָל דער פירער פון אידישן פאָלק ווערן. — גאָר גיך זיינען אָבער די דאָזיקע האָפענונגען זיינע אויסגעלאָשן געוואָרן. — ער באַזעצט זיך אין עבר הירדן, ער זאָל דאָרטן זיינע אַמביציעס צו זיין אַ הערשער רעאַליזירן. — די שילדערונג פון יאָזעפוס פון דעם פּאַלאַץ, וואָס הורקנוס האָט אויסגעבויט פאַר זיך און די שטאַרקע שמירה אַרום אים, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרזאָרגט.

נאָכדעם וואָס אַנטיוכוס דער גרויסער האָט צוגענומען אין אָנהויב פון צווייטן יאָרהונדערט ארץ ישראל ביי עגיפּטן אָדער אין דער צייט נאָך, ווען די מלחמות זיינען אָנגעגאַנגען, דאָס הייסט, פריער נאָך מיט אַזוינע פיר יאָר, האָט הורקנוס, אַלזאָ, פאַרלאָזן ירושלים און איז געקומען קיין אַלעקסאַנדריע. ער האָט דאָן באַשלאָסן, ווי יאָזעפוס שרייבט, שוין זיך ניט צוריקקערן מער קיין ירושלים. און אויף וויפיל די דאָזיקע באַהויפּטונג מיינט צו זאָגן, אַז הורקנוס האָט ניט געזוכט צו קומען צו מאַכט אַלס אידישער פירער דורך קאַמף און מחלוקת, דורך גורם זיין אַנטאַגאָניסטישע באַוועגונגען אין אידישן לעבן, איז זי אינגאַנצן ריכטיק. ער האָט אָבער דאָך ניט אויפגעגעבן אינגאַנצן זיין האָפענונג צו זיין פריערדיקער גדולה זיך אומקערן. ער האָט געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועלן מער גינסטיקע פאַר אים אומשטענדן קומען, וואָס וועלן אים צו זיין פריעריקער הויכער פּאָזיציע אין לעבן דערהויבן, און, ווי מיר וועלן שפּעטער דערפון ריידן, האָט ער לויט אַנדערע אויך די אַמביציע פאַראַמאָגט, ער זאָל אויך אַ מלך איבער דעם אידישן פאָלק ווערן.

עס האָט באַדאַרפט נעמען אַ לענגערע צייט ביז אין די אָנפירנדע קרייזן פון עגיפּטן זאָל מען קומען צו דער איבערצייגונג, אַז די אַלע אָוועקגענומענע פון איר פּראָווינצן דורך אַנטיוכוס דעם גרויסן וועלן זיך שוין צו איר מער ניט אומקערן, אַז זי וועט שוין קיינמאָל צו זיך ניט קומען פון די קלעפּ, וואָס זי האָט געכאַפּט פון לעצטן, אַז די מלוכה פון די תלמעער וועט שוין אויף שטענדיק בלייבן אַ פיל שוואַ־

כערע, אַ פיל קלענערע פון דער מלוכה פון די סעלייקעער, אַז זיי האָבן קיין מעגלעכקייט ניט אַ מלחמה צו פאַרפירן אַנטקעגן די לעצטע מיט אויסזיכטן אויף צו באַזיגן זיי. און כל זמן דאָס איז ניט געשען, האָט אויך הורקנוס זיינע האָפענונגען מיט די אַלגעמיינע האָפענונגען פון די תלמעער פאַראייניקט. ער האָט זיך דעריבער פילע יאָרן אויפ־געהאַלטן אין אַלעקסאַנדריע, וואַרטנדיק אויף אַ גינסטיקן מאָמענט, וואָס זאָל אים זיין פאַרלאָרן גליק צוריקברענגען.

נאָכדעם אָבער, וואָס ער האָט זיך איבערצייגט, אַז עס זיינען שוין פאַר אים קיינע האָפענונגען ניט געבליבן צו קענען באַפרידיקן די אַמביציעס זיינע צו זיין אַ אידישער מנהיג אין יהודה, האָט ער אויך אַלעקסאַנדריע פאַרלאָזט. ער האָט געזוכט צו באַפרידיקן די אַמביציע זיינע אַ הערשער צו זיין שוין אויף אַן אַנדער וועג. תלמי דער פינפטער, תלמי עפּיפאַנוס, האָט אים אַ שטיק פון זיינע טערי־טאָריעס אין עבר הירדן אָוועקגעגעבן. די דאָזיקע טעריטאָריע אין עבר הירדן איז אונטער זיין השגחה געשטעלט געוואָרן, ער איז איבער איר דער פולער הערשער געוואָרן. דער קעניג האָט אים אויך מיט באַוואָפנט חיל פאַרזאָרגט, דורך וועלכן ער זאָל קענען זיין מאַכט אויסאיבן אין דער פּראָווינץ, איבער וועלכער ער האָט געהערשט. אַ גרויסע הילף צו פאַרשטאַרקן זיין מאַכט אַלס הערשער איבער דער פּראָווינץ, וועלכע איז אין זיין רשות געשטעלט געוואָרן, האָט ער אויך געפונען אין די אידישע איינוואוינער פון יענער פּראָווינץ. די אידישע באַפעלקערונג האָט, נאַטירלעך, געמוזט זייער צופרידן זיין פון דעם, וואָס די טעריטאָריע איז אונטער דעם קאָנטראָל פון אַ אידישן הערשער געשטעלט געוואָרן און זיי האָבן אַלעס מעגלעכעס פון זייער זייט געטאָן זיין הערשאַפט איבער דער פּראָווינץ צו פאַר־פעסטיקן. מיט זייער הילף האָט ער געקענט צינזן און קאָנטריבוציעס אויפמאָנען פון די אַראַבער אָדער נבואנער, פון די פּראָווינצן חשבון און מדהבה און ער האָט אַזוי אַרום פיל רייכטום זיך פאַרשאַפט. און פיל פון דעם רייכטום, וואָס ער האָט דערוואָרבן, האָט ער געהאַלטן ביי זיך. אַ גרויסן טייל אָבער פון דעם גרויסן רייכטום, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין די פון אים באַהערשטע טעריטאָריעס פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט געהערשט איבער זיי, פלעגט ער איבער־שיקן קיין ירושלים צום כהן גדול חוניו דעם דריטן, עס זאָל דאָרטן געהאַלטן ווערן לפקדון אין די אוצרות פון בית המקדש. און אַזוי אַרום האָט זיך מיט דער צייט אויך דאָרטן פיל גאָלד פאַר אים אָנגעזאַמלט.

ער איז געווען — שרייבט יאָזעפוס, ווען ער דערציילט ווי אַזוי הורקנוס האָט פאַרבראַכט אין זיין טעריטאָריע הינטער דעם ירדן צווישן אַראַביען און יהודה — אין שטענדיקער מלחמה מיט די אַראַבער און האָט אַ סך פון זיי אויסגעהרגעט און פילע פון זיי האָט ער גענומען געפאַנגען. ער האָט אויך אויפגעשטעלט אַ וואונדערבאַרן שלאָס, געבויט אינגאַנצן ביזן סאַמע דאַך פון ווייסן מאַרמערשטיין אויף אַ פעלז נעבן חשבון. דער דאַזיקער שלאָס איז באַצירט געווען מיט אויסגעהאַקטע אויף אים פאַרשידענע בעלי חיים פון פאַרנעמען גרויס.

דער דאָזיקער שלאָס האָט דאָס אויג פאַרנומען מיט זיין וואונדערלעכער שיינקייט. ער האָט אָבער אויך די אַלע אייגנשאַפטן פון אַ פעסטונג פאַרמאָגט. וואָרים הורקנוס האָט אים טאַקע אויסגעבויט ניט נאָר מיט דעם צוועק, ער זאָל אים אַלס שיינער פּאַלאַץ צום וואוינען דינען, נאָר אויך אַלס פעסטונג, אין וועלכער ער זאָל זיין געשיצט פון אַן אָנפאַל זיך פילן.

ער האָט געצויגן — שרייבט יאָזעפוס — אַרום דעם שלאָס אַ גרויסן און טיפן קאַנאַל פון וואַסער. און ער האָט אויך אַ גרויסע קוואַנטיטעט פון וואַסער אין שלאָס אַריינגעבראַכט און איינגעאָרדנט דאָרטן פילע פאָנטאַנען שיינע, וועלכע האָבן צוגעגעבן פיל פראַכט און גלאַנץ דעם הויף, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען פילע שיינע, גרויסע און ברייטע צימערן צום עסן און צום שלאָפן און צום פאַרברענגען. און דער גאַנצער פעלז איז געווען דורכגעהאַקט מיט פילע באַהאַלטענע דורכגאַנגען און היילן צום באַהאַלטן זיך, און דעם אַריינגאַנג אין זיי האָט ער אַזוי שמאָל געמאַכט, אַז מער ווי איין מענטש האָט דורך זיי ניט געקענט דורכגיין.

כ״ב

# הורקנוס מורא פאַר דער נקמה פון זיינע ברידער

די אורזאַכן, וואָס יאָזעפוס גיט אָן, פאַרוואָס הורקנוס האָט זיך מיט אַ גאַר שטאַרקער שמירה פאַרזאָרגט. — אויך דאָרטן האָט ער אין גרויס שרעק געלעבט פאַר דער נקמה פון זיינע ברידער. — די רעשטלעך פון זיין פּאַלאַץ, וואָס מען האָט מיט איבער אַ האַלב יאָרהונדערט צוריק געפונען. — רענאַנס מיינונג, אַז הורקנוס האָט ניט באַלאַנגט צום קלאַס פון פרומע, ערלעכע אידן. — די פאַלשע ראיות, וואָס ער ברענגט דערויף.

נאָך דער שילדערונג, וואָס יאָזעפוס גיט וועגן דער שטאַרקער שמירה, אין וועלכער הורקנוס האָט זיין פּאַלאַץ איינגעהילט, שרייבט ער פאָלגענדעס:

„און די אורזאַכע פאַרוואָס ער האָט געבויט דעם שלאָס אויף אַזאַ אופן איז אַ גוטע געוועזן. דאָס איז אַלץ געטאָן געוואָרן, כדי ער זאָל זיך קענען פילן זיכער. ווארים ער האָט מורא געהאַט, זיינע ברידער זאָלן אים ניט באַלאַגערן, ער זאָל ניט אַריינפאַלן צו זיי אין די הענט. ער האָט אויך געבויט אַ סך הויפן אין שלאָס, וועלכע ער האָט באַצירט מיט זייער גרויסע גערטנער. דעם דאָזיקן שלאָס זיינען האָט ער גערופן טירה. דער דאָזיקער פּלאַץ האָט זיך געפונען צווישן אַראַביען און יהודה ניט ווייט פון דער פּראָווינץ חשבון".

דאָס דאָזיקע אָרט ווערט איצט גערופן ערק אל אמיר און מיט אייניקע צענדליק יאָר צוריק האָט מען געפונען רעשטלעך פון דעם דאָזיקן שלאָס, און טאָוולען, אויף וועלכע עס איז געווען אויסגעקריצט דער נאָמען טוביה, וואָס לויט דער מיינונג פון דעם באַרימטן אַרכיאָלאָג קעלערמאַן גאַנו איז דאָס דער העברעאישער נאָמען פון הורקנוס. הורקנוס, איז לויט זיין מיינונג, נאָר דער גריכישער נאָמען זיינער געווען. פון דעם אָבער, וואָס אויף דעם שלאָס איז געווען אויסגע־קריצט דער נאָמען טוביה, איז כלל ניט קיין סימן, אַז הורקנוס איז נאָר דער גריכישער נאָמען פון בן יוסף געווען, אַז ער האָט אויך דעם העברעאישן נאָמען פון טוביה געטראָגן. עס קען זיין, אַז הורקנוס

האָט דעם דאָזיקן נאָמען אויסגעקריצט אויף זיין פּאַלאַץ, ווייל דאָס איז דער פאַמיליען נאָמען געווען פון דער גאַנצער משפחה זיינער, ווי מיר זעען, אַז די אַלע ברידער זיינע און קרובים האָט מען מיט דעם נאָמען בני טוביה גערופן.

---

הורקנוס האָט געהערשט זיבן יאָר אין יענע טעריטאָריעס, די לעצטע זיבן יאָר פון דער הערשאַפט פון סעלייקאָס, דער זון פון אַנטיוכוס דעם גרויסן.

אַזוי וויזט אויס פון יאָזעפוס.

מען קען אָבער אויך אָננעמען דעם הלויס אויסטייטשונג, טראָץ דעם, וואָס מיר מוזן דורכאויס פאַרוואַרפן זיין באַהויפּטונג, אַז פון זינט אָן הורקנוס האָט פאַרלאָזן צום ערשטן מאָל ירושלים, דורך די פאַר־פאָלגונגען פון זיינע ברידער ביז צום טויט זיינעם, האָט ער די גאַנצע צייט פאַרבראַכט אין עבר הירדן — אַז די זיבן יאָר, וואָס יאָזעפוס גיט פאַר דער הערשאַפט פון הורקנוס אין עבר הירדן, באַציען זיך נאָר אויף זיין הערשאַפט פון זיין שלאָס אַרויס, וואָס ער האָט אויפגעבויט. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז וואָס אַמבאַלאַנגט זיין הערשאַפט אָדער אויפהאַלטן זיך בכלל אין עבר הירדן האָט זי זיך אָנגעהויבן נאָך מיט אייניקע יאָר פריער.

און אַזוי שרייבט אויך רענאַן „נאָך אַ לעבן פול מיט שטורמדיקע פּאַסירונגען, אַ טייל פון וועלכן איז אַוועקגעגאַנגען אין מלחמות מיט די נבוּאנער אַראַבער, האָט הורקנוס אויסגעבויט אין דעם פעלז נעבן חשבון אַ באַפעסטיקטן זיכערונגס פלאַץ פאַר זיך, וועלכער איז ביז צו היינטיקן טאָג דער וואונדער פון די וואַנדערער“.

און אגב —

רענאַן שרייבט, אַז הורקנוס האָט אַ נאָמען געגעבן די פעסטונג „צורי“ — מיין פעלז. און אָט דער נאָמען גיט אים — רענאַנען — אַ גרונד צו דענקען, אַז הורקנוס האָט ניט באַלאַנגט צום קלאַס פון פרומע ערלעכע אידן. ווארים אַן אמתער פרומער איד, פאַרזיכערט רענאַן, וואָלט געגעבן דעם נאָמען צורי נאָר צו גאָט אַליין. און טאָמער איז דער סימן אַליין נאָך ווייניק האָט ער נאָך אַ סימן: דאָס, וואָס הורקנוס האָט זיך גענומען דאָס לעבן אויס מורא, אַנטיוכוס זאָל אים ניט איבערגעבן אין די הענט פון די אַראַבער, זיי זאָלן פון אים נקמה נעמען. אַ איד זאָל זיך נעמען דאָס לעבן, פאַרזיכערט אונדז רענאַן,

איז געווען אַ גרויסע זינד אין יענער צייט. ער באַהויפּטעט דעריבער, אַז הורקנוס בן יוסף איז אַן צווייפל געווען איינער פון יענע אידן, וועלכע זיינען געווען באַזעלט פון גריכישע אידעען און זיי האָבן זיך געאייגנט גריכישע מאַנערן.

דאָס אַלעס איז אָבער מער ניט ווי גויאישער פּלפּול, גויאישער אין דעם זין, וואָס עס ווערט אפּעריערט מיט פאָרמולען פון אידישע אנשויאונגען, האַלטנדיק אַן אויג נאָר אויף דעם אויבנאויפיקן, דערצו נאָך פון זיי — פון די, וואָס אפּערירן מיט זיי — פאַרשטיינערטן, פאַרגליווערטן אינהאַלט זייערן, ניט האָבנדיק קיין זין, קיין אַנונג פון דער עלאַסטישקייט, פון דעם רייכן, פילפאַרביקן פּסיכישן לעבן זיינעם.

הורקנוס איז אַ „מאבד את עצמו לדעת" געווען, איז אַ סימן אַז ער איז אַ „שלעכטער" איד געווען, אַז ער האָט צו די מתיונים באַלאַנגט. זיי — די מערסטע פון די גויאישע געלערנטע, — האָבן קיין זין ניט פאַר דיסטאַנץ אין אונדזער געשיכטע. אַלעס ווערט אין איר פאַר זיי אויסגעמישט. מען געפינט די אנשויאונג וועגן אבוד עצמו לדעת אין דער אַלטער אידישער ליטעראַטור, איז רעכט צו דענקען, אַז זי האָט שוין דאַן אין די צייטן פון הורקנוס, ווען די תלמודישע עטיק האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו פאָרמירן, האָט ערשט אָנגעהויבן איר ווירקונג אויסצואיבן אויף דעם אידישן פאָלק, אַ פולן לעבן אין עטישן באַ־וואוסטזיין פון אַלס אידישע יחידים געלעבט; ווערט רעכט צו דערקלערן הורקנוסן, צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך דאָס לעבן גענומען, אַלס פריידענקער, אַלס אַסימילירטער איד, פונקט ווי אָט יענע אַלע אידן, וואָס האָבן ריזיקירט מיט זייער חלק לעולם הבא, וואָס זיינען ווען מאבדים עצמם לדעת געווען, זיינען געווען שטענדיק נאָר אַזוינע, וואָס האָבן אין עולם הבא ניט געגלויבט. פונקט, ווי אויסער אין די פעלע פון בולטן און ניט בולטן קדוש השם איז קיינמאָל ניט פאָרגעקומען אונטער דער ווירקונג פון גרויסע קאַטאַסטראָפאַלע אומשטענדן קיין אבוד עצמו לדעת ביי אידן. פונקט ווידער, ווי דער אבוד עצמו לדעת פון הורקנוס איז אַן אַקט, וואָס מוז דורכאויס פאַראורטיילט ווערן פון אַ טראַדיציאָנעלן אידישן שטאַנדפּונקט. רעגאַן איז זיכער, אַז הורקנוס קען ניט באַטראַכט ווערן אַלס אמתער איד, ווייל ער האָט זיך דאָס לעבן גענומען. מער זיכער איז אָבער, אַז דער פרומסטער איד אפילו מוז אויפנעמען די טראַגישע געשיכטע פון אַ אידישן הערשער, וועלכער האָט זיך דאָס לעבן גענומען, כדי ער זאָל ניט דאַרפן שטאַרבן מיט אַ שענדלעכן טויט פון דער האַנט פון אידישן שונא, אַלס אַן אַקט,

אין וועלכן עס איז, וויניקסטנס, אַ געוויסער גראַד פון קדוש השם פאַראַן.

לויט דעם וואָס מיר ווייסן פון זיין לעבן און וועגן דעם, ווער עס זיינען זיינע פריינט און זיינע שונאים געווען איז צו זען, אַז ער האָט צו די שומרי תורה און שומרי מצוה באַלאַנגט. זיין גורל איז מיט זייער גורל צונויפגעבונדן געווען און זייער קאַמף איז אויך זיין קאַמף געווען. אויב ער האָט זיך ניט צווישן די גאָר פרומסטע פון די פרומע אידן געציילט, האָט ער זיך זיכער אויך ניט צווישן די מתיונים געציילט. אויב ער האָט זיכער אַ גרויסע בילדונג פאַרמאָגט און האָט געוויס געאייגנט זיך די מאַנערן פון אַ גריכישן אַדעלמאַן, איז ער אָבער צוזאַמען דערמיט אויך אַן אמתער און ערלעכער איד געווען.

כ״ג

# הורקנוס טויט

דער אויפקום פון די מתייוונים. — אנטיוכוס עפיפאַנוס, דער ערשטער אַנטי־סעמיטישער הערשער אין אונדזער געשיכטע. — די מתייוונים פאַרטרייבן חוניו דעם דריטן פון זיין כהן גדול אַמט. — די נעץ פון מסירות, וואָס די בני טוביה האָבן איבער הורקנוסן פאַרשפּרייט. — דר. קלויזנערס מיינונג, אַז הורקנוס איז דער מחבר פון ספר „קהלת".

אַרום די יאָרן פון סעלייקוס טויט זיינען גרויסע ראַדיקאַלע ענדע־רונגען פאָרגעקומען אין יהודה. די פּאַרטיע פון די מתיונים איז אַלץ מער שטאַרקער געוואָרן צו יענער צייט. און וואָס מער זי האָט אַ פעסטן באָדן אונטער אירע פיס געפילט, אַלץ מער זיינען אירע אַמביציעס, ראַדיקאַלע אַסימילאַציע מיט דער גריכישער לעבנס־פירונג צו פאַרווירקלעכן אין יהודה, זיך צעוואַקסן. זיי האָבן אָנגעהויבן אַ געיעג אויף די אַלע באַרימטע פאַרשטייער פון די יידן אין יהודה, אַ פאַרניכטונגס קאַמף קעגן זיי צו פירן, באַנוצנדיק זיך אין דעם דאָזיקן קאַמף מיט די נידעריקסטע און געמיינסטע מיטלען. און די העכסטע שטופע זיינען האָט דער דאָזיקער קאַמף זייערער דערגרייכט, ווען אַנטיוכוס עפיפאַנוס, דער ערשטער אַנטיסעמיטישער הערשער אין אונדזער לאַנגער מאַרטירער געשיכטע, וואָס האָט זיך פאַרלייגט דאָס אידנטום אַלס רעליגיע, אַלס קולטור פון דער וועלט אומברענגען, האָט דעם טראָן נאָך זיין ברודערס טויט סילייקוס געירשנט. זיי האָבן דאַן אַ פרייע האַנט געהאַט זייערע שמד בייזוויליקייטן אָנצופירן, אומ־באַגרעניצטע מעגלעכקייטן, צו באַזייטיקן פון עפנטלעכן לעבן יעדן איינעם, וואָס האָט זיי געקענט שטערן אין דער פאַרווירקלעכונג פון זייערע פלענער; יעדן איינעם, וואָס האָט זיך זיי אַנטקעגן געשטעלט אין דער אַרבעט זייערער די אידישע אמונה מיט די וואָרצלען אויס־צורייסן. אָט אַזוי האָבן זיי באַלד, ווי אַנטיוכוס עפיפאַנוס איז דער הערשער אין סיריען נאָך דעם טויט פון זיין ברודער געוואָרן, פאַר־טריבן דעם ערלעכן און פרומען חוניו דעם דריטן פון זיין אַמט אַלס

כהן גדול דורך געמיינע אינטריגעס, בלבולים און מסירות. און די נעץ פון זייערע מסירות און אינטריגעס האָבן זיי אויך פאַרשפּרייט איבער הורקנוסן. די ברידער זיינע מיט אַט יענע אַלע עלעמענטן, וואָס זיינען געגאַנגען צוזאַמען מיט זיי, האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַנטיוכוסן, אַז הורקנוס רעגירט אין עבר הירדן אין נאָמען פון די תלמעער און האָבן אים אויפגעפאָדערט צושיקן אַן עקספּעדיציע קעגן אים. ביי הורקנוסן האָט קיין צווייפל ניט געקענט זיין, אַז אַנטיוכוס וועט דעם פאַרלאַנג פון זיינע פּאָליטישע שונאים נאָכגעבן און ער האָט פאַר זיך קיין שום האָפנונג ניט געקענט זען פון די נעגל פון אַנטיוכוס זיך צו באַפרייען. אַרום דער צייט, ווען סעלייקוס איז געשטאָרבן, איז אויך געשטאָרבן זיין פריינד און באַשיצער, פון וועמענס האַנט ער האָט די הערשאַפט אין עבר הירדן דערוואָרבן, תלמי עפּיפאַנוס, איבערלאָזנדיק די מלוכה זיינע אין די אומדערפאַרענע הענט פון זיינע צוויי זין, וועלכע זיינען נאָך ביידע זייער יונג אין יאָרן געווען. עס איז געווען קלאָר פאַר אים, פאַר הורקנוסן, אַז ניט נאָר וועט אים עגיפּטן קיין הילף ניט געבן, ער זאָל קענעןביישטיין די אַטאַקע אויף אים פון אַנטיוכוס, נאָר אַז אויך זי אַליין וועט דאַרפן גאָר גיך אַ שווערן קאַמף פירן פאַר איר עקזיסטענץ, אַז אויך איר זעלבסטשטענדיקייט וועט גאָר גיך אין געפאַר געשטעלט ווערן דורך דעם קומען צו מאַכט פון אַנטיוכוס.

און ווען דאָס אַלעס אַז פאַר הודקנוסן קלאָר געוואָרן, האָט ער באַשלאָסן צו נעמען זיך דאָס לעבן. איידער שטאַרבן, ווי אַ געפאַלענער, איידער אַריינפאַלן אין די הענט פון זיינע שונאים און זען די חדוה זייערע פון דער נקמה, וואָס זיי האָבן אין אים דערלעבט, איידער שטאַרבן ווי אַ געשלאָגענער, האָט ער אַליין אַ סוף צו זיין לעבן געמאַכט, נאָך איידער דער שונא האָט אויף אים זיינע פיילן געצילט, ניט געבנדיק אים די געלעגנהייט מיט שפּאָטישע בליקן דעם טויט זיינעם באַגלייטן.

---

הורקנוס, דער אינגסטער זון פון יוסף בן טוביה האָט, ווי עס וואָלט אין דעם עפּעס אַ מין פאַרגיטיקונג געווען פאַר דעם טראַגישן לעבן און טויט זיינעם, פאַר די ניט דערפילטע אַמביציעס זיינע, גרויס מזל געהאַט, ער זאָל אין פילע פאַרשידענע דראַפּירונגען פון בלענדנדער גרויסקייט איינגעהילט ווערן. אַט אַזוי דערקלערן אייניקע, אַז ער האָט זיך אַלס משיח בן יוסף באַטראַכט, און דער פּאַלאַץ, וואָס ער האָט

אויסגעבויט ווערט פאַררעכנט, ווי אַ מין אויסגעבויטער בית המקדש אין עמון.

און דר. קלויזנער, פריער אין זיין „היסטוריה ישראלית" און אין פילן יאָרן אַרום אין זיינעם אַן אַרטיקל אין „השלוח", פאַרטיידיקט מיט עקשנות די מיינונג זיינע, אַז הורקנוס איז דער מחבר פון ספר „קהלת". זיין אַרגומענטאַציע צו באַרעכטיקן זיין צושרייבן דעם ספר „קהלת" צו הורקנוסן איז פאָלגנדע: הורקנוס בן יוסף איז געווען איינער פון די געבילדעטסטע מענער אין יהודה, וואָס האָבן זיך מיט דעם שטודיום פון פילאָזאָפיע באַשעפטיקט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט די אַלע מזרח אינטעליגענטן צו יענער צייט, און ער איז באַרימט געווען אַלס פקח, אַז עס פלעגן וועגן אים קלוגע אַנעקדאָטן און איינפאַלן דערציילט ווערן. מיר זעען ווידער, אַז דער שלאָס זיינער איז ענלעך לויט די שילדערונגען, וואָס ווערן אונדז וועגן אים געגעבן צו די שילדערונגען, וואָס מיר געפינען אין קהלת ב׳. דאַן קומט דער פאַקט, וואָס אויך ער איז פון גרויסן יאוש באַהערשט געווען, וועלכער האָט אים אויך ביז צו זעלבסטמאָרד געטריבן. דערצו זעען מיר אויך, אַז ער איז געווען אַ נאַציאָנאַלער איד, וואָרים ער האָט געהאַט אַ אידישן נאָמען, טוביה, וועלכער איז אויף זיין שלאָס אויסגעקריצט געווען, אויסער דעם נאָמען הורקנוס, וואָס ער האָט געטראָגן. דאַן ווידער איז ער אויך אַ פרומער אין רעליגיעזן זין געווען און קעגנער פון התיוונות און חוניו דער דריטער האָט עדות געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַן אדם חשוב. אָט די אַלע אומשטענדן, דענקט דר. קלויזנער, דאַרפן אונדז פירן צו דער איבערצייגונג, אַז הורקנוס איז דער מחבר פון ספר קהלת, וואָס אַ שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר האָט אים צוגע־שריבן צו שלמה המלך, און האָט אים מער פרום צוגעפּאַרבט.

די דאָזיקע השערה זיינע איז אָבער פון אַלע די, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף איר, פאַרוואָרפן געוואָרן.

עס דאַרף אָבער דאָך געזאָגט ווערן, אַז אויסער דער מאָטיוו, וואָס די טראַדיציע אונדזערע איז מייחס קהלת צו שלמה המלך, איז מצד הסברא וההגיון קיינע ענטשיידענע אַזוינע אַרגומענטן פאַראַן, דורך וועלכע מיר זאָלן געצוואונגען זיין זי צו פאַרוואַרפן. פאַרקערט, די אַלע אָפּווענדונגען, מיט וועלכע מען אַפּערירט קעגן איר, ווייזן זיך אַרויס נאָך אַ געהעריקן אַנאַליז פון זייער אינהאַלט אַלס צו שוואַך, צו גרונטלאָז, זיי זאָלן קענען זייער צוועק דערגרייכן. די אַרגומענ־טאַציע פון דר. קלויזנער, טראָגט דעם וואָס אַ פּאָר באַווייזן זיינע

דאַרפן פאַרוואָרפן ווערן, קען ביישטיין די פיילן, וואָס ווערן אין איר געצילט, און אויב מען קען דאָך ניט די באַהויפּטונג פון דר. קלויזנער וועגן דעם, ווער עס איז דער מחבר פון ספר קהלת געווען, אַלס פּאָזי־טיוון פאַקט אָננעמען, האָט זי אָבער דאָך אַלע פּריווילעגיעס פון קענען אַלס השערה אַקצעפּטירט ווערן.

עס דאַרף אָבער באַמערקט ווערן, אַז דער קרעדיט פאַר דער דאָזיקער השערה קומט ניט איינגאַנצן דר. קלויזנער. פאַר אים נאָך איז די דאָזיקע השערה געמאַכט געוואָרן פון רענאַנען. אמת ביי רענאַן קומט די דאָזיקע השערה נאָר אַלס אַן „הווה אמינא״, כבונו כך סותרו. ער אַליין פאַרוואַרפט זי באַלד אויף דעם מאָמענט, ווי זי ווערט פון אים אַרויסגעזאָגט צוליב דעם, וואָס ער גלויבט, אַז קהלת איז אַ פּראָדוקט פון אַ סך שפּעטערער צייט. עס קען אָבער דאָך פון אים ניט אַוועקגענומען ווערן דער קרעדיט, וואָס קומט אים אַלס גורם בדבר, און דר. קלויזנער, וועלכער איז אויף אַזויפיל תלמיד מובהק פון רענאַן אין פילע הינזיכטן, וואָלט זיכער געווען דערמאָנט רענאַנס נאָמען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַהויפּטונג זיינער, אַז הורקנוס בן יוסף איז דער מחבר פון קהלת — ווען ער זאָל אין דעם געווען ניט פאַרגעסן.

כ״ד

# הורקנוס אין די לעצטע נבואות פון זכריה

הורקנוס אַלס נביא. — אברהם קראָכמאַלס באַהויפּטונג, אַז הורקנוס איז אויך אין די נביאים פאַרטראַטן. — זיינע אַמביציעס לויט קראָכמאַלן. — די קאַפּיטלעך אין זכריה, וואָס ער שרייבט־צו צו הורקנוסן. — אייניקע פון די נבואות, וואָס געפינען זיך אין זיי, האָט הורקנוס אַליין פאַרשפּרייט איידער זיין פּאָליטישע מפּלה איז געקומען. — דאָס קאַפּיטל י״ב אין זכריה רעדט פאַר הורקנוסן און דאָס קאַפּיטל י״ג קעגן אים.

און אויב דר. קלויזנער שטעלט הורקנוסן אַרויס פאַר אונדז אַלס בעל רוח הקודש, אַלס באַטייליקער אין כתובים, ווערט ער פון קראָכ־מאַל דעם זון אַרויסגעשטעלט אויך אַלס נביא. לויט אים באַך קומט אויס, אַז הורקנוס איז אויך אין די נביאים פאַרטראָטן. לויט ווי ער שיל־דערט אונדז אייניקע מאָמענטן אין לעבן פון הורקנוסן, האָט דער לעצטער געהאַט די אַמביציע צו ווערן אַ קעניג אין יהודה. ווען דער מלך הצפון — שרייבט קראָכמאַל, באַנוצנדיק זיך דערמיט מיט דעם סגנון פון דניאל — אַנטיוכוס דער גרויסער, האָט זיך צוריקגעקערט און האָט אַרויסגעשטעלט אַ פיל גרעסער חיל, ווי דאָס ערשטע חיל איז געווען, און פילע האָבן זיך קעגן דעם מלך פון דרום־מצרים געשטעלט, האָט הורקנוס דאַן דעם געדאַנק זיינעם געגעבן דערויף, ער זאָל ווערן מלך אין ארץ ישראל מיט דער הילף פון אַ טייל פון דער ארץ־ישראל אַריסטאָקראַטיע. און ער האָט מיט זיין נביאות זאָגן געוועקט דאָס פאָלק, זיי זאָלן אים וועלן אַלס זייער מלך קרוינען, מחמת דעם, וואָס ער שטאַמט פון בית דוד, און זאָלן צושטיין צו תלמיס חיל העלפן זיי באַקעמפן אַנטיוכוס דעם גרויסן. צוליב די דאָזיקע אַמביציעס זיינע האָט ער אָבער געמוזט פאַרלאָזן ירושלים. דער כהן גדול מיט דעם צד בראש פון וועלכן די ברידער פון הורקנוסן זיינען געשטאַנען, וואָס זיינען פאַר דער הערשאַפט פון די מלכי סוריא געווען, האָבן אים פון ירושלים פאַרטריבן. און אַט אויף דער דאָזיקער פאַסירונג —

ברענגט ער, קראכמאל, אין נאָמען פון יאסט און הערצפעלד, איז עס מרמז דער פסוק אין דניאל „ובני פריצי עמך ינשאו להעמיד חזון ונכשלו" — און די זין, די פאַרשייטע פון דיין פאָלק וועלן זיך פּרואוון די נבואה צוריקשטעלן און זיי וועלן געשטרויכלט ווערן.

און אויף דעם סמך פון דער דאָזיקער הנחה און אין פאַרבינדונג מיט דעם, וואָס דער פאָטער זיינער זאָגט, אַז אָט די אַלע נבואות פון זכריה, וואָס מיר וועלן באַלד דערמאָנען, זיינען געזאָגט געוואָרן אויף דער צייט, ווען עס זיינען אָנגעגאַנגען די מלחמות צווישן די סעלייקעער און די תלמעער, שרייבט ער צו קראָכמאַל דער זון די אַלע נבואות, וואָס געפינען זיך אין די קאַפּיטלעך ט, י, י"א, י"ב פון זכריה צו הורקנוסן אָדער צו איינעם פון זיינע מענטשן, וואָס האָט אין זיין נאָמען גערעדט, און דער „רועה אויל" אָדער „רועה אליל", דער נאַרישער אָדער נישטיקער פּאַסטוך, וואָס דער נביא שעלט אים מיט טויטע קללות, אַז אַ שווערד זאָל זיין אָרם און דאָס רעכטע אויג זיינס טרעפן, זיין ארם זאָל איינגעדאַרט ווערן און זיין רעכטע אויג זאָל דונקל ווערן", איז דאָס דער כהן גדול חוניו דער צווייטער.

די דאָזיקע נבואות, זאָגט קראכמאל, האָט הורקנוס איינער פון זיי פאַרשפּרייט איידער ער האָט זיין פּאָליטישע מפּלה געהאַט, און איניקע פון זיי נאָכדעם, וואָס ער איז באַזיגט געוואָרן פון זיינע פּאָליטישע שונאים און איז אַנטלאָפן קיין מצרים. דאָס גאַנצע קאַפּיטל י"ב ענטהאַלט לויט אים נאָך די נבואה פון הורקנוסן וועגן דעם, ווי זיינע מענטשן וועלן צוזאַמען מיט דעם חיל פון תלמי באַלאַגערן ירושלים, ניט דערויף אָבער זי זאָל חרוב ווערן, עס זאָל נקמה גענומען ווערן פון אירע איינוואוינער, נאָר דערויף, זי זאָל אונטערגעוואָרפן ווערן אונטער זיין הערשאַפט, עס זאָלן די צעריסענע גלידער פון אידישן פאָלק צוריק באַהעפט ווערן איינער אין צווייטן, עס זאָל שלום געשלאָסן ווערן אין די רייען פון די זיך באַקעמפנדע פּאָליטישע צדדים אין יהודה דורך זייער אנערקענען אים אַלס זייער מלך.

„גם על יהודה" — ווערט געזאָגט אין אָנהויב פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל — „יהיה במצור על ירושלים" — אויך יהודה וועט זיין אין דער באַלאַגערונג פון ירושלים „ואמרו אלופי יהודה בלבם אמצה לי יושבי ירושלים בה' צבאות אלהיהם". די האַרן פון יהודה, דער טייל פון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע, וואָס וואוינט חוץ לירושלים און וועט אויף זיין — פון הורקנוס — ראַט גיין קומען העלפן תלמיס חיל, וועלן זאָגן: איך וועל — יעדער איינער וועט אַזוי זאָגן — דעם

איינוואוינער פון ירושלים אָנהעפטן אין גאָט, מיט מיין באַלאַגערן מיין איך נאָר לשם שמים, גאָטס ווילן דורכפירן. ווארים זיי וועלן ניט חרב מאַכן ירושלים. „זיי וועלן ברענען רעכטס און לינקס די פעלקער, קעגן וועלכע זיי וועלן קעמפן". נאָך אַלעם דעם אָבער איז „וישבה ירושלים תחתיה בירושלים" — וועט ירושלים אויף איר אָרט בלייבן שטיין, ווי געווען. אמת, אַז גאָט וועט העלפן די „אהלי יהודה", די געצעלטן פון יהודה, דאָס הייסט הורקנוסן מיט זיינע מענטשן, וואָס וועלן זיך געפינען מחוץ לירושלים, „בראשונה" צו ערשט, „למען לא תגדל תפארת בית דוד ויושבי ירושלים", כדי עס זאָל ניט גרעסער זיין די שיינקייט פון בית דוד, פון די מיטגלידער פון זיין פאַמיליע, וואָס האָבן אים קעגנערשאַפט אַרויסגעוויזן און פון די איינוואוינער פון ירושלים, וואָס האָבן אין זיין — הורקנוס — ראַט ניט געוואָלט גיין, „על יהודה" איבער יהודה, איבער דער אַריסטאָקראַטיע און דעם פאָלק, וואָס וואוינען מחוץ לירושלים. די דאָזיקע ישועה זייערע וועט אָבער ניט גורם רעה זיין דעם ישוב ירושלים. ווארים די ישועה פון די אהלי יהודה וועט אויך זיין פאַר דעם יושב ירושלים. „ביום ההוא יגן ה׳ על יושב ירושלים", אין יענעם טאָג וועט גאָט זיין שטיצע געבן צום איינוואוינער פון ירושלים, כאָטש הייסט עס זיי זיינען זיך שלעכט באַגאַנגען מיט הורקנוסן. וואָרים ער וועט סיי ווי שוין איצט חרטה האָבן אויף זיין פריערדיקער אויפפירונג. „והיה הנכשל( ביום ההוא כדוד", דער געשטרויכלטער, הורקנוס, וואָס איז פריער געשטרויכלט געוואָרן ביי זיי, וועט זיין ביי זיי איצט אַזוי חשוב, ווי דוד. ווארים „ושפכתי על בית דוד", איך וועל משפיע זיין אויף דעם בית דוד, אויף די מיטגלידער פון מיין פאַמיליע אַ גייסט פון חן און תחנונים פון ליבע און געבעט צו מיר און זיי וועלן קוקן צו מיר, ווען זיי האָבן פריער געשטאָכן, וואָס זיי האָבן מיך געוואָלט הרגענען, ווען איך בין געקומען צוריק פון תלמין — ביי קראכמאל: „כאשר נסה להעמיד חזון" — און קלאָגן איבער מיר, ווי מען קלאָגט אויף אַן איינציקן „ביום ההוא יגדל המספד בירושלים כמספד הדרימון בבקעת מגידון" — אין יענעם טאָג וועט גרויס זיין דאָס קלאָגן אין ירושלים ווי דאָס קלאָגן פון הדרימון אין טאָל פון מגידון.

און אָט אַזוי ציען זיך די נבואות זיינע ביז צום קאַפּיטל י״ג.

דאָס קאַפּיטל י״ג אָבער, זאָגט קראכמאל, איז די באַמערקונג פון לעצטן חוזה, וועלכער פאַרדאַמט שאַרף אי דעם חוזה פון בית דוד און דעם פאַסטוך, דעם פירער, דעם כהן גדול, מיט וועלכן ער הורקנוס

האָט זיך אַרומגעקריגט. דער דאָזיקער חוזה זאָגט: „ביום ההוא", אין דעם טאָג, וואָס וועט קומען, „אכרית את שמות העצבים מן הארץ", וועל איך פאַרשניידן די נעמען פון די אָפּגעטער פון דער ערד. „גם את הנביאים ורוח הטומאה אעביר מן הארץ", אויך די נביאים און דעם רוח הטומאה וועל איך אַוועקנעמען פון דער ערד. און עס וועט זיין, אַז איינער וועט נאָך נבואות זאָגן, „ואמרו אליו אביו ואמו יולדיו לא תחיה, כי שקר דברת בשם ה׳" — וועלן צו אים זאָגן זיין פאָטער און מוטער, וואָס האָבן אים געבוירן: דו וועסט ניט לעבן, וואָרים פאַלש האָסטו גערעדט אין נאָמען פון גאָט. „ודקרוהו אביו ואמו בהנבאו" — און זיין פאָטער און מוטער וועלן אים דערשטעכן, ווען ער וועט נבואות זאָגן. „והיה ביום ההוא יבושו הנביאים איש מחזיונו בהנבאותו" — און עס וועט זיין אין יענעם טאָג וועלן זיי זיך שעמען די נביאים יעדער איינער פון זיין נבואות, ווען ער וועט נבואות זאָגן „ולא ילבשו אדרת שער למען כחש", און זיי וועלן זיך ניט אָנקליידן אין אַ האָריקן מאַנטל כדי פאַלשקייט צו טרייבן. „ואמר מה המכות האלה בין ידיך" — און מען וועט זאָגן צום נביא: וואָס זיינען דאָס פאַר קלעפּ צווישן דיינע הענט. „ואמר אשר הוכיתי בית מאהבי" — און ער וועט ענטפערן: דאָס זיינען די קלעפּ, וואָס איך בין געשלאָגן געוואָרן פון מיין פאַמיליע. ער וואַרפט מיט שטעך־ווערטלעך אויף דעם חשבון פון הורקנוס און מאַכט שפּאַס פון דעם נביא, וואָס זיינע ברידער און זיין פאָטערס הויזגעזינד האָבן אים געשלאָגן און פון ירושלים פאַרטריבן.

און נאָכדעם וואָס ער האָט זיין שאַרפן אורטייל אַרויסגעזאָגט וועגן הורקנוס, לאָזט ער זיין שאַרף פאַרדאַמונגס וואָרט פאַלן אויף איבער דעם פאַסטוך דעם כהן גדול און זאָגט: „חרב עורי על הרועה ועל גבר עמיתי — שווערד, דערוועק זיך אויף דעם פאַסטוך, אויף דעם כהן גדול. הך את הרועה ותפוצנה הצאן — שלאָג דעם פאַסטוך און זאָלן זיך די שאָף פאַרשפּרייטן.

דער מחבר פון דאָזיקן קאַפּיטל פאַרדאַמט זיי ביידן צוליב דער מחלוקת, וואָס זיי האָבן געבראַכט אין אידישן לעבן, צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געשטערט דעם שלום אין לאַנד.

און די פאַרדאַמונגס ווערטער זיינע בכלל וועגן נבואה, דאָס, וואָס ווערט אַרויסגעשטעלט דורך אים אַלס זיין טרוים, אַלס איינע פון זיינע בעסטע האָפענונגען, די צייט, ווען די נבואה וועט אָפּגעטאָן ווערן פון לאַנד, דאָס, וואָס ער רעדט אין איין אָטעם וועגן די נביאים און דעם

רוח הטומאה, איז דאָס דערפאַר, וואָס אין דער צייט פון חתימות התנ״ך זיינען די אַלע רעליגיעזע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק געווען שאַרפע קעגנער פון דעם פאַרזוך פון אייניקע פאָרטצוזעצן דעם נבואה אינ־סטיטוט ביי אידן. פון זינט אָן דער כנסת הגדולה אינסטיטוט איז געקומען אין לעבן פון אידישן פאָלק, האָבן זיך שטענדיק די אַלע מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה ניט נאָר מיט גרויס אומצוטרויען, נאָר אויך מיט גרויס פאראורטיילונג באַצויגן צו די אַלע, וואָס האָבן זיך פאַר נביאים אויסגעגעבן.

און דערפאַר וואָס הורקנוס האָט געוואָלט די ראָלע פון אַ נביא שפילן פאַלט אויך אויף אים — אויף הורקנוסן — שווערער דאָס וואָרט פון חוזה, וואָס האָט זיינע באַמערקונגען צוגעגעבן נאָך די נבואות פון ערשטן, ווי אויף דעם קעגנער זיינעם דעם כהן גדול.

## כ"ה

# וואָס די מפרשים זאָגן וועגן די לעצטע נבואות אין זכריה

די אויסטייטשונג פון די חז"ל און די אַלטע מפרשים אויף דעם קאַפּיטל י"ב פון זכריה. — מלחמת גוג ומגוג און משיח בן יוסף. — וואָס רבי נחמן קראָכמאַל זאָגט וועגן דעם דאָזיקן ענין. — דעם אבן עזראס איינטייטשונגען. —אברהם קראָכמאַלס אויסטייטשונג פון דער פראַזע „כמספד הדדרימון בבקעת מגידו". — די כראָנאָלאָגישע טעותן, וואָס ער מאַכט בנוגע די פּאַסירונגען, וואָס ער באַהאַנדלט.

צוזאַמען מיט דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן געשריבן אין פאָריקן קאַפּיטל, באַדאַרף באַמערקט ווערן, אַז דער אופן ווי קראכמאל טייטשט אויס דאָס קאַפּיטל י"ב פון זכריה, באַזירט אין הויפּט עיקר זיינעם אויף דעם, ווי דאָס דאָזיקע קאַפּיטל ווערט אויסגעטייטשט פון די חז"ל און אַלע מפרשים, כמעט. אָט אַזוי טייטשן זיי אויך די פראַזע „וגם על יהודה יהיה במצור על ירושלים" אין דעם זין, אַז אַ טייל פון די אידן וועט געצוואונגען זיין צו באַלאַגערן ירושלים. און אויך דעם פסוק: „ואמרו אלופי יהודה בלבם" טייטשן זיי איין, אַז עס גייט אויף די אידן, וואָס וועלן זיך געפינען מחוץ לירושלים, באַלאַגערנדיק צו־זאַמען מיט די ניט־אידן ירושלים. אויך די אויסדריקן אהלי יהודה בראשונה און תפארת בית דוד מיינען לויט זיי אויך — די ערשטע: די באַלאַגערנדע אידן און די לעצטע — די באַלאַגערטע. דעם כללו של דבר אָבער פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל, דאָס טעמע, וועגן וועלכן עס ווערט אין דעם גערעדט, דערקלערן זיי אַלס נבואה וועגן דער פאָר־שטייענדער „מלחמת גוג ומגוג" און מיט דעם „והביטו אליו את אשר דקרו", זאָגן זיי, ווערט געמיינט משיח בן יוסף. די באַלאַגערנדע אידן ווידער זיינען לויט זייער אויסטייטשונג ניט די אידן פון יהודה, נאָר פון גלות לענדער.

און וואָס אַמבאַלאַנגט די פריערדיקע קאַפּיטלען, די פריערדיקע לעצטע נבואות, וואָס געפינען זיך אין זכריה, זעען מיר, אַז די אַלע גדולי המפרשים הקדמונים, ווי דער אַלטער קראכמאל האָט שוין אויף דערויף אָנגעוויזן, ווי רש"י, דער אבן עזרא און דער רד"ק, טייטשן אין די מערסטע שטעלן אין זיי, אַז זיי גייען אויף דער צייט פון בית שני און אַז אַממערסטן רעדט זיך אין זיי וועגן די מלכי יון און די

אַלע פּאַסירונגען, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט דורכגעלעבט אונטער זייער ממשלה. אָט אַזוי טייטשן זיי דעם אויסדרוק „על הרועים חרה אפי", אַז ער גייט אויף די מלכי יון". דער אבן עזרא שרייבט דאָרט: „הרועים הם מלכי יון, שהיו מושלים על ישראל". און דער רד"ק שרייבט: „מלכי אַנטיוכוס, שלחצו את ישראל לפני יום שקמו בית חשמונאי עליהם". נאָר לויט רש"י גייט ער אויף די „מלכי נבוכדנצר וסנחרב".

און בנוגע דעם פּסוק „והורד גאון אשור ושבט ממצרים יסור" קומט אויס לויט דעם אבן עזרא — דער רנ"ק שרייבט: קומט אויס לויט זיי אַלעמען — אַז מיט דער באַצייכענונג אשור מיינט דער נביא די סעלייקעאישע מלכי יון, וואָס האָבן איבער סיריע געהערשט און מיט דער באַצייכענונג מצרים מיינט ער די תלמעער פון אַלעקסאַנדריע. ער שרייבט: „שלא ימשלו מלכי יון אשר באשור בישראל, כי יפול פחד ישראל עליהם וככה מצרים".

איינטייטשנדיק ווידער דעם פּסוק — זאָגט דער אַלטער קראַכ־מאַל — „כי דרכתי לי יהודה קשת, מלאתי אפרים" זאָגן זיי, אַז מיט דער באַצייכענונג יהודה, ווערן געמיינט די אידן, וואָס אין לאַנד יהודה, און די אידן, וואָס אין עבר הירדן און אין גליל און אין די לענדער פון די פעלקער מיט דעם נאָמען אפרים.

אין אמתן געפינען מיר אָבער ניט אַז די מפרשים זאָלן דאָס אַלעס אויף יענעם פּסוק זאָגן. מיר געפינען עס אָבער אין אבן עזרא אויף אַנדערע פּסוקים. אויף דעם פּסוק „והגברתי את בית יהודה ואת בית יוסף אושיע", זכריה י, ו, זאָגט דער אבן עזרא, אַז מיט די ווערטער „ואת בית יוסף אושיע" ווערט געמיינט „הבאים מאשור אל בית שני. און אויף דעם פּסוק „והכרתי רכב מאפרים", זכריה ט, י, זאָגט דער אבן עזרא: „וטעם מאפרים הם הבאים מאשור".

און אויף די פּסוקים — ביי קראַכמאַל אין לשון יחיד — „גם היום מגיד משנה אשיב לך, כי דרכתי לי יהודה קשת מלאתי אפרים ועוררתי בניך ציון על בניך יון" מאַכט רש"י: איך זאָג דיר אָן היינט נאָך אַ צווייטע בשורה אַחוץ דער פריערדיקער בשורה פון בנין הבית. און וואָס איז די צווייטע בשורה, וואָס איך קום אייך אָנזאָגן? די דאָזיקע בשורה איז, אַז דער סוף וועט זיין, אַז אַנטיוכוס — רנ"ק ציטירט מלכי יון. אין רש"י איז אָבער, ווי איך ציטיר. און אין רד"ק און אין אבן עזרא: עם יון, יון — וועט צונעמען די מלוכה פון די הענט פון די מלכי פרס און זיי וועלן אייך שלעכטס טאָן און איך וועל אָנטרעטן

אויף יהודה, זי זאָל זיין פאַר מיר, ווי אַ מלחמה בויגן און זיי וועלן מלחמה האַלטן מיט אַנטיוכוס — דער רנ״ק ציטירט: מיט די יונים — אין די צייטן פון די חשמונאים.

„רעכענענדיק זיך מיט דעם פּראָסטן פשט פון די פסוקים — זאָגט קראכמאל — טייטשן כמעט אַלע מפרשים די דאָזיקע נבואות, אַז זיי באַציען זיך אויף די פּאַסירונגען אין אידישן לעבן פאַר דער צייט פון דעם חורבן בית שני. מער ניט אייניקע ציען צו דעם אינ־האַלט זייערן ביז צום חורבן און אייניקע ביז נאָך דעם נצחון פון די חשמונאים״. נאָר דעם ענין פון „שלושת הרועים שמתו ביום אחד״, די דריי פּאַסטוכער, וואָס זיינען געשטאָרבן אין איין טאָג און דער ענין פון מקל נועם און מקול חובלים, די דרייסיק, ווידער, זילבער שקלים — לויט אברהם קראכמאל אַ רמז אויף חוניו דעם צווייטן, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן די 20 אָדער 30 טאַלענטן — וואָס זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אוצר פון בית המקדש, דער נאַרישער פּאַסטוך זיינען אויסנאַמען. לויט רש״י און נאָך אייניקע אַנדערע מפרשים באַציען זיי זיך אויף פּאַסירונגען, וואָס זיינען פאָר־געקומען מיט די מלכים, וואָס האָבן אין דער צייט פון בית ראשון געלעבט. לויט דעם אבן עזרא: אויף די פון עזרא און נחמיה. לויט אַנדערע אָבער באַציען זיך אויך די דאָזיקע ענינים אויף גאָר שפּע־טערדיקע צייטן — לויט אייניקע אויף די צייטן פון די חשמונאים, און לויט אַנדערע אויף די צייטן פון אגריפאס המלך. ער איז עס — זאָגט דער רד״ק אין נאָמען פון אַנדערע מפרשים — דער רועה אויל, וואָס האָט געבראַכט אַספּאַסיונוסן און טיטוסן קיין ארץ ישראל.

און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס מיר האָבן געבראַכט רבי אברהם קראכמאלס מיינונג וועגן דעם, ווער עס איז דער מחבר געווען פון די לעצטע נבואות, וואָס געפינען זיך אין זכריהו וועלן מיר דאָ אויך ברענגען זיין אויסטייטשונג אויף דעם פסוק: „והיה ביום ההוא יגדל המספד בירושלים כמספד הדרימון בבקעת מגידו״.

ער וויל האָבן אַז הדרימון איז דער נאָמען פון אַ גאָט. עס איז באַוואוסט, אַז ביי די אַלע פעלקער, וועלכע האָבן זיך אין שכנהשאַפט מיט די אידן געפונען, פלעגט זיך פירן צו באַהאַלטן איין מאָל אין יאָר אַן אָפּגאָט זייערן און נאָכדעם פאַרגיסן ביטערע טרערן דערויף, וואָס ער עקזיסטירט שוין מער ניט. מען פלעגט דאַן שטאַרק באַוויינען דעם טויט זיינעם. און די צווייטע העלפט פון דער רעליגיעזער צערעמאָניע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט זיך אַוועקגעלאָזט אים זוכן.

און נאָכדעם, וואָס מען האָט אים געפונען, האָט מען זיך זייער געפרייט, וואָס מען האָט אים געפונען אַ לעבעדיקן.

און דער דאָזיקער אָפּגאָט האָט ביי יעדן פאָלק אַן אַנדער נאָמען געהאַט. אייניקע האָבן אים גערופן תמוז, און יחזקאל, ווען ער האָט גערעדט וועגן די פרויען, וואָס באַוויינען דעם תמוז, האָט ער עס אַט יענעם קולט געמיינט. און די פלשתים האָבן אים גערופן „הידד".

די לעצטע באַהויפּטונג זיינע נעמט ער פון דעם פסוק אין ישעיהו אין דער נבואה פון נביא „כי על קיצך ועל קצירך הידד נפל"; ביקבים לא ידרוך הדורך. הידד השבתי". הידד מיינט דאָ — זאָגט קראָכמאַל — אַט יענעם תחית המתים אויפשטייענדן גאָט פון די פלשתים, וואָס בשעת מען האָט אויסגעשריען נאָכדעם וואָס מען האָט אים באַהאַלטן: „הידד נפל", דער גאָט הידד איז געפאַלן, האָבן אַלע אים אָנגעהויבן צו באַוויינען. און בשעת מען האָט אים צוריק געפונען האָט מען אויס־געשריען מיט גרויס פרייד :„הידד". נאָר אויף אַזאַ אופן, זאָגט קראָכמאַל — קען גוט אויסגעטייטשט ווערן דער דאָזיקער פסוק, וועלכן עס איז זייער שווער צו פאַרשטיין. ווארים פריער קומט אויס, אַז הידד איז פון לשון טרויערן. און נאָכדעם קומט אויס, אַז דאָס דאָזיקע וואָרט באַדייטעט פרייד. לויט דער דאָזיקער אויסטייטשונג אָבער איז שוין גוט. דער נביא זאָגט, אַז זייער שניט וועט אין טרויער זיין איינגעהילט גלייך ווי עס וואָלט זיך הערן אויף די פעלדער נאָר דער אויסרוף „הידד נפל". דעם פריילעכן אויסרוף אָבער פון „הידד", אַז „הידד" איז צוריק לעבעדיק געוואָרן האָב איך פאַרשטערט. און אויף דעם סמך פון דעם אַלעם קומט עס קראָכמאַל צום געדאַנק, אַז אויך הדרימון איז דער נאָמען פון אַזאַ גאָט.

לויט קראָכמאַל נאָך זיינען די דאָזיקע אַלע נבואות, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט די גאַנצע צייט, געזאָגט געוואָרן אין די יאָרן וואָס צווישן 220־210. ער שרייבט, אַז הורקנוס איז וואַרשיינלעך געווען איינער פון תלמי דעם פערטנס קאָמאַנדירן אין דעם זיג זיינעם, וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן איבער אַנטיוכוס אין יאָר 216. ווען מיר נעמען אָבער אָן, וואָס יאָזעפוס דערציילט אונדז וועגן דעם געבורט פון הורקנוס, וועט אויסקומען, אַז ווען הורקנוס איז בסך הכל ניט מער ווי אַזוינע צען־צוועלף יאָר אַלט געווען, איז ער שוין אַ קאָמאַנדיר פון מיליטער געווען, אַ זאַך, וואָס איז זייער שווער צו דערלאָזן ביי אַלעם דעם, וואָס מיר וויסן וועגן די גרויסע פעאיקייטן פון הורקנוס. דאַן ווידער איז אויך דאָס, וואָס לויט אים נאָך קומט אויס, אַז חוגיו

דער צווייטער — וואָס קראַכמאַל גיט אָן דאָס יאָר 210 אַלס דאָס יאָר פון זיין טויט — האָט הורקנוסן פאַרטריבן פון ירושלים, קעגן דעם, וואָס יאָזעפוס באַהויפּטעט, אַז דער כהן גדול, וואָס האָט הורקנוסן פון ירושלים פאַרטריבן, איז געווען שמעון דער צווייטער. קראַכמאַל ביגדט צוזאַמען צוויי באַזונדערע פּאַסירונגען, וואָס ווערן ביי יאָזעפוס דערציילט: דער אַנפאַל פון הורקנוס ברידער אויף דעם ערשטן, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון תלמי דעם פערטן, צו וועלכן ער איז געשיקט געוואָרן פון זיין פאָטער יוסף בן טוביה מיט מתנות לכבוד דעם געבורט פון זיין זון תלמי עפּיפאַנוס, און דאָס פאַרטריבן ווערן זיינס פון ירושלים דורך דעם כהן גדול שמעון דעם צווייטן נאָך דעם טויט פון יוסף בן טוביה. די דאָזיקע צוויי באַזונדערע פּאַסירונגען ווערן ביי אים צוויי, איינער באַלד נאָך דעם אַנדערן גייענדע טיילן פון איין פּאַסירונג. און בכלל איז דער פּעריאָד יאָרן, וואָס ער באַשטימט פאַר די נבואות אין זכריה, וועלכע באַלאַנגען לויט ווי ער, קראַכמאַל, וויל האָבן, צו הורקנוס אָדער צו איינעם פון זיינע מענטשן, ניט אָנגעמבאַר. ווארים ביז נאָך דעם טויט פון תלמי דעם פערטן אַרום דעם יאָר 206, האָט אַנטיוכוס ניט באַנייט זיינע מלחמות אויף מצרים. פאַר דעם יאָר 210 האָט ער — הורקנוס — נאָך ניט געקענט שעלטן חוניו דעם צווייטן דערפאַר, וואָס ער זאָל האָבן אים פאַרטריבן פון ירושלים צוליב דעם, וואָס ער זאָל האָבן גערופן צו קעמפן אין די רייען פון תלמין קעגן אַנטיוכוסן אַ פאַר יאָר נאָך דער מפּלה, וואָס ער האָט געהאַט אין ראַפיע אין יאָר 216. אויב ער — קראַכמאַל — האָט שוין יאָ געוואָלט צושרייבן די דאָזיקע נבואות צו הורקנוסן, וואָלט ער באַדאַרפט געווען באַשטימען די יאָרן וואָס צווישן 190־210 אַלס די צייט, אין וועלכער זיי זיינען געזאָגט געוואָרן, און זאָגן, אַז דער כהן גדול, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין די נבואות איז שמעון דער צווייטער, ניט חוניו, וועלכער איז לויט אים נאָך געשטאָרבן אַרום דעם יאָר 210. און בכלל זיינען ביי אים פילע אומפּינקטלעכקייטן און כראָנאָלאָגישע אומריכטיקייטן בנוגע די פּאַסירונגען, וואָס ווערן דאָ איבעראַל באַהאַנדלט. אָט אַזוי איז ביי אים אויך שמעון דער ערשטער, שמעון הצדיק, גאָר איינגאַנצן אַ חסר מן הספר. לויט אים נאָך האָט גאָר אַזאַ שמעון ניט עקזיסטירט. די שלשלת הכהונה הגדולה פון ידוע אָן גייט ביי אים אויף פאָלגנדן אופן: ידוע, אליעזר, חוניו, שמעון הצדיק, חוניו דער צווייטער. עס ווערן ביי אים, אַלזאָ, אויס־געלאָזט צוויי דורות „ חוניו דער ערשטער און שמעון דער ערשטער.